שלמה ווייסמאַן

# דאָס וואָרט

## ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע

אין דריי טיילן.

ע ר ש ט ע ר   ט י י ל

אַרויסגעגעבן פון די
אידישע פאָלקסשולן פון אידיש־נאַציאָנאַלן
אַרבעטער פאַרבאַנד און פועלי־ציון

ניו יאָרק, 1931.

# אינהאַלט


פאָרוואָרט — VII

צו די לערער — X


## העלער מאָרגן


| | | |
|---|---|---|
| שמואליק דער יתום | שלום־עליכם | 5 |
| דער נייער זמן (ליד) | ה. רויזנבלאַט | 12 |
| די קליינע קינדער אין וואַלד | א. ראַבאָי | 14 |
| די פאַבריק | א. רייזען | 16 |
| נח און מאַרינקע | ח. נ. ביאַליק (פון העב.: ש. גינצבורג) | 24 |
| באַמבים קינדער יאָרן | פ. סאַלטען (פון דייטש: ל. האָדעס) | 34 |
| די צוויי ברידערלעך | א. רייזען | 41 |
| צו דער סעודה | שלום־עליכם | 48 |
| דאָס שרעטעלע | מ. ספּעקטאָר | 56 |
| פורים נאָך דער סעודה | ה. ל. זשיטניצקי | 62 |
| נאָך גרינס (ליד) | א. רייזען | 71 |
| דאָס וועלדל | מ. ספּעקטאָר | 71 |
| אין וואַלד | ממו"ס | 77 |


## אַמאָל איז געווען


| | | |
|---|---|---|
| קידוש השם | ש. אַש | 83 |
| דער צענטער צום מנין (ליד) | יהואָש | 87 |
| אויב ניט נאָך העכער | י. ל. פּרץ | 89 |
| רבי אליעזר בן הורקנוס | אגדה (ביאַליק און ראַווניצקי) | 93 |
| אליהו הנביא (פּאָעמע) | מאַני לייב | 96 |
| זיבן גוטע יאָר | י. ל. פּרץ | 98 |
| די שליסלען (פּאָעמע) | ד. פרישמאַן | 102 |
| חורבן ירושלים | ש. אַש | 104 |
| טרייסט | אַגדה (ביאַליק און ראַווניצקי) | 112 |
| מנחם | אַגדה (ביאַליק און ראַווניצקי) | 114 |
| דעם שמשס טאָכטער (באַלאַדע) | ש. ש. פרוג | 116 |
| אליהו און אַחאָב | תנ"ך (יהואָשס איבערזעצונג) | 124 |
| אליהו אויפן באַרג | תנ"ך (יהואָשס איבערזעצונג) | 127 |
| מתן תורה | אגדה (ביאַליק און ראַווניצקי) | 129 |
| משיח דער דערלייזער | פּ. הירשבּיין | 131 |
| דער קראַנקער פינגער | א. רייזען (עפּ"י טעות אריינגעשטעלט אין דער אָפּטיילונג) | 137 |

## לעבן און קאַמף


| | | |
|---|---|---|
| דער שניידער (ליד) | ש. אַנסקי | 147 |
| די קינדער פון פּאַרמאַ | מ. גאָרקי (פון „אַרבעט און קאַמף") | 148 |
| צום מלות (ליד) | א. רייזען | 153 |
| צום ברודער (ליד) | ש. ש. פרוג | 154 |
| דיקס זעלבסטמאָרד | א. ראַבאַי | 155 |
| די ווינטער נויט (ליד) | מאַני לייב | 159 |
| דער ברונעם אין ראשון לציון | ה. ביסין (פון העב.: ש. וו.) | 160 |
| דאָס ערשטע אַקערן | מ. באַריזמאַן (פון העב.: ש. וו.) | 163 |
| ליד פון אַרבעט | ש. ש. פרוג | 166 |
| די וויכטיקייט פון ליטעראַטור | בעל־מחשבות | 167 |
| מיר װעלן קיין קאָרן (ליד) | י. אַדלער | 169 |
| מלחמה | ש. אַש | 170 |
| אָ, גיבער משיח! (ליד) | א. רייזען | 176 |
| ביים גוסס צוקאָפּנס | י. ל. פּרץ | 176 |
| אין מיטן וויסטע (ליד) | א. רייזען | 179 |
| דער אָדלער | פּ. דאָסטאָיעווסקי (פון „דער חבר") | 180 |
| די ערשטע טעג פון פּ"ת (זכרונות) | מ. סמילאַנסקי (פון העב.: ש. וו.) | 183 |
| משיח (ליד) | יהואָש | 187 |


## ביים נייעם ברעג


| | | |
|---|---|---|
| קיין אַמעריקע | מ. סטאַווסקי | 191 |
| צום אַמעריקאַנער ברעג | ש. אַש | 195 |
| דער סוף פון פּאַק (פּאָעמע) | י. י. שוואַרץ | 197 |
| ווייסע הענט | א. ראַבאַי | 202 |
| דער גרוס | ש. אַש | 206 |
| אויף ערד | א. ראַבאַי | 210 |
| מיר סטרייקן | שלום־עליכם | 214 |
| דער אַמעריקאַנער | ש. אַש | 220 |
| דעם פּיאָנערס טויט | י. באַיער (פון ענגליש: ש. וו.) | 224 |

## ל י ר י ק


דער פּאָעט — מאַני לייב — 235
פרילינג טרוים — יהואָש — 236
אַ שטילע פרייד ליגט — י. י. שוואַרץ — 237
זכרונות — מ. ראָזנפעלד — 238
האַרבסט — ל. יפה — 240
אין אַ באַיאַרע — יהואָש — 241
ענדע זומער — ממו"ם — 242
די כנרת — מ. סמילאַנסקי (פון העב.: ש. וו.) — 243
ווינטער לידער — ח. נ. ביאַליק (פון העב.: י. י. שוואַרץ) — 250
אין אַ שליטוועג — מ. ברכהן — 253
גאָט פון אברהם — ה. רויזנבלאַט — 255
אַוועק דער שבת שוין — ד. האָפּשטיין — 256
זונפאַרגאַנג — נחום י. — 257
שבת אין וועג — ש. אַש — 257
ס'האָט היינט אין פעלד — ד. האָפּשטיין — 263
אָנהויב פרילינג — ממו"ם — 264
אינהאַלט פון מחברים — 266
פאַרשלאָגן פאַר שריפטלעכע אַרבעטן — 268
ווערטערביכל פון שווערערע ווערטער — 272


## קונסט־בילדער, וואָס גייען אריין אין דעם בוך:


דאָס קינד שמואל — זש. סלענט — 3
אַ קינד שרייבט — רענואַר — 11
די פאַרזאַמלונג — מאַירא באַשקירצעף — 17
הירשן — קורבעט — 33
ירמיה הנביא — ב. שאַץ — 104
די אַלטע — האָבבעמאַ — 232

# פֿאָרוואָרט

די פֿאָרליגנדיקע כרעסטאָמאַטיע, „דאָס וואָרט" (אין דריי בענדער), וואָס אויף איר צוזאַמענשטעלונג האָט חבר שלמה ווייסמאַן, דער לייטער פֿון די מאָנטרעאָלער אידישע פֿאָלק־שולן, יאָרן־לאַנג געאַרבעט, איז אַ וויכטיקע פֿאַסירונג אינ'ם לעבן פֿון דער אַמעריקאַנער אידישער שול. ווערנדיק, צום גרעסטן טייל, צוזאַמענגעשטעלט אונטער דער אוממיטלבאַרער אויפֿזיכט פֿון דעם צענטראַלן שול־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי פּועלי ציון און אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד (פֿון וועמען עס ווערט אויך אַרויסגעגעבן), איז דאָס ווערק דער אויסדרוק פֿון די אידיש־פּעדאַגאָגישע אָנשויאונגען פֿון די גרינדער פֿון דער אַמעריקאַנישער אידישער פֿאָלק־שול, די פֿאַרקערפּערונג פֿון דער אָנגעזאַמלטער דערפֿאַרונג פֿון אַ סך צענדליק אידישע לערער און שול־טוער.

די איצטיקע כרעסטאָמאַטיע פֿילט אויס אַ זייער ערנסטן חסרון אין דעם אידישן שול־וועזן פֿון אַמעריקע. די כרעסטאָמאַטיעס, וואָס זיינען די לעצטע יאָרן באַנוצט געוואָרן אין דער אידיש־אַמעריקאַנישער שול, זיינען געווען צעשוואומען, אומבאַשטימט. זייער גאַנצער שטרעבן איז געווען אויסצולערנען דעם קינד שפּראַך און אַ ביסל ליטעראַטור, העכסטנס אויך אַ ביסל מדות טובות. זיי זיינען אָבער ניט געווען באַזעלט מיט קיין אידעע, האָבן ניט געהאַט קיין פֿעסטע אָריענטאַציע. דאָס זיינען געווען כרעסטאָמאַטיעס אָן אַ טיפֿערן אידישן אינהאַלט, כרעסטאָמאַטיעס וואָס זייער אידישקייט איז געווען אַ שפּראַכלעך־אויבערפֿלעכלעכע, אַזוי־צו־זאָגן אַן איבערגעזעצטע. האָט זיך טאַקע זייט יאָרן געפֿילט אַ טיפֿע בענקשאַפֿט, סיי ביי אונז אַליין און סיי ביי צענדליקער לערער, נאָך אַ כרעסטאָמאַטיע, וואָס זאָל זיין אידיש ניט נאָר לפֿנים, אָבער אויך אין תוך, נאָך אַ כרעסטאָמאַטיע, וואָס זאָל זיין אידיש פֿאַרוואָרצלט. און די איצטיקע דריי בענדער — זיי זיינען עס דער רעזולטאַט פֿון יענער בענקשאַפֿט, איר דערפֿילונג.

די איצטיקע כרעסטאָמאַטיע ווערט געטראָגן פֿונ'ם וואונטש ניט בלויז צו לערנען, נאָר, דער עיקר, צו דערציען — צו דערציען אידישלעך.

געטריי צו איר טיף־אידישער פֿאַרוואָרצלטקייט, צייכנט זיך די איצטיקע כרעסטאָמאַטיע, קודם כּל, אויס מיט איר אָריגינעלקייט. עס הייסט, אַז פֿאַקטיש אַלץ, וואָס קומט אַריין אין די דריי ביכער, איז אָריגינעל אידיש, איז „פֿון אידישן קוואַל". דער פּראָצענט איבערגעזעצטע זאַכן אין די דריי בענדער איז זייער קליין און אפֿילו דערפֿון איז דער סאַמע גרעסטער טייל פֿון העברעאיש. מיינט עס, ראשית, אַז דער אידיש פֿון די

ביכער איז ניט נאָר אַ ריינע̇ר, אַ לויטערער, אָבער אויך, וואָס איז פאַרן קינד נאָך וויכטיקער, אַ פרישער, אַ קוועליקער, אַז דער שילער ווערט צוגעפירט צום סאַמע האָרן, וואו די אידישע שפּראַך ווערט געשמידט. עס מיינט אויך, אַז די ליטעראַרישע אויסבילדונג וואָס דער יונגער סטודענט קריגט דורך דער כרעסטאָמאַטיע — די געשטאַלטן און סצענעס, וואָס שפּייזן זיין גייסט, די בילדער, דער קאָלאָריט און די ליטעראַרישע פאָרמען וואָס באַרייכערן זיין געשמאַק — איז אַ אידישע; אַז די געדאַנקען, וואָס דרינגען אַריין אין זיין מוח, און די מאָראַל, וואָס זאַפּט זיך איין אין זיין געמיט, זיינען אויסגעהאַקט פונ׳ם אוצר פון דער אידישער מחשבה און געפיל.

און חבר וויסמאַן האָט געהאַקט און געקליבן מיט חשק און טעם. אַזוי, אַז מיר האָבן דאָ דאָס בעסטע און דאָס פאַרשיידנאַרטיקסטע. מיר האָבן דאָ פּאַקטיש פאַרטראָטן אַלע פאָרמען פון דער אידישער פּאָעזיע: ניט נאָר אַ שפע פון דער אידישער ליריק, אָבער אויך מוסטערן פון דער אידישער עפּיק און באַלאַדע. מיר האָבן דאָ אַלע מינים פון דער אידישער פּראָזע: די באַשרייבונג, די סקיצע און די דערציילונג; די היסטאָרישע און ליטעראַרישע עסיי, אַ מוסטער פון דער דראַמע און פונ׳ם פעליעטאָן. עס זיינען פאַרטראָטן אַלע שולן פון אונזער ליטעראַטור: דער ראָמאַנטיזם, דער רעאַליזם, פאַרשיידענע שאַטירונגען פונ׳ם מאָדערניזם. אַלע און אַלץ געפינט דאָ פּלאַץ: דאָס פּאַרצייטיקע, דאָס נייע און דאָס נייסטע. אויך זיינען דאָ פאַרטראָטן פּאַקטיש אַלע לענדער, וואו אידישע ליטעראַטור ווערט געשאַפן.

און דאָך, ווי וויכטיק עס איז דאָס אַלץ, איז דערמיט דער ווערט פונ׳ם איצטיקן ווערק ווייט נאָך ניט אויסגעשעפּט. דער באַזונדערער ווערט פון די דריי ביכער ליגט אין דער אידישער דערציאונג, וואָס זיי אַנטהאַלטן. דאָס פאַרליגנדיקע ווערק איז אַ סך מער איידער אַ ליטעראַ־רישע כרעסטאָמאַטיע — עס איז, צו זייער אַ גרויסן טייל, אַ טעקסט־בוך פון אידישקייט — ברייט, אַלזייטיק און אַ היבש ביסל אויך אַלצייטיק. עס איז אַ שפע פון אידישער אינפאָרמאַציע, בילדלעך פאַרגעשטעלט, קינסטלעריש באַלויכטן. האָבן מיר דאָך דאָ די זעאונגען פון די נביאים, אין זייער גראַנדיעזער פּרימיטיווער קראַפט ווי אויך אין מאָדערנע נאָכ־דיכטונגען; דעם עטיש־פּאָעטישן צויבער פון די אגדות; די הערלעכע פּראַכט פון די אידישע יום טובים. האָבן מיר דאָ די רעליגיעזע בענקשאַפטן און פאַרטיפונגען פון אַמאָל און די סאָציאַלע רעגונגען און שטרעבונגען פון היינט. האָבן מיר אידיליש־וואַרעמע בילדער און געשטאַלטן פון דער אַלטער אידישער סביבה און אויך באַהאַרצטע שילדערונגען פונ׳ם נייעם אידישן לעבן, וואָס וועבט און שאַפט זיך אין נייע וועלטן און לענדער.

דאָס פאַרליגנדיקע ווערק איז אַ שיינענדיקער שפּיגל פון אידישן קולטור־לעבן, אַ קינסטלערישע געאָגראַפיע פון דער אידישער צעשפּרייט־קייט: פון מזרח־איירפּע און אמעריקע, פון אַלטן און נייעם ארץ ישראל, פון סאָוועט־רוסלאַנד און אַרגענטינע. שפּיגלען זיך דאָ אָפּ אַלע אידישע פּראָבלעמען און אינטערעסן: רעליגיעז־עטישע זוכענישן, נאַציאָנאַלע זעלבסט־רעאַליזירונג, עסטעטישע געראַנגען, עקאָנאָמישער איבערבוי, סאָ־ציאַלער קאַמף און רעוואָלוציע.

דאָס פאַרליגנדיקע ווערק, אין דער צייט, וואָס עס איז אַזוי פּראָגרעסיוו, אַזוי אַלמענטשלעך, איז עס אָבער טיף, גרינטלעך אידיש. זיין וויכטיקסטער אויסגאַנג־פּונקט איז אידישע דערציאונג און זיין הויפּט־ציל איז אידישע אָנגעהעפּטקייט. דאָס ווערק שטרעבט צוצו־בינדן דאָס קינד, דעם צאַרט־יונגן אידישן יחיד, צום גרויסן, שטאַרקן אי־דישן כלל, צו דער פולער גייסטיקער און מאַטעריעלער אידישער ווירקלעכ־קייט, צום לעבעדיקן אידישן לעבן. און מיר פילן, אז דער געלונגענער אויס־וואַל פונ׳ם צונויפגענומענעם שטאָף — דאָס פריש־קרעפטיקע אידישע וואָרט, דער צויבער פון דער אידישער דיכטונג, וואָס קלינגען דאָ אַזוי העל און שיין, איז גאַנץ בכח דעמדאָזיקן שטרעבן צו פאַרווירקלעכן.

האָבן מיר דעם פולסטן בטחון, אז חבר וויסמאַנ׳ס כרעסטאָמאַטיע וועט באַגעגנט ווערן מיט פרייד, ניט נאָר אין די שולן פון די פועלי ציון און איד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד, אָבער אויך אין די מייסטע אַנדערע אידישע שולן, ווי אויך אין אַלע יענע אידישע דערציאונג־אינסטיטוציעס, וואו די אידישע שפּראַך און די אידישע ליטעראַטור ווערן געלערנט.

פאַר דעם צענטראַלן שול־קאָמיטעט פון די פועלי־ציון
און אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד,

**יואל ענטין,** פּרעזיצער.

נויאָרק, 29טן מערץ, 1931.

# צו די לערער

דאָס פֿאָרליגנדע בוך איז דער ערשטער טייל פֿון דריי ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיעס פֿאַר די אידישע שולן. דער ערשטער טייל איז צוגעפּאַסט אומגעפֿער צום פֿינפֿטן קלאַס פֿון דער עלעמענטאַר־שול, פֿאַר קינדער פֿון דעם עלטער פֿון 12 יאָר און העכער.

דעם צוזאַמענשטעלערס ציל איז געווען: צו שאַפֿן פֿאַר די מאָדערנע אידישע נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע שולן ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיעס, וואָס זאָלן אנטהאַלטן גוטע ווערק און אויסצוגן פֿון גוטע ווערק פֿון דער אידישער ליטעראַטור, וואָס דורך זיי זאָלן די לערער לערנען זייערע תלמידים ליב צו האָבן, צו פֿאַרשטיין און אָפּצושאַצן גוטע ליטעראַטור — און זיי דערציען אויף די אַלגעמיין־מענטשלעכע און אייגנאַרטיק־נאַציאָנאַלע און קולטורעלע ווערטן, וועלכע קומען צום אויסדרוק אין אונזער ליטעראַטור.

די ביכער זיינען ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיעס. דער הויפּט־ציל איז געווען צו געבן דעם יונגן לעזער פֿון דעם בעסטן אין אונזער ליטעראַטור. דאָס איז געווען דער א׳ און דער ת׳ פֿונ׳ם צוזאַמענשטעלערס אַרבעט. אוודאי איז דערביי געווען די באַוואוסטזיניקע שטרעבונג צו געבן מוסטערן פֿון די ווערק פֿון די הויפּט־בויער און שאַפֿער פֿון אונזער ליטעראַטור; אוודאי און אוודאי זיינען געזוכט געוואָרן ליטעראַרישע מאַטעריאַלן, וואָס וועלן געבן אַ קינסטלערישן אויסדרוק צו געוויסע באַשטימטע אידעאַלן, אַנטפּלעקן געוויסע לעבנס־פֿאָרמען, וואַרפֿן אַזאַ ליכט אויף די זיגזאַגן און אייגנאַרטיקייטן פֿון אונזער אידיש לעבן אין דער פֿאַרגאַנגענהייט און אין דער געגנוואַרט, וואָס נאָר קונסט קען דאָס טאָן אַמבעסטן — דאָך זיינען די ביכער ניט קיין אַנטאָלאָגיע פֿון דער אידישער ליטעראַטור פֿון אַ באַשטימטער תקופֿה און אויך ניט קיין האַנטבוך צום שטודיום פֿון אידישן לעבן און פֿון די אידעאַלן, נאַציאָנאַלע און אַלמענטשלעכע, וואָס זיינען די באַוועג־קראַפֿט פֿון אונזער לעבן און ממילא דער הויפּט־אינהאַלט פֿון אונזער שול. ביים קלייבן דעם מאַטעריאַל פֿאַר די ביכער, זיינען אָט די צוויי וויכטיקע צילן געווען אונטערוואָרפֿן צו אַ הויפּט־פּרינציפּ, — דער ריין קינסטלערישער צוטריט צו אונזער ליטעראַטור. בלויז אין פֿאַל פֿון געצוילטע אויסצוגן האָט דער צוזאַמענשטעלער געמאַכט אַ פּשרה מיט זיין קינסטלערישן געשמאַק צוליב די אויבנגעבראַכטע פּעדאַגאָגישע טעמים. ס׳איז אונזער איבערצייגונג און האָפֿנונג, אַז די צוויי דערמאָנטע צוועקן קענען ממילא אַמבעסטן געדינט ווערן דווקא דורך אַזאַ אויסוואַל פֿון ליטעראַטור־טעקסטן, וואָס ווערט באַשטימט דורך דער ליטעראַטור־קריטישער און עסטעטישער קריטעריע.

דאָס ערשטע בוך באַשטייט פֿון פֿינף אָפּטיילונגען:

די ערשטע: ה ע ל ע ר מ אָ ר ג ן אנטהאַלט שילדערונגען פֿונ׳ם לעבן פֿון קינדער, אינגערע און עלטערע, פֿון זייערע ליידן און פֿריידן און פֿון די מאָמענטן פֿונ׳ם לעבן פֿון די דערוואַקסענע, אין וועלכע זיי זיינען דירעקט פֿאַראינטערעסירט, און וועלכע ווערן דאָ געזען דורך די אויגן פֿון די קינדער. אין דער אָפּטיילונג איז אַריינגעגעבן געוואָרן אויך אַן אויסצוג פֿון דעם שיינעם, פֿרישן בוך פֿון דעם אידיש־דויטשן שריפֿטשטעלער פֿעליקס סאַלטען, הגם דאָס איז אַ שילדערונג פֿון אַ קינד פֿון די בעלי־חיים, — צוליב סיבות, וואָס וועלן אי דעם לערער, אי דעם יונגן לעזער, גאַנץ קלאָר זיין.

די צווייטע אָפּטיילונג: **אַמאָל איז געווען** באַלייכט קינסט־לעריש דעם היסטאָרישן וועג פון אונזער פאָלק, אין דעם ברייטסטן זינען פון וואָרט. דאָ קומען צום אויסדרוק אונזערע נסיונות, אונזער מאַרטיראָלאָגיע, אונזער ליבשאַפט צו דער תורה, די פּאָעזיע פון דער פּאַרציייטיקער וועלט, קרי־טישע מאָמענטן אין אונזער געשיכטע, נאַציאָנאַל־אידישע און אוניווערסאַלע אידעאַלן, וואָס זיינען פאַרקערפּערט אין אונזערע אליהו־הנביא און אַנדערע פאָלקס־מעשיות, אין די אַלטע אידישע אגדות, אין אונזערע משיח־האָפנונגען, אין דעם חסידות, א. א. וו.

די דריטע אָפּטיילונג: **לעבן און קאַמף** אנטפּלעקט פאַר די אויגן פון דעם יונגן לעזער דעם דערנער־וועג פונ׳ם מענטשן — דער עיקר פונ׳ם אָרעמען און אונטערדריקטן מענטשן, און זיין „שיר המעלות ממעמקים“, ווען ער זוכט זיך צו באַפרייען און אויסלייטערן די וועלט פון אַלדאָס בייז. די שטרעבונג צו באַפרייאונג איז דער גרונט־טאָן פון דער אָפּטיילונג. דאָ קומען אויך אריין אַ צאָל אויסצוגן, וואָס שילדערן דעם פּיאָנערן־קאַמף פאַר אַ ניי אידיש לעבן, וואָס אונזער פאָלק פירט אָן אין ארץ ישראל.

די פערטע אָפּטיילונג: **ביים נייעם ברעג** באַלייכט אונזערע ערשטע טריט אויף דער נייער אַמעריקאַנער ערד. מיט ווייניקע אויסנאַמען זיינען די אויסצוגן שילדערונגען פונ׳ם עמיגראַנטן לעבן. אוודאי וואָלט דער צוזאַמענ־שטעלער געוועזן זיין צופרידן אָנצוטרעפן פּאַסיקע, קינסטלעריש־רייפע קרעפטיקע שילדערונגען פון אַן איינגעפונדעוועט אידיש לעבן אויף דעם היגן באָדן און זיי פאַרברענגען פאַר אונזער יונגן דור. ער האָט אָבער געפונען ווייניק אַזעלכע, און ער גלייבט, אַז דאָס איז ניט בלויז אַ רעזולטאַט פון אַ ניט גאַר גרינטלעכן זוכן... מיר זיינען נאָך ניט ווייט אָפּגערוקט פונ׳ם עמיגראַנטן־דור. אונזער ליטעראַטור אויפן היגן באָדן האָט דערוויל קינסטלעריש אַמבעסטן און אמטיפסטן אויפגעפאַסט דאָס, וואָס איז אונז אַמנאָענטסטן אין דעם היגן לעבן. און וויל דער לעבנס־געביט איז עכט און קינסטלעריש געשילדערט, פאַרמאָגט דער טייל פון אונזער ליטעראַטור גרויסע דערציאונגס מעגלעכקייטן.

די פינפטע אָפּטיילונג: **ליריק** נעמט אריין איניקע לידער און פּאָע־טישע שילדערונגען פון דער נאַטור און פון שטימונגען און געפילן פון דער מענטשלעכער נשמה, וועלכע האָבן ניט געקענט אָן שוועריקייטן אריינגענומען ווערן אין די אויבנגעבראַכטע אָפּטיילונגען און זיי זאָלן דערביי ניט אָנווערן אַ וויכטיקן טייל פון זייער אייגנאַרטיקייט און פון זייער וויכטיקייט אין דער עסטעטישער אויסבילדונג פון די יונגע לעזער.

---

דאָס בוך גיט דעם לערער די געלעגנהייט צו געבן זיינע תלמידים אַ גאַנץ גרינטלעכע באַקאַנטשאַפט מיט דעם שאַפן פון איניקע הויפּט־פאָרשטייער פון דער אידישער ליטעראַטור און אין דערזעלבער צייט אנטוויקלען ביי זיי אַן אינטערעס אין דער פאַרשיידנאַרטיקייט און פאַרשיידנפאַרביקייט פון אונזער ליטעראַטור. ממו״ס איז גאַר ווייניק פאַרטראָטן אין דעם ערשטן טייל; דאָס איז דערפאַר, וואָס לויט אונזער דערפאַרונג איז מענדעלעס סטיל נאָך עטוואָס צו שווער פאַר דעם יונגן עלטער און פאַר די באַגרעניצטע אויפנאַמס־פעאיקייטן פון די תלמידים, פאַר וועמען דאָס בוך ווערט אַרויסגעגעבן. דער לערער וועט געפינען אַ באַדייטנדע צאָל אויסצוגן פונ׳ם זיידנס ווערק אינ׳ם צווייטן און אינ׳ם דריטן בוך.

דער צוזאַמענשטעלער האָט געשטרעבט צו געבן אין דעם בוך הויפּטזעכלעך אַזעלכע אויסצוגן, וואָס פאָדערן אַ קאָנצענטרירטן לערנען: בלויז געצײַלטע זאַכן זײַנען דאָ ארײַנגעקומען גאָר לײַכטע. דערפאַר זײַנען דאָ ניט אַרײַנגעקומען אַ צאָל באַקאַנטע דערציילונגען שלום עליכמס, וועלכע זײַנען שטאַרק באַליבט בײַ די קינדער, ווי למשל: חנוכּה־געלט, די פאָן, דאָס מעסערל, אויפן פידל און אַנדערע. דער לערער קען זיי לײַכט געפינען און זיי פאָרלייענען פאַרן קלאַס. דאָ זײַנען אויך ניט אַרײַנגענומען געוואָרן קיין גרויסע צאָל יו״ט מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען דעם לערער געוויס זייער נויטיק; ס׳זײַנען ארײַנגעקומען בלויז אַזעלכע יו״ט מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען „צום לערנען“, און וועלכע שטייען אויף אַ געהעריקער קינסטלערישער מדרגה, פאַרשטייט זיך לויט דעם געשמאַק פונ׳ם צוזאַמענשטעלער.

צו דער ענדע פונ׳ם בוך קומט אַ פּלאַן פאַר קאָמפּאָזיציעס געבויט אויף די ליטעראַטור־אויסצוגן פון דעם בוך און אויף אַנדערע אויסצוגן, וואָס ווערן דערבײַ רעקאָמענדירט. די לעצטע קען דער לערער לייענען פאַר די קינדער אָדער זיי רעקאָמענדירן זיי אַליין צו לייענען.

נאָך די קאָמפּאָזיציע־פאָרשלאָגן קומען אָפּטײַטשונגען צו שווערע ווערטער. פאַרשטענדלעך, אַז בלויז די שווערסטע זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן, און אַז די אָפּטײַטשונגען זײַנען ניט גאָר קיין גענויע און קענען אויך ניט אַלעמאָל צוטרעפן צו דער גענויער באַדײַטונג פונ׳ם וואָרט אומעטום, וואו ער געפינט זיך אין בוך.

---

צום סוף וויל איך דאָ אויסדריקן מײַן אַנערקענונג צום א. נ. אַ. פּ. פאַר אונטערנעמען דאָס אַרויסגעבן די ביכער, צום רעדאַקציע־קאָלעגיום פונ׳ם שולן קאָמיטעט פונ׳ם א. נ. אַ. פּ. און פּוע״צ, די חברים יואל ענטין, ש. שאַפּיראָ און ה. עהרענרײַך פאַר דורכזען דעם מאַטעריאַל מיטן צוזאַמענשטעלער; אַ ספּעציעלן דאַנק ה׳ ענטינען פאַר פילע וויכטיקע אָנווײַזונגען און ה׳ עהרענרײַכן פאַר סטימולירן און דערמוטיקן מיך צו דער אַרבעט.

אַ האַרציקן דאַנק די לערער פון די מאָנטרעאָלער אידישע פאָלקס־שולן פאַר פיל הילף, וואָס זיי האָבן געלייסטעט אין דער שווערער טעכנישער אַרבעט, ספּעציעל די חברים ח. בערמאַן, נ. שטיין, מ. גלויבערמאַן און דער שול־גראַדואירטער איטע ווײַנמאַן.

---

דער צוזאַמענשטעלער האָפט, אַז די ביכער וועלן אויספילן אַ פון לאַנג געפילטע נויט אין אונזער דערציאונגס־וועלט. ער בעט די אַלע לערער, וואָס וועלן זיך מיט דעם בוך באַנוצן און וועלן האָבן רעקאָמענדאַציעס וועגן ענדערונגען און אויסבעסערונגען, זאָלן זײַן אַזוי פרײַנטלעך און זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט אים.

**שלמה ווייסמאַן**

מאָנטרעאָל, מאַי, 1931.



שלום־עליכם.

# שמואליק דער יתום

## א

פאַראַן פּנימער, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן פון גאָט אויף צו פאַרכישופן אייך מיטן ערשטן קוק. „האָב מיך ליב!" — אַזוי שרייט צו אייך דאָס דאָזיקע פּנימל, און איר באַקומט דאָס ליב, איר ווייסט ניט פאַר וואָס.

אָט אַזאַ מין חנעוודיק פּנימל האָט געהאַט שמואליק דער יתום, אַ אינגל אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען, וואָס אויפגעהאַלטן האָט ער זיך ביים רב.

צו אים איז דאָס צוגעקלעפּט געוואָרן שלום נחום וועוויקס, דער העלד פון דער דאָזיקער אויטאָביאָגראַפיע, פון דער ערשטער מינוט, וואָס זיי האָבן זיך באַקענט, זיך געטיילט מיט אים מיט די אָנבייסנס און מיט די מיטאָגס, האַלב אויף האַלב, און געוואָרן חבר — אָבער וואָס חבר הייסט! נפש אחת — איין לייב, איין נשמה! פאַר וואָס? איבער זיינע מעשיות.

קיינער האָט נישט געהאַט אַזוי פיל מעשיות אויף צו דערציילן, וויפל שמואליק. האָבן מעשיות אויף צו דערציילן איז אָבער נאָך ניט אינגאַנצן. דאָס דערציילן אַליין איז אויך אַ זאַך. דערציילן אַ מעשה דאַרף מען קאָנען. און שמואליק האָט געקאָנט דער־ציילן מעשיות אַזוי, ווי קיינער ניט!

פון וואַנען האָבן זיך צו דעם טשיקאַווען בחור מיט די רויטע בעקלעך און מיט די פאַרחלומטע אויגן גענומען אַזוי פיל מעשיות, און אַזעלכע שיינע, רייכע מעשיות, מיט אַזעלכע זעלטענע פאַנ־טאַסטישע בילדער? צי האָט ער זיי וואו געהערט אַמאָל דער־ציילן? אָדער דאָס איז געוועזן פון זיין קאָפּ אויסגעטראַכט, לויטער פאַנטאַזיעס? עד היום קאָן איך דאָס ניט באַגרייפן. איך ווייס נאָר איין זאַך: עס האָט זיך ביי אים געגאָסן ווי פון אַ קוואַל, נאָר ווי פון אַזאַ קוואַל, וואָס שעפּט זיך ניט אויס קיינמאָל. און

געגאַנגען איז דאָס ביי אים גלאַט, ווי אויף בוימל, און געצויגן האָט זיך עס ווי אַ לאַנגער זיידענער פאַדים. און זיס איז גע־ווען די שטים, זיס די שפּראַך, זיס ווי צוקער. און די בעקלעך רויט, און די אויגן פאַרחלומט און נאַסלעך, ווי איבערגעצויגן מיט אַ דין רויכל.

פאַרקליבן זיך פריטיק נאָך האַלבן טאָג, אָדער שבת נאָכן עסן, אָדער יום-טוב פאַרנאַכטלעך, אויפן הויכן וואָראָנקאָווער באַרג, וואָס „דער שפּיץ זיינער דערגרייכט כמעט ביז דער כמאַרע", האָבן זיך ביידע חברים אַוועקגעלייגט מיטן פּנים אַראָפּ צום גראָז, אָדער מיטן פּנים אַרויף צום הימל, און שמואליק האָט גענומען דער־ציילן אַ מעשה נאָך אַ מעשה: אַ מעשה פון אַ בן-מלך מיט אַ בת-מלכה, אַ מעשה פון אַ רב מיט אַ רביצן, אַ מעשה פון אַ פּרינץ מיט אַ פלעגהונט, אַ מעשה פון אַ פּרינצעסן אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, אַ מעשה פון צוועלף גזלנים אין אַ וואַלד, אַ מעשה פון אַן אָקרענט, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפן פאַרגליווערטן ים, מעשיות פון'ם פּאַפּסט, וואָס האָט געפירט ויכוחים מיט די גרעסטע רבנים, און מעשיות פון חיות, פון שדים און פון רוחות און פון כת ליצנים, פון מכשפים, שרעטעלעך, וואָווקעלאַקעס, פּיפּערנאָטערס, האַלב-מענטש, האַלב-חיה, און אַ מעשה מיט אַ הענגלייכטער פון פּראַג — און יעדע מעשה האָט געהאַט איר טעם מיט איר ריח, און אַ באַזונדער כישוף איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיי אַלע.

דער חבר, שלום נחום וועוויקס האָט געהאַלטן אָפן מויל און אויערן, קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון'ם דאַזיקן טשיקאַוון בחורל מיט די רויטע בעקלעך און מיט די פאַרחלומטע אויגן.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלצדינק, שמואליק?

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך גאָרניט. למאַי איך ווייס, ווי אַזוי מע צאַפּט וויין פון דער וואַנט? און בוימל פון דער סטעליע?

— ווי אַזוי צאַפּט מען דאָס וויין פון דער וואַנט? און בוימל פון דער סטעליע?

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך אויך בלאָטע! איך ווייס אַפילו, ווי אַזוי מע מאַכט פון זאַמד גאָלד און פון שערבלעך דימענטן מיט בריליאַנטן.

— ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

— ווי אַזוי? דורך קבלה. דער רב איז דאָך אַ בעל-קבלה. ווער ווייסט עס ניט? ער שלאָפט דאָך קיינמאָל ניט.

— וואָס דען טוט ער?

— ביינאַכט, ווען אַלע שלאָפן, איז ער אויף. זיצט ער אַליין און פאַרנעמט זיך מיט קבלה.

— און דו זעסט אַלצדינג, וואָס ער טוט?

— ווי קאָן איך זען, נאַרעלע, אַז איך שלאָף?

— פון וואַנען־זשע ווייסטו, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט קבלה?

— ווער ווייסט עס נישט? דאָס ווייסט דאָך אַ מינדסט קינד. פרעג וועמען דוווילסט. דאָס, וואָס דער רב קאָן, נאַרעלע, קאָן קיינער נישט. וויל ער — זיינען אָפן פאַר אים אַלע צוועלף ברו־נעמס מיט קוועקזילבער און אַלע דרייצן גערטנער פון סאַמע זאַפּ־ראַן, און גאָלד מיט זילבער, מיט דימענטן, מיט בריליאַנטן — כחול הים, אַזוי פיל, אַז עס גלוסט זיך אַזש ניט!...

— פאַרוואָס־זשע ביסטו תמיד הונגעריק? און פאַר וואָס האָט ער ניט אויף שבת?

— אַזוי, וואָרום ער וויל ניט. ער וויל בעסער אָפּקומען אויף דער וועלט, תשובה טאָן. ער איז אַ בעל תשובה. ער זאָל וועלן, וואָלט ער געווען רייך, ווי קורח; טויזנט ראָטשילדס וואָלט ער פאַרשטעקט אין גאַרטל. וואָרום ער ווייסט, ווי אַזוי מע ווערט רייך. פאַר אים איז אַנטפּלעקט אַלצדינק. ער ווייסט אַפילו דעם אָרט, וואו דער אוצר ליגט באַהאַלטן.

— וואו ליגט דער אוצר באַהאַלטן?

— חכם! פון וואַנען זאָל איך וויסן? ווען איך זאָל וויסן, וואו דער אוצר ליגט, וואָלט איך דיר שוין לאַנג געזאָגט. איך וואָלט אין מיטן ביינאַכט געקומען צו דיר און וואָלט דיך אויפ־געוועקט פון שלאָף: „קום, שלום, צום אוצר, וועלן מיר צונויפ־זשעברעווען דאָס גאָלד פולע זשמעניעס און אָנשטופּן פולע קע־שענעס!"

און האָט שמואליק אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אוצר, אַזוי האָבן די פאַרחלומטע אויגן ביי אים זיך אָנגעצונדן, די רויטע בעק־לעך צעפלאַמט, און אַליין האָט ער זיך אַזוי צעהיצט און צעברענט און צעפלאַקערט, אַז ער האָט אויך דעם חבר זיינעם אָנגעוואַרעמט, צעהיצט, צעברענט און צעפלאַקערט. שמואליק האָט גערעדט, און זיין חבר, שלום נחום וועוויקס, האָט אים געקוקט אין מויל אַריין און מיט דאָרשט געשלונגען יעדעס וואָרט.

## ב

אַז ס׳איז פֿאַראַן אַן אוצר ביי אונז אין שטעטל — אין דעם איז דאָך קיין ספק ניט.

פֿון וואַנען האָט זיך גענומען צו אונז אַן אוצר? פֿון כמעל־ניצקין. כמעלניצקי האָט אים דאָ באַגראָבן נאָך פֿאַרצייטן. טויזנ־טער יאָרן האָבן מענטשן געזאַמלט אוצרות מיט אוצרות, ביז ס׳איז געקומען כמעלניצקי און האָט עס באַשטאָט.

— ווער איז געווען כמעלניצקי?

— כמעלניצקי ווייסטו ניט? נאַרעלע, כמעלניצקי — דאָס איז געווען אַ רשע, אַ המן, נאָך פֿאַר כמעלניצקים צייטן... דאָס ווייסט דאָך אַ מינדסט קינד! האָט אָט דער כמעלניצקי, דער רשע, דער המן, אָנגעראַבעוועט, הייסט עס, מילי־מיליאָסן גאָלד ביי די אַמאָליקע פּריצים און ביי די רייכע אידן, און האָט דאָס אַלצ־דינג געבראַכט צו פֿירן אַהער צו אונז, קיין וואָראָנקע, — און דאָ האָט ער עס איינמאָל ביינאַכט אויף יענער זייט בית־מדרש באַרג אַראָפּ, אַקעגן דער שיין פֿון דער לבנה, באַהאַלטן, טיף־טיף אין דער ערד באַגראָבן, און ס׳איז מיט גראָז באַוואַקסן און מיט כישוף פֿאַרכישופֿט, אַזוי, אַז קיין בן־אָדם זאָל עס ניט געפֿינען.

— און ס׳איז פֿאַרפֿאַלן לעולם ועד, אויף אייביק און אייביק?

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ס׳איז פֿאַרפֿאַלן לעולם ועד, אויף אייביק און אייביק? און צו וואָס האָט גאָט באַשאַפֿן די קבלה? די בעלי־קבלה, נאַרעלע, האָבן שוין דערצו אַן עצה.

— דהיינו, וואָסער אַן עצה?

— זיי ווייסן שוין. זיי האָבן אַ שפּרוך אַזעלכן, און אַ פּסוק פֿאַראַן אַזעלכער אין תהילים, וואָס מען דאַרף אים זאָגן פֿערציק מאָל פֿערציק...

— וואָסער אַ פּסוק?

— ע, נאַרעלע, איך זאָל וויסן דעם פּסוק! און אַפֿילו איך זאָל שוין וויסן, איז דאָס אויך ניט אַזוי גרינג. מע באַדאַרף פֿאַסטן פֿערציק תעניתים, אָפּזאָגן אַלע טאָג פֿערציק קאַפּיטלעך תהילים, און אויפֿן איין־און־פֿערציקסטן טאָג, באַלד נאָכדעם, ווי די זון האָט זיך געזעצט, באַדאַרף מען זיך אַרויסגנבענען אַזוי קונציק, אַז קיין בן־אָדם זאָל דיך ניט באַגעגענען, — וואָרום טאָמער חלילה דער־זעט מען דיך, באַדאַרף מען אָנהויבן נאָכאַמאָל צו פֿאַסטן פֿון אָנ־הויב פֿערציק תעניתים, — און ערשט דעמאָלט, אַז ס׳וועט דיר

אָפּגילטן, קיינער וועט דיך ניט באַגעגענען, זאָלסטו אַוועקגיין אין אַ פינצטערער נאַכט אין אָנהויב חודש אויף יענער זייט בית־מדרש באַרג אַראָפּ, און דאָרטן אָפּשטיין פּערציק מינוט אויף איין פוס, ציילנדיק פּערציק מאָל פּערציק, און אויב ס'וועט גאָרניט זיין קיין טעות אינ'ם ציילן, וועט זיך דיר דער אוצר אַנטפּלעקן פון זיך אַליין...

און שמואליק דער יתום גיט צו פאַרשטיין גאַנץ ערנסט זיין חבר, שלום נחום וועוויקס, דעם סוד פונ'ם אוצר מיט אַ שטיל קול, אַלע מאָל שטילער, ווי אַרויסגעלייענט פון אַ בוך, ניט אָפּגע־שטעלט זיך אויף אַ רגעלע אפילו:

— און אַנטפּלעקן וועט זיך דיר דער אוצר דורך אַ פּייערל, אַ קליין פּייערל. און אַז דאָס פּייערל וועט זיך דיר באַווייזן, באַדאַרפ־סטו גלייך צוגיין צו דעם, צום פּייערל, הייסט עס, זאָלסט גאָר קיין מורא ניט האָבן פאַר אָפּבריען זיך, וואָרום דאָס פּייערל איז מער ניט אויף צו באַלייכטן, ברענען ברענט עס ניט, און דו באַדאַרפסט זיך נאָר אָנבויגן און זשעברעווען מיטביידע זשמעניעס (שמואליק באַווייזט מיט ביידע הענט ווי ער זשעברעוועט) גאָלד און זילבער און דימענטן און בריליאַנטן, און שטיינער אַזעלכע, וואָס הייסן מיטן נאָמען „כדכוד", און אַזעלכע, וואָס הייסן מיטן נאָמען „ישפה"...

— וואָס איז דער חילוק?

— אַי, נאַרעלע, ס'איז אַ גרויסער חילוק! „כדכוד" איז אַזאַ שטיין, וואָס לייכט אין דער פינצטער, ווי אַ סטרינעווע ליכט, און „ישפה" האָט אין זיך אַ כוח: עס מאַכט פון שוואַרץ ווייס, פון רויט געל, פון גרין בלוי, פון נאַס טרוקן, פון הונגעריק זאַט, פון אַלט יונג, פון טויט לעבעדיק... מע באַדאַרף נאָר מיט אים געבן אַ רייב אין דעם רעכטן לאַץ פון דער קאַפּאָטע און אַ זאָג: „ס'זאָל אַרויסגיין און אַרויסגיין אַ רעכטער אָנבייסן!" — גייט אַרויס אַ זילבערנע טאַץ, און אויף דער טאַץ צוויי פּאָר געבראָ־טענע טייבעלעך מיט פרישינקע פּלעצלעך פון געבייטלטער מעל. אָדער: „ס'זאָל מיר אַרויסגיין און אַרויסגיין אַ גוטער וואַרעמעס!" — באַווייזט זיך אַ גאָלדענע טאַץ מיט כל־ערליי מינים עסנוואַרג און פּאַטראַוועס, מעדני מלך, געבראָטענע צונגען מיט געפילטע העלזלעך, וואָס זייער געשמאַקער ריח צעגייט זיך אין אַלע אברים, און פרישע צוגעברענטע געפלאָכטענע קוילעטשן וואַקסן אויס פאַר דיינע אויגן, און וויין לרוב פונ'ם בעסטן סאָרט, און ניסלעך, און

באַקסערן, און צוקערקעם לרוב — אַזויפיל, אַז סע גלוסט זיך שוין אַזש ניט!

און שמואליק קערעוועט אַפּ דעם קאָפּ אַן אַ זייט און שפּייט אויס, און זיין חבר זעט נאָך זיינע פאַרשמאַכטע ליפּן און נאָך זיין בלאַס פּנים מיט די פאַרחלומטע אויגן, אַז ער וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אַ שטיקל געבראָטענע צונג, אַ געפילט העלזל, אָדער כאָטש אַ שטיקל קוילעטש... און ער גיט זיך דאָס וואָרט, אַז מאָרגן, אם ירצה השם, טראָגט ער אים אַרויס אין קעשענע עטלעכע ניסלעך, אַ פּאָר באַקסערן מיט אַ צוקערקעלע, וואָס ער וועט אַרויסלקחענען, מחילה, ביי דער מאַמען אין קלייטל. און דערווייל בעט ער שמואליקן, ער זאָל דערציילן נאָך און נאָך. און שמואליק לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן. ער ווישט אָפּ די ליפּן און דערציילט נאָך און נאָך.

— . . . און אַז דו האָסט זיך גוט אָנגעזעטיקט מיט די אַלע מיני מאכלים און פאַרטרונקען מיט די בעסטע ווײַנען, נעמסטו און טוסט אַ רייב מיטן שטיינדעלע און אַ זאָג: „ס׳זאָל מיר אַרויסגיין און אַרויסגיין אַ ווייכער געלעגער!" — באַווייזט זיך דיר אַ בעטל פון עלפּאַנטביין, מיט גאָלד באַפּוצט, מיט אַן איבערבעט — ווייך ווי פּוטער, און מיט זיידענע קישעלעך צוקאָפּנס, און מיט אַן אַטלעסענער קאָלדרע איבערגעדעקט. ציסטו זיך אויס און ווערסט אַנטשלאָפן, און ס׳חלומען זיך דיר מלאכים מיט כרובים, מיט שרפים, מיטן גן־עדן העליון, מיטן גן־עדן התחתון... אָדער, אַז ניט, טוסטו אַ רייב מיטן שטיינדעלע, הויבסטו דיך גאָר אויף אין דער הויך ביז דער כמאַרע, און אַריבער דער כמאַרע, און דו פילסט זיך, ווי אַן אָדלער, הויך־הויך! ווייט־ווייט!...

צי האָט אָט דער אָרעמער יתום מיט זיינע וואונדערלעכע מעשיות זיך ווען אָפּגערופן נאָכדעם אין די שרייבעכצן פון זיין חבר שלום, בעת שלום נחום וועוויקס איז געוואָרן אַ „שלום עליכם" — דאָס איז שווער צו זאָגן. איין זאַך איז געוויס: זיין פאַנטאַזיע האָט ער געמאַכט רייכער, זיין השגה ברייטער, און שמואליקס חלומות און שמואליקס טרוימען וועגן אוצרות, וואונדערשטיינער און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן טראָגט ער ביי זיך טיף אין האַרצן נאָך עד היום.

(פון „פונ׳ם יאַריד").



אַ קינד שרייבט רענואַר

ה. רויזנבלאַט.

# דער נייער זמן

שוין נאָך יום־טוב, ליבע קינדער,
ס'הויבט זיך אָן דער נייער זמן.
נו, צוריק צום אַלטן רבין,
„חיים־שמעיה קאַטערזשאַן".

היידאַ, נו, צוריק אין חדר!
נאָר געװוינט זיך געשמאַק
צו דעם לימוד, צו דעם אַלטן,
מיט דעם נוסח, מיט דעם קנאַק!

אויף דעם טיש דער זעלבער קאַנטשיק,
אַלע רימענדלעך אין צאָל,
אויף דעם באַלקן נאָך די זעלבע
גרויע שפּינוועבס ווי אַמאָל.

אויף דער וואַנט דער אַלטער זייגער
הענגט ווי אימער אויבן אָן,
ציילט בתמימות זיך די רגעס
מיט זיין הייזעריקן טאָן.

און דער שווער באַשטויבטער אומרו
זיך ווי שלעפעריק באַוועגט,
און עס דאַכט זיך ווי ער „טיקעט",
ווי ער ניקעט און ער פרעגט:

„האָט איר, קינדער, ניט פאַרגעסן
און אַ ליכטל מיטגעבראַכט?
אָסיען. קליין זיינען די טעג שוין,
לערנען נעמט מען היינט ביינאַכט.

„צינדט זשע, קינדער, אָן דאָס ליכטל,
און גענומען זיך געשמאַק
צו דעם לימוד, צו דעם אַלטן,
מיט דעם נוסח, מיט דעם קנאַק!

„לערנט, קינדערלעך, גאָטס תורה, —
אירע סודות טיף און גרויס.
לערנט, לערנט, ליבע קינדער,
ביז דאָס ליכטעלע גייט אויס..."



א. ראַבאָי.

# די קליינע קינדער אין וואַלד

עס איז געווען שיין און וואַרעם, און די אַמעריקאַנער האָבן געהאַט זייער אלטן יום-טוב, מיט דעם נאָמען „טהענקס גיווינגס”. די ערשטע אַמעריקאַנער, די אור-אור-עלטערן פון די איצטיקע באַוואוינער פון ניו-ענגלאַנד, בשעת זיי האָבן אָפּגעאַרבעט דעם ערשטן זומער און אָפּגעשניטן זייערע ברויטן פון די פעלדער און אויסגעגראָבן די קאַרטאָפּל פון דער ערד און אויפגעבויט שטאַלן פאַר זייערע בהמות, — איז פלוצים אויסגעפאַלן אַ שניי און עס איז געוואָרן ווינטער. זיינען זיך די שכנים דעמאָלט צונויפגעקומען אין איין אָרט און געלויבט און געדאַנקט גאָט, פאַרוואָס ער האָט אָפּגעוואַרט מיט דעם שניי, ביז זיי האָבן אַלע זייערע ברויטן אריינגענומען אין די שייערס. און פון דעמאָלט אָן איז יענער טאָג געבליבן אַלס אַזאַ יום-טוב.

ווי שוין געזאָגט, איז גראַד געווען אַ שיינער, וואַרעמער טאָג. די קליינע קינדער פון וואַלד: בעז, לאַילאַק און וויטשהייזל, האָבן געמיינט, אַז עס איז שוין דער אָנהויב פון פרילינג. אַפילו דער אַלטער נאַר, דער עפּל-בוים, האָט אויך פאַרגעסן, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז, און האָט אַרויסגעלאָזן פון די ווינטער-קנאָספּן קליינע, שפּיציקע, גרינע נאָדלען.

דורך די וועגן האָבן זיך געטראָגן אָפּגעוואַשענע פּאַטאַנדלעך מיט אויסגעפּוצטע פערדלעך, און אין די פּאַטאַנדלעך: מאַן און ווייב און קינדער.

מען איז געפאָרן צו גאַסט איינער צום אַנדערן.

ראָזנבערגס קינדער זיינען ניט געגאַנגען אין שול.

פּיליפּ, דאָס עלטערע אינגל, האָט צונויפגענומען זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך און איז מיט זיי אַוועק אין וואַלד אַריין.

ער איז געגאַנגען אויף פריער און מיט אַ לאַנג פּרוטקעלע געשמיסן די נאַקעטע ביימער.

די קינדערלעך זיינען אַלע געווען מיט באָרוועסע פיסלעך. פּיליפּ אויך אַ באָרוועסער, אַ קליינער און אַ דאַרער; זיינע שאַרפע

פיסלעך האָבן זיך געשאָקלט אין די ברייטע אויסגעריבענע הויזן; זיין היטל האָט ער פאַררוקט מיט דעם דאַשיק אויף הינטן, און ווי ער האָט געזען א פויגל אויף אַ בוים, האָט ער גיך אַ פּאַטש געטאָן מיט דעם פּרוטקעלע איבער דעם בוים און דאָס פויגעלע איבערגע־שראָקן.

דאָס קלענסטע שוועסטערל האָט געהייסן ראַשעל און איז אַלט געווען אַ פינף יאָר. זי האָט זייער ליב געהאַט איר ברודערל פיליפּ פאַר זיין בראַווקייט און אים מקנא געווען, וואָס ער איז העכער פון איר מיט אַ שפּאַן; און דאָס וואָס אַ פויגעלע האָט מורא פאַר אים זיצנדיק אַזוי הויך אויף אַ בוים, האָט זי נאָך מער מורא גע־האַט פאַר פיליפּן, אַז ער זאָל איר ניט טאָן אַ שניט מיט דעם לאַנגן רוט איבער דעם נאַקעטן קעפּל.

פיליפּ האָט געפירט די קינדער טיף אין וואַלד אַריין. דאָרט אויף אַ גרויסן, קיילעכדיקן און ליידיקן אָרט ביים קוואַל, איז גע־שטאַנען אַ בוים מיט ווינטער־באַרן.

פיליפּ מיט זיין קאָמאַנדע האָבן שוין לאַנג אָפּגעטרייסלט און אויפגעגעסן אַלע ווינטער־באַרן. אָבער פיליפּ האָט געוואוסט, אַז אויף אַ באַרן־בוים טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזן. דאַכט זיך דיר אויס: שוין! נישטאָ שוין מער קיין באַרן. מען קומט אָבער אַרום מאָרגן, מען קוקט זיך איין גוט און מען געפינט נאָך אַ באַר ערגעץ צווישן די בלעטער.

און איצט, אַז דער בוים האָט פאַרלוירן אַלע זיינע בלעטער, באַדאַרף מען אַ קוק טאָן, צי זיינען געבליבן ווינטער־באַרן.

פיליפּ איז געגאַנגען, געקלאַפּט מיט זיין פּרוטע און געהוקעט, אויסדריידלענדיק זיין קול אין זיגזאַגן: „הו־האַ, הו־האַ, הו־האַ". דער נאַקעטער און באַרוועסער וואַלד האָט דאָס אַרויסגעכאַפּט פון פיליפּס מויל, זיך נאָכגעקרימט! פון בוים צו בוים איז דאָס קול געשוואומען און ערגעץ, ביי יענער זייט ברעג, האָט שוין, אַזוי ווי אַ הירש וואָלט אַנטלאָפן, עמיצער גיך, גיך געמרוקעט.

פיליפּ מיט זיין קאָמאַנדע זיינען צוגעקומען צו דעם ווילדן בוים, וואָס איז געשטאַנען ביים קוואַל. דער קוואַל האָט איצט אויס־געוויזן, ווי ער האָט נאָר וואָס אויסגעוואַשן זיינע שטיינדלעך און האָט זיך גענומען פליסן פון אונטער דעם קליינעם בערגעלע און פון אונטער אַ גראָבן וואָרצל פון באַרן־בוים, מיט אַ דינעם, שמייכ־לענדיקן פלאָם.

דער ערשטער האָט פיליפּ זיך אויסגעשטרעקט אויף דער ערד

און זיין מויל אַריינגעשטעקט אין קוואַל. זיין קאָמאַנדע האָט עס נאָכגעטאָן.

מען האָט זיך גוט אָנגעטרונקען, ליגנדיק אין א שורה איינס לעבן דעם אַנדערן, ווי אַ שורה מיט גענז, און אַלע מאָל האָבן זיי אויפגעהויבן זייערע קעפּלעך און עפּעס אויסגעשריען פריילעכעס און ווייטער זיך איינגעבויגן און זייערע ליפּן אַריינגעטונקען אין לויפנדן קוואַל.

נאָכדעם האָט מען זיך אויפגעהויבן.

פיליפּ האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ און דערזען, אַז עס זיינען נאָך דאָ עטלעכע קליינע באַרלעך אויף דעם בוים.

דאָס קלענערע שוועסטערל האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווייט פון בוים און אַרונטערגעלייגט אירע הענטלעך אויף ביידע זייטן און אָנגעהויבן צו זינגען דאָס לידל, וואָס זי האָט זיך ניט לאַנג אויסגעלערנט אין שול.

„עפּל, עפּל, קום אַרונטער צו מיר". ווי דער עפּל הענגט זיך אויפן בוים און וויל ניט אַרונטערקומען, האָט דאָס מיידל געווענדעט זיך צו דער זון, אַז זי זאָל איבערברענען דאָס צווייגל און דער עפּל זאָל אַרונטערפאַלן. איז די זון אַזוי ווייט און אַזוי הויך, אַז זי קען ניט הערן, וואָס דאָס מיידל וויל. ווענדעט זיך דאָס מיידל צו דעם פויגל, אַז ער זאָל אָפּבייסן דעם רויטינקן עפּל. האָט זיך דער פויגל דערשראָקן פאַר דעם מיידעלע, אַ מאַך געטאָן מיט זיינע פליגעלעך: טרוף, טרוף און אַוועקגעפלויגן און געשיקט דעם ווינט. בעט דאָס מיידעלע דעם ווינט, אַז ער זאָל אַרונטערבלאָזן דעם בלייכן עפּל מיט דעם רויטינקן פּנים. גיט זיך דער ווינט אַ דריי און אַ שפּרונג און בלאָזט אַריין שטויב אין דעם מיידעלעס אויגן. צעוויינט זיך דאָס מיידעלע, און עס קומט אָן פיליפּ און נעמט אַ לאַנגן צווייג און טוט מיט אים אַ פּאַטש אין בוים און עס פאַלט אַראָפּ דאָס עפּעלע...

פיליפּ האָט אַרונטערגעקלאַפּט אַלע באַרלעך און נישט פאַרטיילט זיין קלענער שוועסטערל. מען האָט די באַרלעך אויפגעגעסן. די ציין זיינען געוואָרן אייליק, האָט מען זיך ווייטער אַוועקגעלייגט אויף דער ערד ביי דעם ברעג פון קוואַל און געטרונקען דאָס קלאָרע וואַסער, אַלע מאָל אויפהויבנדיק די קעפּלעך און אויסשטרעקנדיק זייערע העלזער, אַזוי ווי גענז.

(פון „דער פּאַס פון ים")



די פאַרזאַמלונג — מאַריא באַשקירטסעף



א. רייזען.

# די פאַבריק

ס'איז ווינטער געווען. מיר אינגלעך זיינען געזעסן אין חדר און האָבן געלערנט גמרא. דער פּרק איז געווען צו ערנסט און צו שווער פאַר אונזערע לייכטזיניקע קעפּלעך, און אונז איז כלל נישט אָנגעגאַנגען, וויפל דאַרף דער גנב באַצאָלן; פון אונזערטוועגן האָט מען דעם גנב געקאָנט אינגאַנצן שענקען. בכלל, האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען, וואָס באַדייט עס? איינער אַן אָרעמאַן, וואָס האָט ניט וואָס צו עסן (אַנדערש וואָלט ער דאָך ניט געגנבעט) גנבעט אַ שעפּסעלע, טראָגט עס אויפן פּלייצע, דאָס שעפּסעלע מעקעט אַזוי טרויעריק, — אינגאַנצן אַ אינגלשע מעשה. קומען צוגיין תנאים און חכמים, אַזעלכע „גרויסע" אידן, און מאַכן דערפון אַ גאַנצן וועזן, קריגן זיך אַזוי שטאַרק, אַז זיי ברענגען אַריין אונזער רבין אין כעס, און ער שלאָגט אונז מיט די גראָבע רוקנס פון דער גמרא...

וואו איז דער יושר?

און יענעם טאָג האָבן מיר גראָד געלערנט יענעם באַוואוסטן עמוד, וואס האָט בלויז עטלעכע שורות גמרא, און וואו דאָס איבעריקע איז רש"י און תוספות, אַזוי אַז דער עמוד מיט די עטלעכע שורות גמרא זעט אויס, ווי עפּעס אַ קליין אינזל, פאַרטרונקען צווישן צוויי גרויסע ימים, און מיר דאַכט זיך, אַז מיר שטייען אויפן אינזל און ציטערן, און אונזער רבי, דער קאַפּיטאַן, וויל אונז איבערפירן די צוויי גרויסע ימים, וויל זיין אַ העלד, נאָר ער קאָן ניט און ער שרייט און שילט און, ערגער פאַר אַלץ, ער שלאָגט...

נאָר אָט עפנט זיך אויף די טיר און עס לויפט פריער אַריין אַ ווייסע פאַרע אין חדר, נאָכדעם פאַלט אַריין בערל דער שמיד, אַ חדר־אינגלס אַ טאַטע. ער קומט געוואָר ווערן, וואָס מאַכט זיין יאָסקע, און גלאַט אַביסל שמועסן מיט אַ אידן אַ תלמיד־חכם — מיטן רבין.

— שלום עליכם, רבי! — ציט דער שמיד אוים דעם רבין זיין גראָבע, פאַרהאָרעוועטע האַנט.

— עליכם שלום! — ענטפערט דער בייזער רבי און סטאַרעט זיך צו שמייכלען, נאָר דאָס קומט אים זייער שווער אָן.

— זיצט, ר׳ בער! נו, שקצים, — ווענדט זיך דער רבי צו אונז, — זיצט רואיק אַ ווײַלע, קוקט איבער דעם תוספות דערווײַל, און איך וועל אַביסל שמועסן מיט ר׳ בערן.

מיר קוקן זיך אַלע איין אין דעם גרויסן ים תוספות, נאָר אונזערע אויערן זיינען אָנגעשטרענגט צו הערן עפּעס נייעס, וואָס בער דער שמיד האָט געבראַכט, ווייל בער דער שמיד ברענגט שטענדיק אַ סך נייעס, ווען ער קומט.

— אַ וועלטעלע געוואָרן, אַ גרויל, אַ גרויל! — הויבט אָן דער שמיד.

— דהיינו, ר׳ בער? — ווערט נייגעריק דער רבי און שטעלט אָן די אויערן צו הערן עפּעס אינטערעסאַנטעס.

— אַ גרויל, אַ גרויל! — האַלט זיך אַלץ דער שמיד ביים וואונדערן — נו, אַ וועלטעלע!

— אַדרבא, וואָס אַזוינס? — טרייבט דער רבי.

— אַ גרויל, אַ גרויל!

מיר קוקן אין תוספות און וואַרטן מיט דעם גרעסטן אומגע-דולד אויפן „גרויל", וואָס ר׳ בער דער שמיד וועט מסתמא באַלד דייטלעכער דערקלערן.

— אַ קליין שטעטעלע, — הויבט אָן דער שמיד — מ׳שטיינס געזאָגט, זעקס געסלעך מיט אַ מאַרק, די גויעשע געסלעך איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעכענען. איר פאַרשטייט? אין אַזאַ שטעטעלע זאָל מען גיין שטעלן אַ פאַבריק. אַ פאַבריק! אַ גרויל!

— אַ פאַבריק! — גיב איך אַ קלאַפּ אַ חבר מיטן פוס.

— אין תוספות קוק! — גיט אַ געשריי דער רבי.

— אַזוי גאָר! — ווענדט זיך דער רבי צום שמיד — אַ פאַבריק דאָ אין שטעטל! צי משוגע?

— אַ פאַבריק פון שוועבעלעך.

— פון שוועבעלעך! — גיב איך ווידער א קלאפ א חבר מיטן פום.

— דו קוקסט אין תוספות, צי ניט, גראָבער יונג דו, — שרייט אוים דער רבי נאָך העכער און נעמט מיך אָן פארן אויער און דרייט א „שלשלת"...

— אַזוי גאָר, פון שוועבעלעך! וואָס איך הער! — וואונדערט זיך דער רבי און גלאָצט אוים די אויגן.

— יאָ, יאָ, ביי אונז אין שטעטל שטעלט מען א פאַבריק פון שוועבעלעך.

— משוגע, פשוט משוגע, — לאַכט דער רבי — וויפל שוועבעלעך דאַרף האָבן אונזער שטעטל? לאָמיר אַפילו רעכענען א מאה פעקלעך א וואָך... לוינט דאָס דען? פשוט משוגע...

— רעכנט אייך, — גיט דער שמיד קאַלטבלוטיק צו פאַרשטיין — אַז א פאַבריק מאַכט זיך ניט נאָר פאַר דעם שטעטל אַליין. די שוועבעלעך קאָנען אָנגיין אומעטום אין דער גאַנצער וועלט. איר פאַרשטייט, למשל, באָריסאָווער שוועבעלעך! באָריסאָווער שוועבעלעך זיינען א שם-דבר. מען מאַכט דאָרט גאָלדענע געשעפטן.

— אויב אַזוי, זאָגט דער רבי פאַרקרימענדיק דאָס פנים — אויב אַזוי, איז עפעס אַנדערש, שיקט זיך דאָס! ווערט מען מאַכן, קאָן געמאָלט זיין, פיינע געשעפטן?

— וואָס פרעגט איר! גליקלעך וועט ער ווערן! — שטעלט פאָר דער שמיד פאַרן רבין די גרויסע גליקן.

— ווער מאַכט די פאַבריק? — פרעגט דער רבי.

— עפעס א גרויסער גביר פון מינסק; האָט א מטמון גאָלד און זוכט געשעפטן.

— און וואו שטעלט ער די פאַבריק? — פרעגט דער רבי ווייטער.

— אָן אָרט האָט ער א גאָלדענעם, ביים טייכל, א זעלטענער פלאַץ.

— ביים טייכל! — רייסט זיך אַרוים ביי אונז חדר-אינגלעך ווי אין איין קול א געשריי, און מיר קוקן זיך אַלע איבער.

— אין תוספות קוקט! — שרייט דער רבי — פויערים, ליידאַקעס.

— ביים טייכל! — קלאַפּ איך מיין חבר הינטערן טיש מיטן פּוס, און מיין האַרץ ווערט איבערפול מיט עפּעס מאָדנע גליקן, און פאַר מיינע אויגן מאָלן זיך פאַנטאַסטישע בילדער, און איך וויל פאַלן צו די פיס בערע דעם שמיד און וויינען פאַר אים און בעטן אים תחנונים:

— ר׳ בערע, האָט רחמנות, זאָגט מיט אַן אמת, טאָקע ביים טייכל מאַכט מען די פאַבריק? טאָקע ביים טייכל?...

און מיר גלויבט זיך דאָס גליק ניט.

---

נאָך פּסח איז די פאַבריק פאַרטיק געוואָרן. מיר חדר־אינגלעך זיינען געקומען צולויפן אָנקוקן זי. איר אויסזען האָט אונז געשראָקן. די הויכע קוימענס האָבן פון דער וויטנס אַזוי בייז געקוקט און האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן וועלן חרוב מאַכן דאָס גאַנצע שטיק פעלד, וואָס געפינט זיך אַרום.

— אָ, סאַראַ הויכע קוימענס! — האָט יאָשקע, אַ חדר־אינגל, פון וויטן אָנגעוויזן.

— ווי עס הודזשעט! — האָט אַ צווייטער אינגל ווי מיט שרעק אַרויסגעזאָגט.

— קומט נענטער! וואָס האָבן מיר מורא? — האָבן מיר זיך אַלע געפּאַסט מוט — קומט!

מיר זיינען צוגעגאַנגען נענטער און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביים טייכל. דאָס וואַסערל האָט שטיל און טרויעריק גערוישט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס וויינט. עס האָט מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס טייכעלע האָט מורא פאַר דער גרויסער פאַבריק...

און ניט נאָר אויף מיר אַליין האָט דאָס טייכעלע אַזאַ איינדרוק געמאַכט, אַלע חדר־אינגלעך האָבן, אָנשטאָט צו קוקן אויף דער פאַבריק, זיך אין וואַסער איינגעקוקט און איינער האָט זיך צעזיפצט:

— מוטנע וואַסער געוואָרן!

— טאָקע! — האָט אַ צווייטער טרויעריק מודה געווען.

— דאָס איז פון רויך פון די קוימענס.

— אַ רחמנות אויף דעם טייכעלע, — האָט אַ אינגעלע כלומרשט לאַכנדיק געזאָגט.

— משוגענער! — האָבן מיר פון אים אָנגעהויבן צו לאַכן, די הערצעלעך אָבער אינווייניק האָבן אונז געקלעמט, און עס האָט זיך געוואָלט וויינען...

---

ספירה האָט זיך געענדיקט. עס איז געווען אַ הייסער טאָג, און לערנענדיק מיטן בייזן רבין האָבן מיר אַ גאַנצן טאָג געקוקט אין פענצטער צו זען, וואו האַלט שוין דער שאָטן פון די הייזער, ווען וועט שוין די זון אויף אונז רחמנות האָבן און וועט זיך איבערפּעקלען ערגעץ ווייט הינטער די הייזער, כדי דער רבי זאָל אונז שוין לאָזן פריי.

און אָט איז שוין די גאַנצע גאַס „שאָטן" געוואָרן. דער פּאַסטוך האָט שוין די טשערעדע געטריבן, און דער רבי האָט אונז פריי געלאָזט.

— באָדן זיך! — האָבן מיר אין איין קול אויסגעשריען און זיך געלאָזט אַראָפּ פון געסל צום טייכל.

— הערסט ווי עס פייפט! — האָט, גייענדיק, איין חבר ווי באַזאָרגט אויסגערופן, צוהערנדיק זיך ווי פון ווייטן פייפט די פאַבריק.

— זאָל פייפן! וועט זיין פריילעכער זיך צו באָדן, — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— טאַקע! — האָבן מיר מיטגעשטימט, ווי מיר וואָלטן וועלן זיך אַליין אָפּנאַרן.

נאָר וואָס נענטער מיר זיינען געקומען צום טייכל, אַלץ מער האָבן מיר זיך געשראָקן; עפּעס האָט אונז דאָס האַרץ פאָרגעזאָגט טרויעריקס.

איך האָב זיך געלאָזט לויפן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, ווי איך וואָלט וועלן דערמיט צוגעבן מוט מיינע חברים. נאָר קומענדיק נאָענט צום טייכל, בין איך געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט.

— ניטאָ, ברידער, קיין טייכל! צוריק! — האָב איך ווי מיט אַ געוויין אויסגעשריען.

— דזזזזזזזזז! — האָבן די קוימענס געפּייפט.

— דזזזזז!

די חדר־אינגלעך זיינען נענטער צוגעקומען, האָבן איינגעבויגן די קעפּ אַריינצוקוקן אין טייכעלע, און מיר אַלע האָבן אַ לאַנגן זיפץ, ווי נאָך אַ געשטאָרבענעם, אַרויסגעלאָזן.

— אוי!!

דאָס וואָסער האָט אויסגעזען, ווי אין אַ טעלער פאַרבליבן קאַלט געקעכטס, פאַרגליווערט. אויף דעם גליווערײ זײַנען געווען אָנגעוואָרפן העלצלעך, צעבראָכענע קעסטעלעך און סתם מיסט. און אַלץ האָט געשמעקט מיט אַ מאָדנעם שטיקנדיקן גערוך.

מיר זײַנען אַזוי געשטאַנען ווי פאַרשטיינערט אַ פּאָר מינוט, געקוקט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. פּלוצים האָבן מיר דערהערט אַ גראָבן קול הינטער אונז רעדן:

— וואָס טוט איר דאָ, הא?

מיר האָבן זיך אומגעקוקט און דערזען אַ הויכן, גראָב־בייכיקן אידן, מיט אַ פליך אויפן קאָפּ. ער איז געשטאַנען און געקוקט אויף אונז און געשמייכלט. מיר האָבן ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

— וואָס טוט איר דאָ, הא? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— באָדן זיך ווילן מיר! — האָט זיך בײַ איינעם אַרויסגעריסן אַ געשריי...

— כאַ־כאַ־כאַ! באָדן זיך! — האָט זיך דער דיקער איד צעלאַכט — נו, וואָס־זשע וואַרט איר? כי־כי־כי...

— אַמאָל פלעגן מיר זיך דאָ באָדן, — האָט אַ צווייטער אינגל, ווי דורך טרערן אַרויסגעזאָגט — אַמאָל איז געווען ריין וואַסער.

— אַמאָל, אַמאָל! — האָט דער הויך־בייכיקער איד זיך לוסטיק געמאַכט מיט אונז — אַמאָל איז דען אויך אַ קונץ געווען צו באָדן זיך?... באָדט זיך איצטער... כאַ־כאַ־כאַ!

זײַן לאַכן האָט אונז ביז ווייטיק גערייצט. און איינער פון אונז, בלאַס ווי דער טויט, האָט אַ געשריי געטאָן.

— אַ בראַנד אין אײַער פאַבריק!...

און האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך דער בייכיקער, דיקער איד פאַנאַנדערגעלאַכט — אַהיים, שקצים!

גייענדיק צוריק אַהיים, האָט מיר געקלונגען אין די אויערן דעם אידנס געלעכטער, דער „דזזזזז״ פון די קוימענס, און דאָס אַלץ האָט זיך מיר געלייגט ווי שוועבל אויף מײַן האַרץ.

— אַ בראַנד אין דער פאַבריק! — האָט דאָס אינגל דעם גאַנצן וועג געשאָלטן.

— דערשטיקט האָט זי דאָס טײַכעלע! — האָט אַ צווייטער געזיפצט.

און לאַנג האָבן מיר דאָס טייכעלע באַוויינט און נאָך לענגער די פאַבריק געשאָלטן...



ח. נ. ביאַליק.

# נח און מאַרינקע

## א

נאָך אין די קינדער־יאָרן, באַלד ווי זיי זיינען שכנים געוואָרן, האָבן מאַרינקע — שקוריפּינטשיכעס שיקסל און חנינאַ־ליפּאָס בן־יחידל — נח, אַ אינגל אין אירע יאָרן, געשלאָסן צווישן זיך גאָר נאָענטע גוטפריינטשאַפט.

זי, מאַרינקע, איז דאָך דעמאָלט געווען אַזוי עלנט, אַזוי איינזאַם! צום ערשטן, בעת „דיאַדיאַ" סעראַפּים האָט נאָך געוואוינט אין יענער געגנט, איז נאָך נישט געווען אַזוי אומעטיק: די מומע פלעגט זי אָפטמאָל שיקן צו אים אַ טעפּל, צי אַ זיפּל לייען, און דערביי פלעגט זי שפּילן זיך אין זאַמד מיט סעראַפּימס שייגעצל, דעם קליינעם מאַקאַרקען. דער דיאַדיאַ אַליין האָט איר אויך געוויזן אָפט אַ גוטע מינע: אין חגאות פלעגט ער איר פון מאַרק אַ בייגל ברענגען, און אַז די מומע האָט זי שוין צופיל געשלאָגן — פלעגט ער קומען און אַרויסרייסן זי פון אירע הענט. נאָר זינט דער דיאַדיאַ האָט זיך איבערגעצויגן און געלאָזן די דירה מיטן הויף פוסטעוועז — האָט זיך אויף איר אַ שוואַרצע כמאַרע אָנגערוקט. ניטאָ שוין מער קיין „דיאַדיאַ", ניטאָ מאַקאַרקע, נישטאָ גאָרניט. געבליבן איז נאָר אַ פאַרצאַרנטע „מומע", וואָס ציקעט זיך תמיד, און סטוסאַקעס, מיט הונגערן, מיט זיצן פאַרשפּאַרט אין הויף, ווי אין אַ תפיסה.

פרילינגס־צייט, ווען עס קאָכט די אַרבעט אויפן באַשטאַן און אויפן גאָרטן, פלעגט די מומע גאַנץ פרי, באַלד ווי די זון גייט אויף, אַוועקלויפן אין באַשטאַן צו אירע אַרבעטאָרנס און קומען צוריק שטאָק־נאַכט, ווען דער הימל איז שוין געווען אויסגעשטערנט. אַוועקגייענדיק, פלעגט זי אויף מאַרינקען דעם גאַנצן הויף איבערלאָזן, און, אַגב, פאַרזאָגן איר, הייזעריק, מיטן האַרבן וואָרט, „זי זאָל זיך ניט דערוועגן אָפּטרעטן פון הויף אויף קיין מינוט נישט". מאַרינקע האָט געפאָלגט און פון הויף אין ערגעץ קיין שריט נישט

געמאַכט. גאַנצע טעג פלעגט זי זיצן פאַרשפאַרט צווישן די פיר ווענט און היטן דעם הויף. נאָך גוט, וואָס דאָס קליינע הינטל, שקוריפּין, האָט זיך גראָד דעמאָלט צו איר צוגעשאַרט און זי האַר־ציק ליב געקראָגן — אַז ניט, וואָלט זי די נודנעקייט ניט אויס־געהאַלטן.

איין טייערן אוצר האָט זי געהאַט ביי זיך פאַרבאָרגן — אַ שנירל פאַרטריקנטע, פאַרהאַרטעוועטע בייגעלעך, וואָס דער פעטער האָט איר, פאַר זיין איבערפאָרן, אַ מתנה געלאָזן. וואָכן־לאַנג האָט זי ניט פאַרגונען זיך אויפצועסן זיי, און אַלע מאָל, בלייבנדיק אַליין, פלעגט זי זיי אַרויסבאַקומען און דערמיט שפּילן זיך. איטלעכן טאָג פלעגן זיי ביי איר אויסקומען שפּאָגל־ניי און אַלע מאָל מיט אַ נייער מעלה: ס׳אַרא גלינקע, קיילעכיקע, ווי די רינגעלעך, בראַסקען זיך, ווי די שטיינדעלעך... זיי זיינען אפילו פּיצינקע, אָבער ס׳אַרא גראַבינקע, זע נאָר, ס׳אַרא גראַבינקע... קוים וואָס מע זעט אָן די לעכעלעך. צען מאָל אַ טאָג פלעגט זי זיי ציילן אויף די פינגער — און אַ מאָדנע זאַך: תמיד קומט אויס ניין, נישט מער און נישט וויניקער. איז זי אָבער איינמאָל שטאַרק הונגעריק געווען — האָט זי דעם יצר־הרע ניט געקאָנטביישטיין און אַלע בייגעלעך אויפ־געגעסן. פון דעמאָלט אָן איז זי געבליבן ביי איין שקוריפּינען, און נאָך — ביים געדעכעניש פון דעם גוטן פעטער.

עלנט און פאַראומערט פלעגט זי זיצן גאַנצע טעג אויף דער פריזבע צווישן שטוב און דער שערענגע בוימער, און ביי אירע פיס איז געלעגן אויסגעצויגן שקוריפּין, דאָס איין־און־איינציקע באַשע־פעניש, וואָס האָט איר האַרץ פאַרשטאַנען און געווען צו איר צו־געבונדן מיט לייב און לעבן. ליגט זיך דאָס הינטל לעבן מאַרינקען, קוקט איר אין מויל אַריין, קוקן זיך ביידע איינס דאָס אַנדערע אין די אויגן. פונדערווייטנס, פון דאָרט, וואו די גערטנער מיט די קאַשטאַנעס זיינען, קומען אַהער זיך צוטראָגן אָפּגעריסענע טענער פון לידער, וואָס אַרבעטאָרנס־שיקסעס זינגען מיט זאַפטיקע, קלאָרע פרילינגס־שטימען — און ביידע, מאַרינקע מיט שקוריפּינען, שטעלן פלוצים אָן די אויערן. דער הונט הויבט־אָן ציטערן, פלאַטערן, און פלוצים גיט ער זיך אַ כאַפּ־אויף און אַ שטעל אויף די פיס, דרייט מיטן עק און שטעלט־אָן אַ פּאָר צעברענטע אויגן אויף מאַרינקען, ווי איינער זאָגט: „לאָמיר גיין, מאַרינקע, און טאַקע באַלד!"... נאָר זי נעמט אים אויף אירע קני אַרויף און דריקט אים צו צום האַרצן: „מע טאָר נישט, שקוריפּין, מע טאָר נישט. די מומע שלאָגט"...

איינמאָל אין אַזאַ טאָג האָט עפּעס אין שכנישן הויף זיך גענומען רודערן. „די זשידעס זיינען שוין דאָ", האָט די מומע איר געזאָגט.

פון יענעם טאָג אָן איז דער מומעס פאַרזאָג, ביים אַוועקגיין, געוואָרן הארבער, און אירע קנייפּן — פּעפּערדיקער. זי האָט אָנגעהויבן היטן זיך נאָך פיל מער, ווי פריער: אַלצדינק, וואָס מע קאָן נאָר פאַרבאַהאַלטן, צי פאַרשליסן — האָט זי געזען, ווי ווייט מעגלעך, צו באַוואָרענען: אויפגעהאנגען שלעסער אויפן קעלער, אויפן בוידעם, אויף דער שאַפע, געבראַכט פון ערגעץ אַ נייעם הונט אויפן הויף.

— גיב אַכטונג מיט ביידע אויגן, — פלעגט זי מאַרינקען פון דעמאָלט־אָן צען מאָל פאַרזאָגן — הערסט?

און מאַרינקע בויגט אָן דעם קאָפּ און הערט. נאָר אין דער זעלבער מינוט, ווי די הויף־פאָרטקע פון יענער זייט סאָד גיט צוויי מאָל אַ סקריפּ און פאַרקלאַפּט זיך הינטער דער מומעס פּלייצע — אַזוי באַלד שטייט זי שוין לעבן דער הויכער צוים, וואָס גרענעצט איבער ביידע הויפן. פון זינט די אידן האָבן זיך אַהין אַריינגעצויגן, קאָן זי הינטערן פּלויט אַזוי אָפּשטיין שעהנווייז, אַנגעשפּאַרט מיטן קעפּל אויף ביידע הענטלעך און צוגעשמידט מיט די אויגן צום שפּעלטל. אַזוי צו שטיין איז איר פיל ליבער, איידער צו זיצן און נודען זיך אויף דער פּריזבע. זי זעט אַ פרישן מענטשן און הערט עפּעס משונה־מאָדנע ווערטער: „גיר־גיר" — קיין איין וואָרט פאַרשטייט זי נישט.

אויף דער ערד פון יענער זייט פּלויט ליגן, צונויפגעלייגטע און אָנגעוואַלגערטע, יאַרוסן און גלאַט אַזוי בערג מיט קלעצער, באַלקנס, ברעטער, שינדלען, דרענגלעך, פון זיי אַ סך — אַלטע און פאַרשוואַרצטע, און אַ סך, — נייע און פייכטלעכע, וואָס גלאַנצן נאָך מיט יונגער ווייסקייט, באַגילדעט ערטערווייז מיט פעטע קלעפּיקע טראָפּנס פון רויער, שאַרף־שמעקנדיקער „זשיוויצע". איבערן הויף פאָרן פורלעך אויף און אָפּ. צווישן די יאַרוסן דרייט זיך אום אין אַ קאַפּאָטע אַ נידעריק באַוואַקסן מענטשל מיט אַ קיילעכיק בייכל, פאַרקעט זיך דאָרט און קרעכצט און באַגיסט זיך מיט שווייס.

— דאָס איז טאָקע דער זשיד, — באַשליסט מאַרינקע שרעקעדיק און קוקט פונדעסטוועגן ווייטער.

ביים איד פאַר די פיס פּלאָנטעט זיך עפּעס אַ שוואַרץ־חנעוודיק געקרייזלט אינגל: ער קלעטערט אַלע מאָל אויף די יאַרוסן אַרויף

און אראָפּ, שפּרינגט איבער קלעצער, איבער ברעטער, מאַכט זיך פּאָר אַ בעל-עגלה, שטייט כלומרשט אויף דער קעלניע און שמייסט מיט דער בייטש אין דער לופטן: „היי, היי!". דער אַלטער מיט דער קאַפּאָטע שרייט אויף אים אָן, שטופּט אים פון יאָרום אַראָפּ, גיט אים הינטן מיט דער קני און טרייבט אים דורך — און דאָס אינגל לאָזט זיך לויפן אַהיים מיט אַ ביטער געוויין. באַלד דערויף דערהערט זיך אין הויף אַ קוויטשנדיקער ווייבערשער קול פון שטוב אַרויס: „נינאָ-ליפּאָ! נינאָ-ליפּאָ!"... דערנאָך אַ ליאַרם, אַ גע־פּילדער, וואָס מאַרינקע פאַרשטייט דערפון קיין וואָרט נישט... דער קליינער שקוריפּין, וואָס איז אויך דערביי געשטאַנען, הויבט אָן פלוצים שפּרינגען אויפן פלויט און — „האַוו, האַוו!". אַ דער־ציטערטע האָט מאַרינקע זיך אַ וואָרף געטאָן פון פלויט אַוועק און גלייך אַנטלאָפן מיט שקוריפּינען צוריק אויף איר אָרט — אויף דער פריזבע.

— אַ לעבעדיקער יונג, — האָט מאַרינקע אַ טראַכט געטאָן — איז ער אויך אַ זשיד?

מאַרינקע איז נאָך דעם אַ פּאָר טעג געווען פאַרטראַגן, שקורי־פּינטשיכען באַדינט און געהאָלפן איר אין דער שטוב-אַרבעט. אין סאַד האָט מען די בוימער גראָד געשווירן, האָט מען זיך מיט דער קליינער אַ גאַנצן טאָג געשאַפט און אומגעטריבן הין און הער. דאָ לויף אין קעלער, קלעטער אויפן בוידעם, און דאָ מוז זי געבן עסן די הינער און חזירים — און צו דעם אַלעמען כאַפּט זי אַלע מאָל קנייפּן. ביים איד אויפן הויף הערט מען נאָר, ווי מע וואַרפט ברעטער אַרויף און אַראָפּ: „טראַך, טאַראַראַך!" און שקוריפּינ־טשיכע האַלט אין איין זידן און קנייפּט אָן אויפהער...

## ב

אין עטלעכע טעג אַרום, איינמאָל גאַנץ פרי, באַלד ווי די מומע איז פון הויף אַוועק, שטייט מאַרינקע ווידער ביים פלויט. גענומען אים באַטראַכטן נענטער, גיט זיך איר אַ וואָרף אין די אויגן אַ לאָך פון אַ סוק, וועלכער איז אַרויסגעפאַלן פון אַ פלויט-ברעט. דאָס לעכל — משופּעדיק און לענגלעך-קיילעכיק, ווי אַן אָקסן-אויג, איז געווען גאָר נידעריק פון דער ערד, פונקט אַנטקעגן דעם שכנס פריזבע. מאַרינקע האָט זיך אויף די קני געשטעלט און קוקט זיך איין אין לעכל. אַרום איז טונקל, שאַ, שטיל. צווישן פלויט און דעם שכנס שטוב, סאַמע אונטער די ברעגעס דאַך, ציט זיך אַ

שוואַרץ פּאַסעקל פריש־צעגראָבענע ערד. דאָס פּאַסעקל שטעלט פאָר אַ גאַנצע שורה פון פּיצינקע בוימעלעך, און אין מיטן שטעקט אַ גראָבאייזן. זען זעט מען קיינעם ניט. „ווער קאָן עס דאָ זיין?" — וואונדערט זיך מאַרינקע.

„שאַ, מע גייט." שקוריפּין גיט זיך אַ כאַפּ־אויף, גרייט צו אָנהויבן בילן.

„טס!" — פאַרכאַפּט מאַרינקע און שטילט איין דעם הונט, דערנאָך הערט זי זיך ווייטער צו. נישט מע גייט, נאָר מע שפּרינגט. עמיצער שפּרינגט פון יענער זייט: האָפּ־האָפּ! — ווי אַ לאָשעקל, אַליין נענטער אַהער, אַהער...

און באַלד איז אין הינטער־געסעלע, צווישן פּלויט און שטוב, געקומען צושפּרינגען דאָס שוואַרץ־חנעוודיק, געקרייזלט אינגל. „ס'איז ער!" — דערקענט אים מאַרינקע און האַלט איין דעם אָטעם.

דאָס אינגל האָט געלויכטן פאַר גרויס פרייד און גליק, הויבט די פּולע הויפּן אין דער הויך, כאַפּט אַ טענצל אונטער און זינגט: „ס'אי דאָ, ס'אי דאָ!" פון די פאַרמאַכטע הענט שיטן זיך ביי אים אַלע מאָל, דורך די צונויפגעדריקטע פינגער, אויף דער ערד אַרויס קערנדלעך פון אַרבעס, אַרבוז־יאַדערן און פּאַסאָליעס:

— משוגע! — טראַכט מאַרינקע, און אַ שטיל געלעכטערל בלייבט איר שטעקן קיצלענדיק אין האַלז, נאָר זי האַלט זיך איין. מיט איין האַנט פאַרשטעלט זי זיך דאָס מויל, מיט דער צווייטער — שקורי־פּינען. זי דערקענט אין זיין פּלאַטערן, אַז ער קאָן זיך אויך ניט איינהאַלטן, אָט־אָט שיסט ער אויס.

— וואָס אי' דאָ? — האָט זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט נישט ווילנדיק פון מויל אין לעכל אַריין, און באַלד האָט זי חרטה געקראָגן.

דאָס אינגל האָט לייכט אַ ציטער געטאָן און אומגעקוקט זיך אַ געפּלעפּטער. אויף גיך האָט ער אין קעשענע די קערנדלעך פאַר־באַהאַלטן. דערזען דאָס לעכל, האָט ער זיך שטילערהייט אויף דער קני געשטעלט און מיט לייכט־דערשראָקענע אויגן אַהין אַ קוק געטאָן. פון דאָרט האָט אים אַנטקעגן אַ שמייכל געטאָן אַן אויג, אַ קלוגס, אַ ליכטיקס...

אַ ווײַלע זיינען זיי שטיל און פאַרלעגן אַזוי געשטאַנען.

— ווער ביסטו? — האָט ער ענדלעך אַ פרעג געטאָן דאָס אויג.

— איך... מאַרינקע...

— און איך בין נח!...

זיי זיינען אַ ווײַלע שטיל געבליבן. מאַרינקע האָט זיך אַביסל פון לעכל אָפּגערוקט. נח האָט זי אַ ווײַלע באַטראַכט און זיך אָנגערופן, ווי מיט פאַראיבל:

— וואָס קוקסטו אַהער? דו?

— גאָרנישט. כ'וויל זען, וואָס טוסטו דאָ?

— איך?... כ'זיי דאָ...

— כי־כי־כי — האָט מאַרינקע זיך צעלאַכט און פאַרגראָבן זיך מיטן קאָפּ צווישן די אַקסלען.

— וואָס לאַכסטו, דו? — האָט זיך נח אָפּגערופן מיט פאַר־דראָס אַביסל באַליידיקט.

נאָר דאָ האָט דער הונט אַ ביל געטאָן. נח האָט זיך באַלד געלאָזט איבערבעטן און פאַרפירט מיט איר אַ שמועס מכח דעם הונט. ער פרעגט, זי ענטפערט. און אַזוי איז עס אַוועק, ביז ער האָט איר גענומען איינרעדן, זי זאָל מיטן הונט אַריבער צו אים, אין הינטער־געסעלע.

— איך, זעסט, — האָט נח מיט איר איינגעטענהט — אַ גערטנדל זיי איך. קום, וועלן מיר זייען ביידע. כ'האָב אַלצדינק, זאָל איך אַזוי לעבן! אָט, זע, פּאַסאָליעס, און אַרבעס, און יאָדערן — דער־ביי האָט ער פון די קעשענעס גענומען שלעפּן נאָכאַנאַנד די קערנדלעך.

— וועסט קיינעם ניט דערציילן? — האָט ער זי פּלוצים אַ פרעג געטאָן — ס'איז דער מאַמעס. כ'האָב שטילערהייט אַרויס־געשלעפּט, די מאַמע זאָל ניט וויסן; אַז ס'וועט אויסוואַקסן, וועל איך איר אָפּגעבן ת"ק טויזנט מאָל מער. כ'זאָל אַזוי לעבן... נו, מאַרינקע, ווילסט?

מאַרינקע שאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין!

— פאַרוואָס? — פרעגט נח געפאַלן ביי זיך.

— אַזוי, אין הינטער־געסעלע נישטאָ די זון.

— איז וואָס? — האָט נח זיך פאַרוואונדערט און דערשראָקן.

— וועט וואַקסן „אין סטויפּ אַריין", אומזיסט דיין אַרבעט.

— אַי, ס'אַ ליגן, — האָט נח זיך ווידער באַליידיקט און שיער ניט אָנגעהויבן וויינען — ס'וועט וואַקסן, וואַקסן, אַ סך, אַ סך אויסוואַקסן. פאַרנאַכט דערלאַנגט אַהער די זון. כ'האָב אַליין געזען, איך ווייס בעסער...

מאַרינקע האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. זי האָט גענומען דעם הונט צו זיך אויף די הענט, גלעט אים ווייך איבערן קאָפּ און בלאָזט אים קיל אונטערן אויער. נח האָט איר געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר דאָ האָט זיך איבערן הויף געלאָזט הערן אַ קוויטשנדיקער ווייבערשער קול פון שטוב אַרויס:

— נח! נח!

נח האָט אַ שפּרונג געטאָן און באַלד פון געסעלע פאַרשוואונדן.

## ג

פון יענעם טאָג אָן זיינען ביידע קינדער געוואָרן גוטע פריינט. אַלע מאָל, ווען שקוריפּינטשיכע איז פון הויף אַוועק, פלעגן זיי זיך אין דער שטיל אויפן זעלבן אָרט צוזאַמענטרעפן און דורכן לעכל אויסדערציילן איינס דאָס אַנדערע אַלץ, וואָס ביי זיי אונטערן האַרצן.

נח פלעגט דערציילן אַ סך, אַ סך, מיט האַרץ און מיט התפעלות און מיט שבועות, בעת-מעשה פאַרפאַרבן זיך ביי אים די בעקלעך — פלאַם-פייער, און די אויגעלעך צעשפּילן זיך אים. דערציילט האָט ער איר פון זיין געבורטס-דאָרף, וואו זיי האָבן פריער געוואוינט, וואָסערע חברים ער האָט אין דאָרף געלאָזן, וואָסערע שייניקע הינטעלעך ער האָט דאָרט פאַרמאָגט. „אוי, אוי, — ער מאַכט אַזש צו די אויגן — אַזעלכע קליינינקע, אַזעלכע שייניקע!"... נאָך פלעגט ער אויך דערציילן פון עפּעס אַ וואַלד: גאָר, גאָר, גאָר אַ גרויסער, ווי די גאַנצע וועלט, זאָל ער אַזוי לעבן! די ביימער אַזוי הויך — אַ שרעק, ווי הויך! ער איז אַליין דורך יענעם וואַלד געפאָרן, זאָל ער אַזוי לעבן! בעתן איבערציען זיך איז ער מיט די עלטערן דאָרטן דורכגעפאָרן. מע פאָרט, און מע פאָרט, און מע פאָרט, און דער וואַלד לאָזט זיך גאָר נישט אויס. ווען זיי זיינען פון וואַלד אַרויס — געדענקט ער נישט. ער איז אַנטדרימלט געוואָרן אויפן וואָגן, ליגנדיק אויף אַן איבערבעט. און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און מער נישט געזען קיין וואַלד — האָט ער זיך צעוויינט, זאָל ער אַזוי לעבן! ער האָט אַזוי געוויינט! אפילו די בהמה „מינקע" האָט אויך געוויינט. זי איז פון הינטן נאָכגעלאָפן, צוגעבונדן צום וואָגן מיט אַ שטריק — און אַלע מאָל פלעגט זי פאַררייסן דעם קאָפּ אַרונטער און געוויינט: מע-מע-מע. דאָס האָט זי געבענקט נאָכן קעלבל, וואָס איז פאַרבליבן אין דאָרף. אוי, איז דאָס געווען אַ שיין קעלבל! אינגאַנצן אַ רויטינקס מיט אַ וויים

לאַטקעלע אויפֿן שטערן. אַ גאַנצן טאָג האָט עס געבריקעט; אַלע מאָל מאַכט עס: האַפּ, האַפּ, האַפּ! פּעטראַ האָט דאָס אָפּגעקויפֿט פֿאַר צען גילדן, זאָל ער אַזוי לעבן! דאָס לאַשעקל האָבן זיי קוזמען פֿאַרקויפֿט. עס איז געווען אַ שוואַרצלעכס און ס׳האָט ליב געהאַט זיך בריקן. אין דאָרף האָבן זיי געהאַט אַ סך בהמות מיט אַ סך פֿערד. איצט האָבן זיי מער ניט ווי איין בהמה, טאַקע מינקע, און איין פֿערד, „שמאַראַוואַז” רופֿט מען אים. אָן־אַ שטייט ער אין שטאָל. ע, זי, מאַרינקע, האָט נישט קיין „שמאַראַוואַז”...

מאַרינקע, ווידער, פֿלעגט, פֿון איר זייט, דערציילן נחן, וואָסערע מיני אַרבעט זי האָט אין שטוב און אין סאָד; שוין אַ סך פֿרוכטן אין סאָד פֿאַראַן און זי נעכטיקט דאָרט אין די פֿינצטערע נעכט. איינע אַליין שלאָפֿט זי דאָרט אין ביידל, זי האָט זיך דאָרט אַזוי מורא. אַ גאַנצע נאַכט גייט „עמיצער” אום אין סאָד איבער די סטעזשקעס און רוישט מיט די צווייגן. שטילינקערהייט גייט ער זיך אום, הין און הער. אפֿילו שקוריפּין שרעקט זיך, ער נורעט זיך איין לעבן איר אויפֿן גאַרב שטרוי און טרייסלט זיך, מאַכט צו די אויגן. כלומרשט ער הערט נישט... דאָס דאָזיקע פֿלעגט מאַרינקע אים פֿאַרטרויען שושקענדיק, ווי איינרוימענדיק אַ סוד, און אינ׳ם שושקען האָט זיך געהערט אַ שטילע פֿאַרבאָרגענע שרעק, וואָס האָט זיך באַלד נחן איבערגעגעבן, און אויף אַ ווײַלע פֿאַרקילט זיין היים בלוט...

אין מיטן אַזאַ שמועס האָט זי נח איינמאָל אַ פֿרעג געטאָן:

— וואו איז דיין מאַמע?

— כ׳ווייס ניט — זאָגט מאַרינקע שטיל.

— און דיין טאַטע?

מאַרינקע האָט נישט געענטפֿערט.

— געשטאָרבן? ביסטו אַ יתומהלע?

מאַרינקע האָט שטיל דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן.

נח האָט אויף איר שטאַרק רחמנות געקראָגן. פֿון יענעם טאָג אָן האָט ער אָנגעהויבן זיך טיילן מיט איר מיט אַלע נאַשערייען, וואָס די מוטער פֿלעגט אים געבן. און פֿון זינט די פֿרוכטן אויף די בוימער זיינען צייטיק געוואָרן, בייטן זיי זיך איינס מיט דאָס אַנדערע: ער וואַרפֿט איר דורכן פּלויט אַריבער אַ שטיקל שבת־חלה און באַקומט דערפֿאַר, פֿון איר זייט, אַ שיינעם עפּל אָדער אַ באַר. אַמאָל, ווען די מוטער גיט אַ פּופּיקל, ברעכט ער אָפּ פֿון

אירעטווען אויך אַ ברעקל און דערלאַנגט איר דורכן לעכל. פיל מאָל האָט ער שטאַרק חשק געהאַט צו איר אין הויף אַריבער — נאָר עס גייט ניט: דער הויף איז געווען אַרום און אַרום פאַר־שלאָסן, גאָר נישט צוצוטרעטן. נאָר איינמאָל, האַלטנדיק אין שמועס מכח סוסים, האָט אים מאַרינקע שטילינקערהייט, לויט איר שטייגער, פאַרטרויט, אַז ביי דער מומען אין שטאַל שטייט אויך אַ פערד, און נישט קיין פערד — נאָר אַ פערדעלע, און הייסן הייסט עס „מוציק".

נח האָט זיך אָנגעכאַפּט:

— טאַקע? אַ קליינינקס? אַי, מאַרינעטשקע, וויַיז מיר מוציקן, לאָז מיך אין שטאַל אַריין...

— ניין, ניין, ניין, — האָט זיך מאַרינקע דערשראָקן — מע טאָר ניט!

— יאָ, יאָ, יאָ, — שפּאַרט זיך נח איין — מען מעג!

און טאַקע באַלד גענומען קלעטערן איבערן הויכן פּלויט. מאַרינקע האָט אַ דערציטערטע געגעבן זיך אַ כאַפּ־אויף פון אָרט און פאַרבראָכן די הענט: „אַראָפּ, נאַי, אַראָפּ! די מומע וועט מיך הרגענען. אוי, גוואַלד, שוין קריך אַראָפּ!"

און נח האָט געמוזט אַראָפּ.

— וואָס ציטערט זי אַזוי פאַר איר מומען? — פלעגט זיך נח נאָכדעם טראַכטן מיט גרויס רחמנות אויף מאַרינקען און מיט שנאה צו דער אַלטער „מכשפה" — און ווי אַרום קומט מאַרינקע אַהער?

מערער פון אַלע מאָל פלעגט ער זי שבת און יום־טוב באַדויערן. לעבעדיק און פריילעך גייט ער נאָכן שבתדיקן וואַרמעס אויפן הויף אַרויס, אַ פאַרפוצטער, אַן אויפגעלייגטער, און דאָ טרעפט ער פון יענער זייט, ווי אַלע טאָג, מאַרינקען ביי דער אַרבעט, און אַלץ איז אויף איר וואָכעדיק: דאָס פּנים, די קליידער, דאָס גאַנצע וועזן אירס. דעמאָלט פלעגט זי אים אויסזען אַזוי עלנט, אומגליקלעך.

— פאַרוואָס איז זי נישט קיין אידישקע? — האָט אים וויי געטאָן דאָס האַרץ. און כאַפּנדיק אַ מינוט, ווען די מומע קערעוועט זיך אָפּ, פלעגט ער איר דורכן פּלויט אַריבערוואַרפן עפּעס אַזוינס פון שבת־געבעקס: אַ האַלב פלעצעלע, אַ שטיקל שטרודל און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן, וואָס ער האָט ביי זיך אין קעשענע באַהאַלטן טאַקע פון אירעטווען.

פעליקס סאַלטען.

# באַמבים קינדער־יאָרן

## א. די לאָנקע.

טיף אין וואַלד האָט זיך געפונען אַ ווינקעלע, וואָס האָט געהערט צו באַמבים מוטער. דאָס דאָזיקע ווינקעלע איז געלעגן קוים אַ פּאָר טריט אינדערזייט פון דעם שמאָלן אינדן־סטעזשקעלע, וואָס איז דאָ געלאָפן דורכן וואַלד, אָבער ס׳איז געווען שווער עס צו געפינען, אויב מען האָט נישט געוואוסט פונ׳ם דאָזיקן פאַרבאָרגענעם צווישן די געדיכטע קוסטעס באַהעלטעניש. ס׳איז געווען זייער אַן ענגע שטוב, אַזוי ענג, אַז פאַר דער מוטער און באמבין האָט דאָ קוים געקלעקט פּלאַץ, און עס איז נישט געווען וואו אַ קער צו טאָן זיך, און אַזוי נידעריק, אַז ווען די מוטער איז געשטאַנען, האָט זי מיטן קאָפּ דערגרייכט צווישן די צווייגן. נוסבוימער, שטעכגראָזן און האַרטריגל זיינען דאָ געוואקסן אזוי געדיכט, אַז זיי האָבן פארשלונגען דאָס ביסל זון־ליכט, וואָס איז דורכגעדרונגען דורך די בוימער־צווייגן, אַזוי אַז ס׳האָט קיינמאָל נישט געקאָנט גרייכן צום באָדן. דאָ, אין אָט דער קאַמער, איז באמבי געקומען אויף דער וועלט, און דאָס איז געווען זיינע מיט זיין מוטערס וואוינונג.

די מוטער איז איצט געלעגן צוגעפּרעסט צו דער ערד און איז געשלאָפן. אויך באמבי האָט אַ ביסל געדרימלט. אָבער פּלוצלונג איז ער געוואָרן אינגאנצן וואַכעדיק. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט זיך אַרומגעקוקט.

אינווייניק האָבן זיך געשפּרייט שאָטנס, אַזוי אז ס׳איז געווען כמעט פינצטער. עס האָט זיך געהערט דער שטילער גערויש פון וואַלד. פון צייט צו צייט האָט אַ טשירליקע געטאָן א בלויפויגל, אָדער עס האָט זיך געהערט דער הילכיקער געלעכטער פונ׳ם פּיקהאָלץ אָדער דאָס אומעטיקע רופן פון דער קראָ. אויסערדעם איז ווייט און ברייט אַרום אַלץ געשטאַנען שטיל. נאָר די אָנגעגליטע לופט האָט ווי געזאָטן אין דער היץ פון האַלבן טאָג, און דאָס האָט מען געקאָנט פארנעמען ביים אויפמערקזאמען איינהאָרכן זיך. אין קאַמער איז געווען דושנע ביז צום חלשן.

באמבי האָט אַראָפּגעקוקט צו דער מוטער: „דו שלאָפסט?"

ניין. די מוטער איז נישט געשלאָפן. זי האָט זיך תיכף אויפגעכאפּט, ווי נאָר באמבי האָט זיך אויפגעהויבן.

— וואָס וועלן מיר איצטער טאָן? — האָט באמבי געפרעגט.

— קיין שום זאַך נישט. — האָט די מוטער געענטפערט — מיר וועלן פאַרבלייבן דאָ, וואו מיר זיינען. לייג זיך, איך בעט דיך, אַנידער, און שלאָף.

אָבער באמבין האָט אויסגעפעלט לופט צום שלאָפן. „קום, — האָט ער גענומען בעטן — קום אויף דער לאָנקע".

די מוטער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ: אויף דער לאָנקע? איצטער... אויף דער לאָנקע? — זי האָט גערעדט אַזוי דערשטוינט און דערשראָקן, אַז באַמבין איז געוואָרן אומהיימלעך.

— קאָן מען דען נישט איצטער אויף דער לאָנקע...? — האָט ער געפרעגט אומדרייסט.

— ניין, — האָט די מוטער געענטפערט, און איר ענטפער האָט געקלונגען זייער אנטשידן — ניין, איצטער איז דאָס אוממעגלעך.

— פאַרוואָס? — באַמבי האָט דערשפּירט, אַז דאָס איז עפּעס נישט גלאַט. ער איז געוואָרן שטאַרק צעשראָקן, אָבער גלייכצייטיק האָט אים געבריצט אַלץ צו דערגיין. — פאַרוואָס טאָר מען איצטער נישט גיין אויף דער לאָנקע?

— שפּעטער, אַז דו וועסט ווערן גרעסער, וועסטו זיך שוין אַלץ דערוויסן, — האָט אים די מוטער באַרואיקט.

באמבי איז צוגעשטאַנען: פונדעסטוועגן, זאָג מיר גלייך.

— שפּעטער אַמאָל, — איז באַשטאַנען די מוטער — איצטער ביסטו נאָך אַ קליין קינד, — האָט זי צאַרט צוגעגעבן — און מיט קינדער רעדט מען נישט פון אַזעלכע זאַכן. — זי איז געוואָרן זייער ערנסט. — איצטער... אויף דער לאָנקע... שוין איינמאָל אַן איינפאַל. אינמיטן העלן טאָג...!

— אָבער, — האָט באמבי דערווידערט — ווען מיר זיינען געגאַנגען אויף דער לאָנקע, איז דעמאָלט אויך געווען העלער טאָג.

— דעמאָלט איז געווען גאָר עפּעס אנדערש, — האָט די מוטער געזאָגט — ס'איז געווען פאַרטאָג.

— הייסט דאָס, אַז פאַרטאָג קאָן מען גיין אהינצו? — באמבי איז געווען שטאַרק נייגעריק.

די מוטער איז געווען געדולדיק: נאָר פאַרטאָג, אָדער שפּעט אין אָוונט... צי אינמיטן נאכט...

— און בייטאָג בשום אופן נישט? קיינמאָל נישט...?

די מוטער האָט זיך געוואקלט. — אפשר, — האָט זי צום סוף געזאָגט — ווען עס איז... איינינקע פון אונז גייען אַמאָל אַרויס בייטאָג. אָבער דאָס זיינען גאַנץ באַזונדערע אומשטענדן... איך קאָן דיר דאָס נישט געבן צו פאַרשטיין... ביסט נאָך צו קליין... איינינקע גייען... אָבער זיי זיינען דעמאָלט אין דער גרעסטער געפאר...

— ווי אַזוי איז מען דאָס אין געפאַר? — באַמבי איז געווען פול מיט שפּאַנונג.

די מוטער האָט אָבער נישט געוואָלט ארויסגיין מיט קלאָרן לשון. — זיי זיינען אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר... דו הערסט דאָך, מיין קינד, אַז די זאַכן זיינען נישט פאַר דיין קינדערשן שכל, דו וועסט עס נישט פאַרשטיין...

באַמבי האָט זיך געטראַכט, אַז ער קאָן שוין דווקא פאַרשטיין אַלץ, אויסער דאָס איינע — פאַרוואָס די מוטער וויל אים נישט געבן קיין גענויערע אויפקלערונג. נאָר ער האָט געשוויגן.

— מיר מוזן לעבן אַזוי, מיר אַלע, — האָט די מוטער ווייטער גערעדט — ווי אונז זאָל נישט ליב זיין דער טאָג... און מיר האָבן ליב דעם טאָג, בפרט אין אונזער קינדהייט... מיר מוזן אָבער אַזוי לעבן, אַז בייטאָג זאָלן מיר זיך האַלטן שטיל. ערשט פון אָוונט ביז אינדערפרי קאָנען מיר פריי ארומגיין. פאַרשטייסט?

— יאָ.

—איז אָט, מיין קינד, מחמת דעם מוזן מיר איצט אויך בלייבן אָט דאָ. דאָ זיינען מיר זיכער. אַזוי! און איצטער לייג זיך ווידער און שלאָף.

באַמבי האָט פונדעסטוועגן ניט געוואָלט זיך לייגן.

— מיט וואָס זיינען מיר דאָ זיכער? — האָט ער געפרעגט.

— וואָרום אַלע קוסטעס באַוואַכן אונז, אַלע צווייגלעך מורמלען, און די טרוקענע צווייגלעך אויף דער ערד קנאַקן און וואָרענען אונז, און די פאַרוויאַנעטע פאַראַיאָריקע בלעטער שורשען, בכדי אונז אַ צייכן געבן... וואָרום דאָ געפינט זיך דער אייכלראַב, ווי אויך די סאָראָקע, און זיי האַלטן וואַך, און צוליב זיי אַלעמען קאָנען מיר פון פריער וויסן, צי עמיצער גייט...

— וואָס איז דאָס פאַראַיאָריקע בלעטער? — האָט זיך באַמבי פאַראינטערעסירט.

— קום, זעץ דיך לעבן מיר, — האָט די מוטער געזאגט — און איך וועל דיר דערציילן.

באמבי האָט גערן זיך אָװעקגעזעצט, האָט זיך שטאַרק צוגעטוליעט צו דער מוטער, און זי האָט אים דערציילט, אַז נישט תמיד בלייבן די בוימער גרין, אַז די זון און די װאַרעמקייט פאַרשװינדן, און דאַן װערט קאַלט, די בלעטער װערן פון פראָסט געל, ברױן און טױט און זײ פאַלן ביסלעכװײז אַראָפּ, און די בױמער און קוסטעס ציען זיך מיט נאַקעטע צװײגן צום הימל און זעען אױס זײער נעבעכדיק. די פאַרװעלקטע בלעטער ליגן אָבער אױף דער ערד, און אַז מען רירט זײ אָן מיטן פוס, שורשקען זײ: — מען גײט! — אָ, אַ װאױלע זאַך אָט די טרוקענע בלעטער פון פאַראַיאָרן. זײ דינען אונז זײער גוט מיט זײער אױפמערקזאַמקײט און זײער װאַכזאַמקײט. אַפילו איצטער, אין מיטן זומער, ליגן פיל פון זײ באַהאַלטן אונטערן יונגן געװיקסן-צודעק, און זײ װאָרענען פון װײטן פאַר יעדער געפאַר.

באמבי האָט זיך צוגעפּרעסט צו זײן מוטער. ער האָט פאַרגעסן אָן דער לאָנקע. עס איז דאָך אַזאַ תענוג אַזױ דאָ צו זיצן און צוהערן זיך, װי די מוטער דערציילט.

אַז די מוטער איז אַנטשװיגן געװאָרן, האָט באמבי זיך פאַרטראַכט. ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז זײער פײן פון די גוטע אַלטע בלעטער, װאָס זײ גיבן אַכטונג מיט אַזאַ פלײס, הגם זײ זײנען פאַרװיאַנעט און פאַרפרוירן און האָבן שױן אַזױפיל זיך אָנגעליטן. ער האָט אַלץ געקלערט, װאָס אַזױנס קאָן עס זײן אָט די געפאַר, װעגן װעלכער די מוטער האַלט אין אײן רעדן. אָבער דאָס צופיל טראַכטן האָט אים מיד געמאַכט; אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ שטילקײט, עס האָט זיך נאָר געהערט, װי די לופט זידט אין דער סמאַליענדיקער היץ. און ער איז אײנגעשלאָפן.

## ב. אַלײן.

די צײט איז געגאַנגען, און באמבי האָט שױן געװאַקסט, װי געשמאַק עס שמעקן די גראָז-בעזימלעך, װי צאַרט עס זײנען די בלעטער-קנאָספּן, און װי זיס עס איז דער דרײ-בלאַט. עס פלעגט אָפּט פּאַסירן, אַז װען ער האָט זיך געשטױסן צו דער מוטער אױף צו דערקװיקן זיך, פלעגט זי אים ניט צולאָזן. „ביסט דאָך שױן נישט קײן קלײנינקער", פלעגט זי זאָגן. אָפּט פלעגט זי אָן שום מחזקות אים אַ זאָג טאָן: „גײ, לאָז מיך צורו". עס האָט שױן געטראָפן, אַז די מוטער שטײט אױף אין דער קלײנער װאַלדקאַמער,

אינמיטן טאָג, און גייט זיך אַוועק, און קוקט זיך גאָרנישט ניט אום, צי באמבי גייט איר נאָך, אָדער נישט. עס האָט שוין געמאכט זיך, בעת זיי פלעגן וואַנדערן מיט זייער געוויינלעכן וועג, אז די מוטער באַמערקט עפּעס אינגאנצן נישט, אז באמבי לויפט איר געטריי נאָך. אין איין שיינעם טאָג איז די מוטער אוועק. באמבי האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, ער האָט זיך דאָס בשום אופן נישט געקענט דערקלערן. אָבער די מוטער איז אוועק, און באמבי איז צום ערשטן מאָל אַליין.

ער וואונדערט זיך, ער ווערט אומרואיק, ער קלעמט זיך און שרעקט זיך און הויבט אָן מוראדיק צו בענקען. ער שטייט אין אומעטיקער און רופט. קיינער ענטפערט נישט, קיינער קומט נישט.

ער האָרכט זיך איין, ער שנאַפּט. גאָרנישט.

ער רופט ווייטער, גאַנץ שטיל, אין־זיך, האַרצרייסנדיק: מאַמע... מאַמע... — אומזיסט.

ער איז געוואָרן פאַרצווייפלט, מער אויסהאַלטן נישט געקאָנט און גענומען גיין.

ער וואַנדערט דורך דער באַקאַנטער גאַס, שטעלט זיך אָפּ און רופט, וואַנדערט ווידער מיט אומזיכערע טריט, דערשראָקן און פאַרלוירן. ער איז זייער טרויעריק.

ער גייט אַלץ ווייטער און קומט צו גאַסן און סטעזשקעס, מיט וועלכע ער איז נאָך קיינמאָל נישט געגאַנגען, קומט אין געגנטן, וואָס זיינען אים ווילד־פרעמד. ער האָט שוין פאַרלוירן דעם וועג.

מיטאַמאָל הערט ער צוויי קינדערשטימען, ווי זיי רופן: „מאַמע... מאַמע...!”

ער שטייט און האָרכט.

באמת, דאָס זיינען גאָבאָ און פאלינע, זיינע קוזינס. דאָס מוזן זיין זיי.

ער לויפט גיך נאָך די שטימען און זעט באַלד רויטע מאַנטלען שימערן דורך די בלעטער. גאָבאָ און פאַלינע. זיי שטייען פאַר־מרה־שחורהט אונטער א האַרטריגל, איינס לעבן אנדערן און רופן: „מאַמע... מאַמע...!”

ווען זיי האָבן אין די קוסטעס דערהערט א גערויש, האָבן זיי זיך דערפרייט. אז זיי האָבן אָבער דערקענט באַמבין, זיינען זיי געוואָרן אנטוישט. דערנאָך האָבן זיי זיך פאָרט מיט אים אביסל

געפרייט. און באַמבי איז געווען צופרידן, וואָס ער איז שוין נישט אינגאַנצן אַליין.

— מיין מוטער איז אַוועק, — האָט באַמבי געזאָגט.

— אונזערע איז אויך אַוועק, — האָבן געענטפערט גאָבאָ און פאַלינע. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און געווען שטאַרק צעטראָגן און פאַרחידושט.

— וואו קאָנען זיי זיין? — האָט באַמבי געפרעגט; ער האָט שיער נישט געכליפּעט.

— איך וויים נישט, — האָט געזאָגט גאָבאָ. ער האָט געהאַט האַרצקלאַפּעניש און געפילט זיך פאַרלוירן און הילפלאָז.

פּלוצלונג האָט פאַלינע א זאָג געטאָן: איך מיין... זיי זיינען ביי די פאָטערס.

גאָבאָ און באַמבי האָבן זי דערשטוינט אָנגעקוקט. זי האָט גלייך באַהערשט אַ געפיל פון רעספּעקט. „מיינסט... ביי די פאָטערס?" פרעגט באַמבי און ציטערט.

פאַלינע ציטערט אויך, נאָר זי מאַכט אַ געהיימנישפול געזיכט. זי האָט אַ מינע, ווי זי וואָלט געוואוסט מער נאָך, ווי דאָס, וואָס זי איז גרייט אויסצוזאָגן. אינדערעמתן ווייסט זי גאָרנישט. זי ווייסט אפילו נישט, פאַרוואָס איז איר דאָס איינגעפאַלן. פונדעסטוועגן, בעת גאָבאָ פרעגט איבער: מיינסטו טאַקע אַזוי? מאַכט זי אַ קלוגע מינע און באַשטעטיקט געהיימנישפול: יאָ, אַזוי מיין איך.

דאָס איז שוין, ווייניקסטנס, אַ השערה, און מען קאָן וועגן איר טראַכטן. דאָך ווערט באַמבי דערפון נישט רואיקער. ער קאָן גאָר־נישט טראַכטן, ער איז צו אויפגערעגט און צו טרויעריק.

ער גייט אַוועק. ער איז נישט אימשטאַנד צו פאַרבלייבן אויף איין אָרט. פאַלינע און גאָבאָ האָבן אים באַגלייט אַ שטיקל וועג. אַלע דריי האָבן זיי גערופן: מאַמע... מאַמע... נאָר פאַלינע און גאָבאָ האָבן זיך אָפּגעשטעלט; זיי האָבן מורא צו גיין ווייטער. פאַלינע זאָגט: צוליב וואָס? די מוטער ווייסט וואו מיר זיינען. לאָמיר דאָ זיין, וועט זי אונז שוין געפינען, בעת זי וועט צוריק־קומען.

באַמבי גייט אַליין. ער וואַנדערט דורכן געדיכטן וואַלד און קומט צו צו אַ נאַקעטן קליינעם פּלאַץ. ער שטעלט זיך אָפּ אינמיטן פּלאַץ. ער איז פּלוצלונג ווי צוגעשמידט און קאָן זיך נישט רירן.

דאָרטן, ביים ראַנד פון פלאַץ, אינ'ם הויכן נוס-וועלדל, שטייט אַ פיגור. באמבי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ מין פיגור. גלייכצייטיק האָט די לופט געבראַכט אים אַ ריח, וואָס ער האָט אַזעלכן נאָך קיינמאָל נישט געשפּירט. אַ פרעמדער ריח, שווער און שאַרף און אויפרעגנדיק — ביז משוגע צו ווערן.

באמבי האָט באַטראַכט די פיגור. זי איז משונהדיק גלייך, זייער שמאָל, און זי האָט אַ בלאַס געזיכט, וואָס איז אַרום דער נאָז און אַרום די אויגן אינגאַנצן נאַקעט, שרעקלעך נאַקעט. און אַ גרויל גייט פון דעם געזיכט. קאַלטע שרעק. דאָס געזיכט האָט אַ מורא-דיקע קראַפט, פון וועלכער מען ווערט ווי געליימט. עס איז אומ-דערטרעגלעך פּיינלעך צו זען דאָס געזיכט, און דאָך שטייט באמבי און קוקט און קאָן זיך נישט אָפּווענדן.

די פיגור בלייבט אַ צייט אומבאַוועגלעך. דערנאָך שטרעקט זי אויס אַ פוס, וועלכן זי האָט גאָר אינדערהויך, נאָענט פון געזיכט. באמבי האָט לכתחילה גאָר נישט באַמערקט, אַז אַזאַ איז פאַראַן. איצטער האָט דער דאָזיקער אימהדיקער פוס זיך אויסגעצויגן גלייך אין דער לופט. שוין די דאָזיקע תנועה אַליין האָט באַמבין איבער-געשראָקן אויף טויט. ער האָט געטראָגן זיך, ווי אַ פעדערל אויפן ווינט. אין איין אויגנבליק איז ער ווידער אין דער וואַלד-טיפעניש, דאָרטן, פון וואַנען ער איז אַרויס. און ער לויפט.

מיטאַמאָל האָט זיך די מוטער אויך באַוויזן. זי שפּרינגט לעבן אים דורך קוסטעס און שטרויכן. זיי לויפן ביידע מיט אַלע כוחות. די מוטער פירט, זי ווייסט דעם וועג, און באמבי לויפט איר נאָך. זיי זיינען אַזוי געלאָפן, ביז זיי זיינען געקומען צו זייער קאַמער.

— האָסטו געזען...? — האָט די מוטער שטיל געפרעגט.

באמבי האָט נישט געקאָנט ענטפערן. ער האָט נישט געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. ער האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— דאָס.. איז געווען... ע ר, — האָט געזאָגט די מוטער. און זיי האָבן ביידע געציטערט.

(פון בוך „באַמבי").

א. רייזען.

# די צוויי ברידערלעך

## א

יענקעלע און בערעלע — צוויי ברידערלעך, דער ערשטער פערצן יאָר אַלט, דער צווייטער זעכצן — לערנען אין דער ישיבה, וואָס געפינט זיך אין דער גרויסער שטאָט, פינף מייל פון זייער געבורטס-שטעטל „דלותאָווקע".

יענקעלע איז אַ דאַרינקער, אַ בלייכינקער מיט צוויי שוואַרצע אויגעלעך, וואָס קוקן כיטרע אַרויס פון אונטער די צוויי שוואַרצע ברעמען. בערעלע איז העכער און פולער פאַר יענקעלען, אויגן האָט ער העלערע, און זיין קוק איז שטרענגער און פאַרטראַכטער.

די צוויי ברידערלעך האָבן געהאַט סטאַנציע ביי אַן אָרימער קרובה, אַן אַלמנה, אַ טענדלערן, וואָס האָט זיך ביז שפּעט אין דער נאַכט אין שטיבל ניט געפונען. קיין בעט האָבן די צוויי ברידערלעך ניט געהאַט, דערפאַר אָבער האָט דער קופערט, וואָס איז גענוג בּרייט געוועזן, געדינט זיי פאַר אַ בעט, און די צוויי ברידערלעך פלעגן ביידע געשמאַק שלאָפן אויף אים, איינדעקנדיק זיך מיט זייערע לאַנגע צעריסענע בגדימלעך און פלעגן אין חלום זען זייער שטעטעלע, זייער געסל, דאָס שטיבעלע און דעם טאַטן מיט דער לאַנגער באָרד, מיט די אויסגעלאָשענע אויגן, מיטן געבויגענעם רוקן און פלעגן זען די מאַמען מיטן לאַנגן בלייבן, אומעטיקן פּנים און פלעגן הערן, ווי די קליינע ברידערלעך און שוועסטערלעך קריגן זיך, רייסנדיק זיך פאַר אַ שטיקל הערינג... און נאָך פלעגן זיך זיי חלומען חלומות פון דער היים און אינדערפרי פלעגן זיי בענקען, און עס פלעגט זיי ציען, ציען, און דעמאָלט פלעגן זיי לויפן אויף דער דלותאָווקער אכסניא פרעגן ביי די בעלי-עגלות אַ גרוס, צי אַ בריוועלע פון דער היים...

און די דלותאָווקער בעלי-עגלות זיינען געווען גוטע אידן, האָבן געהאַט ווייכע הערצער און וואָלטן אַוודאי רחמנות געהאַט אויף די צוויי אָרעמע אינגלעך, וואָס גאַרן אַזוי עפּעס הערן פון דער היים, וואָס זייערע אייגעלעך ברענען און זייערע הערצעלעך קלאַפּן אַזוי שטאַרק, אַזוי שטאַרק, — זיינען אָבער די בעלי-עגלות גע-

וועזן שטאַרק פאַרשמייעט: קומען פלעגן זיי אַהער מיט טויזנטער שליחותן פון דלותאָווקער קרעמער און סוחרים, און בריוו האָבן זיי געהאַט מער פאַר דער פּאָסט — און אָרדנונג איז ביי זיי געוועזן אַ סך וויניקער ווי אין פּאָסט; בריוו פלעגן ביי זיי פאַר־לעגן ווערן, פאַסילקעס פלעגן ביי זיי פאַרפאַלן ווערן, און צע־טומלטע, קראַצנדיק זיך אין די פּאַטילניצעס, פלעגן זיי יעדען ענט־פערן:

— אַט באַלד, באַלד געפין איך... ניין... דאַכט זיך פאַר אייך האָב איך גאָרנישט...

אַזוי פלעגן זיי ענטפערן גרויסע אידן, וואָס פלעגן קומען צו זיי; די ברידערלעך אָבער פלעגן שטיין און שטיין, קוקן מיט דאַרשטיקע אויגן און מיט צעקלעמטע הערצער אויף לייזער בעל־עגלה — אַ באַוואַקסענער איד, אין אַ קורצן וואַטאָוון קאַפּטאַן סיי זומער, סיי ווינטער — און פלעגן וואַרטן, טאָמער וועט ער זיי באַ־מערקן און זאָגן זיי עפּעס, כאָטש אַ וואָרט... נאָר לייזער איז געווען פאַרהאַוועט: דאָ האָט ער אויפן הויף דעם פערד עסן געגעבן, דאָ פלעגט ער אַריינלויפן אינוויינעק אין אכסניא, דאָ פלעגט ער זיך פאַנאַנדערעדן מיט אַ פּריקאַזטשיק פון אַ גרויסן מאַגאַזין, וואָס האָט אים אַ „רשימה" מיט סחורה געבראַכט, אָפּצופירן אין דלותאָווקע פאַר אַ קרעמער. און די ברידערלעך פלעגן אַלץ שטיין... ביז דעם עלטערן ברודערל — בערלען — פלעגט דער געדולד פּלאַצן, און אַ פאַרביסענער, שיער ניט פאַנאַנדערוויינענדיק זיך פאַר פאַר־דרוס, פלעגט ער קוים אַרויסרעדן:

— איר האָט, רב לייזער, אַ בריוועלע פון טאַטן?

נאָר לייזער פלעגט אָדער פלוצלונג ניט ווערן, אַנטלויפן אין גאַס אַריין מיט וועמען עס איז, אָדער זיין פאַרטראַגן אין שמועס, און בערעלע פלעגט זיך קוים דערוואַרטן אויף עפּעס אַן ענטפער, וועלכן לייזער פלעגט, ניט קוקנדיק בערעלען אין פנים, קאַלט אַרויס־זאָגן:

— ניטאָ... ניטאָ...

— ניטאָ! — פלעגט בערעלע אַרויסקרעכצן און, אַ צעקלעמ־טער אַוועקרופן יענקעלען, און זיי פלעגן זיך לאָזן גיין אויף זייערע „טעג" אומעטיקע, דערשלאָגענע...

— ער מוז אוודאי פאַרלירן די בריוו! — פלעגט יענקעלע אין עטלעכע מינוט אַרום אַרויסרעדן.

— אַ שלעכטער איד! — פלעגט בערעלע ברומען פאַרדרים־לעך.

נאָר איין מאָל האָט זיי לייזער דאָך אַ בריוועלע איבערגעגעבן, און דערצו אַ קליינע פּאַסילקע. אין בריוועלע איז געשטאַנען:

„ליבע קינדער, זייט מענטשן און ווילט לערנען. מיר שיקן אייך דאָ אַ האַלבן קעז און אַ פערטל פונט צוקער און אין גלעזל אַביסל יאַגדעס-סאָק, עסט געזונטערהייט און קריגט זיך ניט.

ממני אביכם חיים העכט".

דאַמאָלסט איז ביי זיי אין די אויגן לייזער בעל-עגלה געווען דער בעסטער מענטש אין דער וועלט. וואָלטן זיי זיך ניט געשעמט, וואָלטן זיי אים מיט זיין פערד און וואָגן פאַר ליבשאַפט אויסגע-קושט. זיי האָבן גלייך אָנגעשריבן אַ בריוול (פּאַפּיר פלעגן זיי אויסרייסן אין ישיבה די ערשטע בלעטער פון די גמרות און זייערע הערצלעך פלעגן געווען קלאַפּן) און האָבן עס אויף דער נאַכט ביידע אָפּגעטראָגן לייזער בעל-עגלה. לייזער האָט עס קאַלט צוגענומען, אַריינגערוקט אין בוזעם און עפּעס אַרויסגעברומט אַ וואָרט ענלעך צו „גוט".

— וואָס האָט ער געזאָגט, בערל? — האָט יענקעלע מיט האַרץ-קלאַפּעניש געפרעגט.

— גוט, דאַכט זיך... — האָט בערל מיט ספקות געענטפערט.

— מיר האָט זיך אויך געדאַכט, אַז ער האָט געזאָגט „גוט!"

— האָט יענקעלע זיך אַליין באַרואיקט. ער האָט אַ זיפץ געטאָן און צוגעגעבן מיט שרעק:

— ער קאָן נאָך דעם בריוו אָנווערן!

— ביים בעסער אָפּ די צונג! — איז בערעלע אין כעס גע-וואָרן.

און פאַרקלעמט וועגן גורל פון זייער בריוו אַהיים, האָבן זיי זיך געלאָזט גיין אויף זייערע „טעג", וואָס זיי האָבן געהאַט אין באַזונדערע גאַסן.

## ב

אַזוי זיינען די צוויי ברידערלעך דריי מאָל אין וואָך, ווען לייזער בעל-עגלה קומט צופאָרן אַהער, אַלע אינדערפרי ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן אויף דער דלותאָווקער אַכסניא, פרעגן אַן „ענטפער" אויף זייער בריוועלע, און לייזער דער בעל-עגלה איז וואָס אַמאָל אַלץ מער צעטראָגענער, בייזער און ענטפערט זיי, אָדער האַלבע ווערטער, וואָס די צוויי ברידערלעך באַנעמען זיי ניט און וואָלטן

וועלן איבערפרעגן, וועז זיי וואָלטן קיין מורא ניט געהאַט, אָדער ער ענטפערט זיי גאָרניט, און זיי גייען אַוועק מיט צעקלעמטע הערצער.

איינמאָל אָבער האָבן זיי דערהערט פון לייזער דעם בעל־עגלה גאַנצע ווערטער, וואָס זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען:

— וואָס האָט איר זיך, קונדייסים, צוגעטשעפּעט? וואָס דולט איר מיר אַ קאָפּ: בריוול, שמיוול!... איר צאָלט מיר אַ סך?... איך בין אייערער אַ פּאָסטאַליאָן? וואָס? גייט אייך געזונטערהייט...

די צוויי ברידערלעך זיינען טאַקע אַוועקגעגאַנגען, אָבער ניט געזונטערהייט, ווי ער האָט זיי געהייסן: די הערצעלעך האָבן זיי מאָדנע געדריקט, שטאַרק ווי געטאָן און די יונגע דינע פּיס האָבן זיך געבויגן און טראָפּנס טרערן האָבן זיך זיי אין די אויגן גע־שטעלט און אַראָפּגערונען אויף דער ערד און צעטראָטן געוואָרן פון מענטשלעכע שווערע טריט...

און מער זיינען זיי שוין ניט געגאַנגען צום בעל־עגלה פרעגן אויף אַ בריוו.

— ליגט ער אין דר'ערד! — האָבן זיי געשאָלטן, כאָטש זיי־ערע הערצלעך האָבן עס ניט געמיינט, און זיי האָט געצויגן כאָטש גיין זען לייזער בעל־עגלה, זיין פערד און וואָגן.

## ג

איינמאָל אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, נאָכדעם ווי דער בעל־עגלה האָט זיי אַזוי פאַריאָגט, זיינען די צוויי ברידערלעך געזעסן ביי דער אָרעמער קרובה אין שטיבל און האָבן גערעדט וועגן דער היים, דאָס איז געווען אַ זומערדיקער טאָג, פרייטיק.

— וואָס קער איצטער צו טאָן דער טאַטע? — האָט יענקעלע אַ זאָג געטאָן, אַריינקוקנדיג אין די קליינע שייבעלעך פון די קליינע פענצטערלעך.

— ער שניידט אוודאי די נעגל, — האָט בערעלע מיט אַן אור־מעטיקן שמייכעלע געענטפערט.

— ער מוז גאָר איצטער צעהאַקן אַ „פיסנאָהע"... — האָט יענ־קעלע זיך פאַרגעשטעלט אין דמיון — און די מאַמע מוז קעמען איצטער כיענעלען, און כיענעלע מוז אוודאי וויינען...

— גענוג צו רעדן נאַרישקייטן, — האָט בערעלע אים אָפּגע־שטעלט — וואָס קאָן מען וויסן הינטער די אויגן, וואָס דאַרטן טוט זיך? אפשר איז עמיצער גאָר געשטאָרבן! — האָט ער צום סוף גענומען שרעקן יענקעלען.

— גיי, גיי, משוגענער! — האָט יענקעלע איבערגעשלאָגן — אַז מען שטאַרבט, זאָגט מען דאָך אָן...

— אפשר האָט מען אָנגעזאָגט און דער בעל־עגלה גיט אונז ניט איבער...

— אַי, געָנוג צו פּלוידערן! — האָט שוין יענקעלע זיך צע־בייזערט אויף אַן אמת...

— שאַ, נאַרעלע, איך לאַך דאָס! — האָט בערעלע אים באַ־רואיקט — אַלע לעבן...

יענקעלע איז פריילעך געוואָרן און האָט פּלוצלונג אַ שפּרונג געטאָן אין דער הויך און מיט לוסטיקע אויגעלעך אויסגעשריען:

— בערל! פאָלג מיך, לאָמיר גאָר שיקן אויף פּאָסט אַ בריוול אַהיים.

— ביסט גערעכט! — האָט בערל איינגעשטימט — איך האָב אָבער קיין געלט ניט.

— איך האָב אַ פּירערל, מיר איז געבליבן פון נעכטיקן צענערל. אויף מיין „דאַנערשטיק" גיט מען דאָך מיר, ווייסט דאָך, אַ צענערל אויף וועטשערע, איז מיר אַ פּירערל געבליבן.

— און איך האָב אויך אַ קאָפּיקע! — האָט בערל געזאָגט — אַקוראַט אויף אַ קאַרטל.

— ווער וועט אָבער שרייבן? — האָט יענקל געפרעגט.

— איך, — האָט בערעלע געענטפערט — איך בין דאָך על־טער, איך בין דאָך אַ בכור...

— איך גיב דאָך אָבער אַ פּירער.

— אַ בכור איז מער ווערט ווי אַ פּירער.

— ניין, איך וועל שרייבן אַ האַלבע און דו אַ האַלבע, האַ?

— זאָל זיין אַזוי, קום קויפן אַ קאַרטל!

און די צוויי ברידערלעך זיינען אַוועקגעלאָפן קויפן אַ קאַרטל אין פּאָסט.

— דאַ וועט זיך גאָרניט אויסשטעלן! — איז יענקעלע ניט געווען צופרידן, באַטראַכטנדיק, צוריקגייענדיק אַהיים, דאָס קליינע קאַרטל.

— מיר וועלן שרייבן קליינע אותיותלעך, מאַנטשינקע, — האָט בערעלע אַן עצה געגעבן.

— וועט דער טאַטע ניט קאָנען איבערלייענען...

— נישקשה! ער וועט אָנטאָן די שפּאַקולן!

— נו, קום גיכער! — האָט יענקעלע געטריבן.

זיין הערצל איז שוין פול געוואָרן מיט ווערטער, און ער האָט זיי געוואָלט שוין אויף דער גיך אויסגיסן אויפן שטיקעלע פּאַפּיר, פאַר וועלכן ער האָט זיין גאַנצן פאַרמעגן אוועקגעגעבן...

זיי זיינען געקומען אין שטיבל און האָבן זיך גענומען מכין זיין צום שרייבן.

בערל האָט גענומען שרייבן דער ערשטער, יענקעלע איז געשטאַנען און געקוקט.

— הייב אָן העכער, דאָ קאָן מען דאָך שרייבן אַ שורה. וואו האָסטו אַזוי וויט אַוועקגעשטעלט דעם „לאהובי אָבי!“ — האָט יענקעלע געשריען.

— וואו זאָל איך אים שטעלן? אויפן הימל, וואָס? — האָט בערעלע געערדט און געטריבן פון זיך יענקעלען:

— גיי אַוועק! איך וועל דיר לאָזן אַ האַלבע, טומל מיר ניט...

— שאַ! שאַ! — איז יענקעלע אָפּגעטראָטן און געקוקט פון דער וויט מיט דאַרשטיקע אויגלעך אויף בערעלען, ווי אַזוי יענער זיצט פאַרטיפט און שרייבט, שרייבט, קנייטשט דאָס שטערנדל און טונקט די פען און פאַרטראַכט זיך און שרייבט ווייטער.

— גענוג שוין! — האָט יענקעלע אין עטלעכע מינוט אַ געשריי געגעבן.

— עס איז נאָך ניט קיין האַלבע, — האָט בערעלע שרייבנדיק געענטפערט.

— מיר קומט דאָך מער ווי אַ האַלבע! — האָט יענקעלע שוין בייז געשריען. דער חשק צום שרייבן, אויסגיסן דאָס האַרץ פאַר די היימישע האָט אים שוין אינגאַנצן דורכגענומען.

נאָר בערעלע האָט שוין ניט געהערט. ער האָט זיך צום אָנהויב שטאַרק אַריינגעלאָזט אין מליצות, ווי „ראשית באתי להודיעך שאני בריא וקים“. ער דאַרף נאָך פאַרמסרן לייזער דעם בעל־עגלה, ער דאַרף נאָך שרייבן, וויפל בלאַט גמרא ער האָט אָפּגעלערנט, ער דאַרף געבן אָנצוהערעניש, אַז מען זאָל זיי שיקן עפּעס אַ פּאָסילקעלע, ווייל עס פעלט זיי צו מאָנטיק און צו מיטוואָך, און דער דינסטיק איז אויך ווי גאָרנישט.

און בערעלע שרייבט און שרייבט און יענקעלע קאָן זיך שוין ניט איינהאַלטן, ער זעט ווי בערעלע פאַרנעמט מער ווי אַ האַלבע.

— גענוג! — איז ער צוגעלאָפן מיט אַ געשריי און אָנגעכאַפּט פאַרן הענטל פון פעדער.

— נאָך דריי ווערטער! — האָט זיך בערעלע געבעטן.

— אָבער געדענק־זשע: מער ניט! — האָט יענקעלע געשריען און די אויגעלעך האָבן אים געפלאַקערט...

און בערעלע האָט זיך גענומען שרייבן די דריי ווערטער. נאָר דער געדאַנק, וועלכן ער האָט געדאַרפט אויסדריקן, האָט געפאָדערט נאָך אַ צען־פופצן ווערטער, און בערעלע, אַ באַגייסטערטער פון שרייבן, האָט געפיקט אויפן פּאַפּיר און פאַרנומען נאָך אַ שטיק פון דער אַנדערער העלפט פון קאַרטל.

— דו הערסט אויף! — האָט יענקעלע אויסגעשריען און זיך היסטעריש פאַנאַנדערגעוויינט, באַטראַכטנדיק דאָס קליין שטיקעלע, וואָס איז פאַר אים געבליבן...

— שאַ, נאָך ממני בנך... — האָט זיך בערעלע געבעטן — מער ניט!...

נאָר יענקעלע דערמאָנט זיך, אַז ער האָט געגעבן אַ גאַנצן פּירערל און בערלס וועט מען אין דער היים לעזן אַזוי פיל, איז ער אַזוי צוקאָכט געוואָרן, אַז ער האָט גענומען מיט ווילדקייט רייסן פון אונטער בערלס הענט דאָס קאַרטל.

— לאָז מיר שטעלן נאָך „ממני בנך"! — האָט זיך בערעלע שטאַרקער געבעטן — מער ניט!...

— עס וועט זיין רעכט אָן „ממני בנך"... — האָט יענקעלע געשריען, כאָטש ער האָט געפילט, אַז ממני בנך מוז זיין. דער כעס האָט אים אָבער גענומען קאָכן און ער האָט גענומען שלעפּן מיט גוואַלט דאָס קאַרטל; בערעלע האָט פעסט צוגעדריקט, נאָר יענקעלע האָט אַזאַ שטאַרקן שלעפּ געטאָן, אַז דאָס קאַרטל האָט זיך אויף צווייען צעריסן.

— וואָס האָסטו געטאָן, גזלן? — האָט בערל ווילד אויסגעשטעלט זיינע אויגן אויף יענקעלען.

— איך האָב געוואָלט אַזוי! — האָט יענקל געזאָגט דורך פאַרשטיקטע טרערן.

— וואָס האָסטו געטאָן? — האָט בערל ווייטער געפרעגט, קוקנדיק מיט פאַרצווייפלטע בליקן אויף די צוויי האַלבע צעריסענע שטיקער פון דעם פּאָסט־קאַרטל.

נאָר יענקל האָט ניט געקאָנט ענטפערן, די טרערן האָבן אים געוואָרגן. דאָ האָט שוין בערל אויך ניט אויסגעהאַלטן און דאָס קליינע שטיבל איז פול געוואָרן מיט יאָמער...

שלום־עליכם.

# צו דער סעודה

## א

—איך ווייס ניט, וואָס פון דעם קינד וועט זיין, וואָס פון דעם קינד וועט אויסוואַקסן? עפּעס אַ קוואַטש, אַ נאַסע האַנטשירקע, אַ וויינענדיקע קלאַגמוטער, צו אַלדע גוטע יאָר! אַ קינד זאָל האַלטן אין איין וויינען!

אַזוי זאָגט די מאַמע מיינע צו זיך אַליין, טוט מיך אָן יום־טובדיק און דערלאַנגט מיר אַלעמאָל אָדער אַ בוכינצע אין זייט, אָדער אַ סטוסאַק אין פּלייצע, אָדער אַ נעם ביים אויער, אָדער אַ ציפּצאַפּ ביי די האָר, אָדער אַ רייס אוים אַ שטיק פליייש, און זי וויל נאָך, אַז איך זאָל פון אַזעלכע עובדות לאַכן, ניט וויינען. און זי פּאַרקנעפּלט מיך פון אויבן ביז אַראָפּ אין מיין שבתדיק קאַ־פּאָטקעלע, וואָס איז שוין לאַנג אויף מיר אַזוי ענג, אַז עס שפּאַרט מיר אַרוים די אויגן פון קאָפּ, און דערצו זיינען די אַרבל עפּעס מאָדנע קורץ, און מיינע תמיד רויט־בלויע הענט זיינען עפּעס ווי אַרויסגעוואַקסן פון די אַרבל און זעען אוים, ווי געשוואָלן, און דאָס קאָן די מאַמע מיינע ניט איבערטראָגן.

— זע נאָר אַ פּאָר ידים! — זאָגט זי און דערלאַנגט מיר אַ פּאַטש איבער די הענט, איך זאָל זיי אַראָפּלאָזן אַראָפּ, מען זאָל זיי ניט אַרויסזען. — ביים פעטער הערין ביים טיש, אַז דו וועסט מיר זיצן, זאָלסטו מיר די ידים האַלטן פון אונטן, דו הערסט וואָס איך זאָג דיר? און דאָס פּנים דיינס זאָל מיר ניט זיין אַזוי רויט, ווי, להבדיל, ביי יעוודאָכע דער שיקסע, און מיט די עינים זאָלסטו מיר ניט גלאָצן, ווי אַ קאָטער, דו הערסט וואָס מען רעדט צו דיר? און זיצן זאָלסטו מיר ווי אַ מענטש, און דער עיקר — די נאָז, אוי אַ נאָניע! גיב נאָר אַהער די נאָניע דיינע, לאָמיך זי דיר נאָר צורעכט־מאַכן!

כל־זמן די נאָז איז אַ נאָז, איז נאָך צו דערליידן, נאָר אַז די נאָז מיינע ווערט ביי דער מאַמען אַ „נאָניע”, און זי נעמט זיך צו איר זי „צורעכט־מאַכן” — איז שוין אַז אָך און אַז ווי צו איר, צו מיין נאָז הייסט עס. איך ווייס ניט, וואָס האָט מיין נאָז ביי

איר אַזוי פאַרזינדיקט, מער פון אַלע אברים, וואָס זי איז איר אַזאַ בלוטיקער שונא? דאַכט זיך, אַ נאָז, ווי אַלע נעזער, אַביסל אַ גראָבלעכע, אַביסל אַ רויטלעכע און אַביסל פאַרריסן ארויף, און אַביסל האָט זי ליב צו זיין פאַרנעצט. נו, איז וואָס? באַדאַרף מען זי אַזוי טרייבן אין דער ערד אַריין? איר מעגט מיר גלויבן, עס זיינען געווען צייטן, וואָס איך פלעג בעטן גאָט, ער זאָל זי ביי מיר צונעמען, זי זאָל מיר נאָר עפּעס אָפּפאַלן, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, און אַ סוף! עס פלעגט זיך מיר פאָרשטעלן אין דער פאַנטאַזיע, אַז אָט שטיי איך אויף אין אַ שיינעם פרימאָרגן אָן אַ נאָז און גיי צו צו דער מאַמען נאָך איבערבייסן, טוט זי מיך אַ כאַפּ: „ווייז איז מיר! וואו איז דיין נאָז?" זאָג איך: „וואָסער נאָז?" און איך טאַפּ מיך מיט דער האַנט איבערן גאַנצן פּנים און קוק אויף דער מאַמע, ווי זי איז אוים מענטש, און האָב אַ נקמה: „אַ מצווה! לאָז זי זען, וואָס פאַר אַ פּנים איר זון האָט אָן אַ נאָז!"... קינדערשע מחשבות! נאַרישע פאַנטאַזיעס! גאָט הערט ניט מיין געבעט; די נאָז וואַקסט, די מאַמע מאַכט זי אַלעמאָל צורעכט, און איך ווער פאַרשוואַרצט מיט איר אינאיינעם. און מער פון אַלע מאָל קומט זי נעבעך אָפּ, די נאָז מיינע, אַז עס קומט אונטער אַ יום־טוב, למשל, אַ מין פּורים, און מיר קלויבן זיך צום פעטער הערץ צו דער סעודה.

ב

דער פעטער הערץ איז ניט נאָר דער גביר אין דער משפּחה — ער איז דער ראש וראשון ביי אונז אין שטעטל, און אין אַלע שטעטלעך אַרום און אַרום איז הערץ און הערץ און הערץ. איר קענט פאַרשטיין, אַז ער האָט פערד אַ פּאָר ברענענדיקע מיט אַ טאַראַנטאַס אָן אייגענעם, וואָס אַז ער פאָרט, טראַסקן די רעדער אַזוי שטאַרק, אַז דאָס גאַנצע שטעטל לויפט אַרויס זען, ווי דער פעטער הערץ פאָרט; און דער פעטער הערץ זיצט גאַנץ אויבנאָן אין טאַראַנטאַס מיט דער שיינער מעשענער קיילעכדיקער באָרד און מיט די בייזע גרויע אויגן, און שאָקלט זיך הין און הער, און קוקט אויף אַלעמען דורך די זילבערנע ברילן פון אויבן אַראָפּ, ווי איינער רעדט: „ווי קומט איר, פאַרכעס, צו מיר? איך בין הערץ דער נגיד און פאָר מיר אין קאַרעטע, און איר זענט קאַסריליקעס, האָלעדראַנצעס, קבצנים, און טיאַפּקעט זיך אין דער בלאָטע!"

איך ווייס ניט, ווי אַזוי דער איבעריקער עולם, נאָר איך האָב דעם פעטער הערץ אַזוי פיינט, אַז איך קען ניט אָנקוקן דאָס רויטע

פנים זיינס מיט די פעטע באַקן, מיט דער מעשענער באָרד, מיט די זילבערנע ברילן, מיט דעם גראָבן בויך, מיט דער מאַסיווער גאָלדענער קייט, וואָס ער טראָגט אויפן בויך, און מיטן קיילעכדיקן זיידענעם יאַרמעלקעלע, וואָס ער טראָגט אויפן קאָפּ, און ועל כולם — דאָס הוסטעלע זיינס: ער האָט זיין אייגנס אַ הוסטל, וואָס גייט ביי אים מיט אַ קנייטש מיט די פּלייצעס און מיט אַ מאַך מיטן קאָפּ אַרויף און מיט אַ פאַרשק מיט די ליפּן, ווי איינער רעדט: דרך־ארץ! דאָס האָב איך, הערץ, געגעבן אַ הוסטל, ניט מחמת, חס ושלום, איך האָב מיך צוגעקילט, נאָר גלאַט אַזוי, איך וויל מיר הוסטן — הוסט איך...

איך קען ניט פאַרשטיין אונזער געזינדל: וואָס כאַפּט זיי אַזוי דער גוטער יאָר, אַז עס קומט פּורים און מען קלויבט זיך צום פעטער הערץ צו דער סעודה? עס דאַכט זיך מיר, אַז זיי האָבן אים אַלע ליב, אַזוי ווי אויגנווייטיק, און די מאַמע אַליין, וואָס זי איז אים אַן אייגענע שוועסטער, גייט אויך ניט אויס אַזוי שטאַרק נאָך אים, וואָרום אַז די עלטערע קינדער זיינען ניטאָ אין דער היים (פאַר מיר שעמט זי זיך ווינציק וואָס אַפּנים), בענטשט זי דעם פעטער הערץ מיט מאָדנע ברכות, זי ווינטשט אים: ער זאָל איבערגיין איבער אַ יאָר, אם ירצה השם, אויף איר שטאַנד... און לאָז אָבער אַן אַנדערער פרואוון זאָגן אויפן פעטער הערץ אַ שלעכט וואָרט, וועט זי יענעם אַרויסרייסן די אויגן...

## ג

וואָס קער זיך אָן מיט אונז דער פעטער הערץ? צי לעבן מיר פון אים? אָדער מיר האָבן גלאַט פון אים גרויסע טובות? דאָס קען איך אייך ניט זאָגן, וואָרום איך ווייס ניט. איך זע נאָר, אַז אַלע ביי אונז אין הויז, פונ׳ם גרעסטן ביזן קלענסטן, ציטערן פאַרן פעטער הערץ אימת־מות. און אָט איז געקומען פּורים, איז מיט צוויי וואָכן פריער הויבט מען זיך שוין אָן גרייטן צום פעטער הערץ צו דער סעודה. מיין עלטערער ברודער, משה־אברהם, אַ בחור׳ל מיט בלאַסע איינגעפאַלענע באַקן און מיט שוואַרצע פאַרטראַכטע אויגן, גלעט זיך די פּאות אַלע מאָל, ווען מען דערמאָנט אים „ביים פעטער הערץ צו דער סעודה". און ווער שמועסט מיינע צוויי שוועסטער, מרים־רייזל און חנה־רחל, וואָס איינע פון זיי איז שוין אַ כלה, — די האָבן זיך געלאָזט נייען קליידלעך נאָך דעם לעצטן פאַסאָן צוליב

דער סעודה, וואָס ביים פעטער הערץ, און האָבן זיך געקויפט שיינע קעמעלעך מיט סטענגעלעך צו די האָר, און האָבן געוואָלט אויך די שיך מען זאָל זיי געבן פאַרריכטן, האָט די מאַמע אָפּגעלייגט שוין אויף פסח, כאָטש עס האָט זי גוט געקרענקט, וואָס זיי גייען נעבעך באָרוועס. און איבערהויפּט פון מרים-רייזלען האָט זי געהאַט יסורים, דער חתן זאָל חלילה ניט דערזען, אַז זי טראָגט צעריסענע שיך. זי האָט אַזוי אויך געגוג צרות פון דעם חתן, וואָס לא די ער איז אַ גראָבער יונג, כלומרשט אַ שטיקל בוכהאַלטער, דאָס הייסט, מחילה, אַ קאָמי אין אַ געוועלב, איז ער נאָך אַן איבערקלייבער און וואָלט אַ בעלן געווען, אַז די כלה זיינע, מיין שוועסטער הייסט עס, זאָל גיין אויסגעפּוצט נאָכן לעצטן פאַסאָן ווי אַ פּרינצעסן...

## ד

— ביסט שוין גרייט צו דער סעודה? — פרעגט די מאַמע ביים טאַטן, אויפן אַנדערן טאָג נאָך דער מגילה.

— וואָס איז שייך גרייט? — ענטפערט איר דער טאַטע און טוט אָן די שבת־דיקע בעקעשע. — וואו זיינען די קינדער?

— די קינדער זיינען שוין באַלד גרייט, — ענטפערט די מאַמע, כאָטש זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז די קינדער, דאָס הייסט מיינע שוועסטער, זיינען נאָך ווייט פון גרייט. זיי צוואָגן זיך ערשט די קעפּ, שמירן זיך די האָר מיט מאַנדלאייל, פאַרקעמען זיך איינס דאָס אַנדערע, פּוצן זיך אויס און טוען אָן די נייע קליידלעך, באַשמירן די שיך מיט פלאַסטערן-שמאַלץ, זיי זאָלן גלאַנצן, אויסזען ווי ניי. נאָר וואָס קומט אַרויס פון זייער גלאַנצן, אַז די אָפּצאַסן, אוי די אָפּצאַסן, האָבן זיך אָפּגעזעצט, און פון פאָרנט כמעט וואָס מען זעט אַרויס די פינגער... וואָס טוט מען, דער חתן זאָל דאָס, חלילה, ניט דערזען? און, ווי אויף להכעיס, טראָגט אים אָן דער רוח, דעם קאָמי, אין אַ פרישן אַנצוג מיט אַ שטאַרק־אָנגעקראָכמאָלעטן קאָלנער מיט אַ גרינעם מאָדן-שניפּס, און פון די שטאַרק־אָנגעקראָכמאָלעטע ווייסע מאַנזשעטן קוקן אַרויס צוויי געזונטע הענט מיט שוואַרצע נעגל, און די פריש־אונטערגעשוירענע האָר ביי אים שטייען קאַפּויער, און אַ ווייס שטאַרק־אָנגעקראָכמאָלעט נאָז-טיכל שלעפּט ער אַרויס פון קעשענע, און עס שמעקט פון אים אַ שטאַרקער ריח פון בשמים, נעגלעך און געווירצן, וואָס פאַרגייט אין נאָז אַריין, און איך הויב אָן צו ניסן, און פון דעם ניסן פּלאַצט מיין קאַפּאָטקעלע

און עס שפּרינגען אָפּ פון דעם צוויי קנעפּלעך. דערזעט די מאַמע און גיט מיר אַ וויסטן פּעטשאַטעק.

— אַ יונגאַטש זאָל ניט קענען איינהאַלטן אויף זיך קיין קנעפּל, צעשפּרונגען זאָלסטו ניט ווערן! — אַזוי זאָגט די מאַמע, כאַפּט אַ נאָדל־פאָדעם, נייט מיר צו די אָפּגעשפּרונגענע קנעפּלעך, און אַז אַלע ווערן פאַרטיק, לאָזן מיר זיך גיין צום פעטער הערץ צו דער סעודה.

פריער פאַר אַלע, אויפגעהויבן די פאָלעס, גייט דער טאַטע; נאָך אים, אין אַ פּאָר מאַנסבילשע שטיוול, — די מאַמע, מחמת די בלאָטע איז זייער גרוים; נאָך איר —ביידע שוועסטער מיט זאַנטיקלעך אין די הענט (טאָמער ווייסט איר, אויף וואָס דאַרף מען פּורים זאַנטיקלעך?); נאָך זיי שפּרייזט מיין עלטערער ברודער משה־אברהם איבער דער בלאָטע, האַלט מיך פאַר אַ האַנט און זוכט אַ טרוקן שטיקל אָרט, אַ סטעזשקע, און טרעפט אַקוראַט אין דער רעכטער בלאָטע אַריין און טוט זיך אַלע מאָל אַ כאַפּ, ווי אַן אָפּגעבריטער: „איף־אַ!״ ביי דער זייט גייט אונזער חתן, דער קאָמי, אין אַ פּאָר נייע טיפע קאַלאָשן, דער איינציקער, וואָס טראָגט קאַלאָשן, און שרייט אויס אַלע מינוט הויך אויף אַ קול, אַלע זאָלן הערן: איך זאָל כאָטש ניט אָננעמען קיין בלאָטע אין די קאַלאָשן!... און אָט אַזוי קומען מיר צום פעטער הערץ צו דער סעודה.

## ה

כאָטש ס'איז נאָך גרויסער טאָג, דאָך ברענען שוין ביים פעטער הערץ אין שטוב ליכט אַ סך מיט לאָמפּן אויף די טישן און מיט העסעמס אויף די ווענט. דער טיש איז געגרייט; אַ מוראדיקער פּורים־קוילעטש, ווי אַ שור־הבר די גרוים, פאַרנעמט אַ שטיק טיש, און אַרום טיש שטייט די גאַנצע משפחה אונזערע, אַלע פעטערס מיט אַלע מומעס מיט אַלע אונזערע שוועסטערקינדער — אַלע, ברוך־השם, אָרעמע־לייט, ווער מער און ווער ווייניקער, און מען רעדט צווישן זיך שטילערהייט און מען וואַרט, ווי אויף אַ ברית, בשעת קוואַטער באַדאַרף אַריינטראָגן דאָס קינד. דעם פעטער הערץ זעט מען ניט, און די מומע הערצעליכע, אַ אידענע מיט ווייסע פּערל און מיט שוואַרצע ליפּן און מיט אַריינגעשטעלטע ציין, דרייט זיך אַרום פאַרטאַראַראַמט אַרום טיש, שטעלט אויס די טעלער, ציילט אונז איטלעכן באַזונדער מיט דער לינקער האַנט, האָט גאָר קיין מורא ניט פאַר קיין עין־הרע... און אָט עפנט זיך די טיר און עס

באַווייזט זיך דער פעטער הערץ אַליין, אָנגעטאָן יום־טובדיק, אין אַ זיידענער גלאַנצנדיקער בעקעשע, מיט שטאַרק ברייטע אַרבל און מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ, וואָס ער טוט דאָס אָן נאָר פּורים צו דער סעודה און פּסח צום סדר, און די גאַנצע משפּחה טוט זיך צו אים אַ בויג, די מאַנסבילן שמייכלען עפּעס זייער מאָדנע, רייבן אַ האַנט אין אַ האַנט, די ווייבער גיבן אים אָפּ „גוט יום־טוב", און מיר, יונגוואַרג, בלייבן שטיין, ווי די גולמס, ניט צו וויסן וואָס מען טוט מיט די הענט... דער פעטער הערץ באַטראַכט אונז אַלעמען, די גאַנצע משפּחה, מיט איין ברייטן קוק, פון אויבן אַראָפּ, מיט זיינע בייזע גרויע אויגן, דורך די זילבערנע ברילן, טוט בשעת מעשה א הוסטל און אַ מאַך צו אונז מיט דער האַנט:

— נו, פאַרוואָס זיצט איר ניט? זעצט זיך אַוועק, אַט שטייען בענקלעך.

די גאַנצע משפּחה זעצט זיך אַוועק, איטלעכער אויף אַן עק בענקל, האָט מורא זיך צוצורירן צום טיש, עס זאָל חלילה ניט זיין קיין שאָדן, און אַ מוראדיק שטילשווייגעניש הערשט אין זאַל. מען הערט די ליכט ווי זיי ברענען, עס שימערירט אין די אויגן, און אויפן האַרצן איז קאַלאַמוטנע. מען איז אי הונגעריק, אי עס ווילט זיך ניט עסן; עס האָט אָפּגענומען מיט אַמאָל דעם אַפּעטיט, ווי מיט די הענט.

— וואָס שווייגט איר? זאָגט עפּעס, דערציילט עפּעס! — מאַכט דער פעטער הערץ און טוט אַ הוסטעלע מיט אַ קנייטש מיט די פּלייצעס און מיט אַ מאַך מיטן קאָפּ אַרויף און מיט אַ פּאַרשק מיט די ליפּן.

די משפּחה שווייגט. קיינער וואַגט ניט צו זאָגן אַ וואָרט ביים פעטער הערץ ביים טיש. מאָדנע נאַריש שמייכלען די מאַנסבילן, ווילן עפּעס זאָגן און וויסן ניט וואָס; משונה־ווילד קוקן זיך דורך די ווייבער, רעדן מיט די אויגן; און מיר, יונגוואַרג, ברענען, ווי אויף פּאָקן. מיינע ביידע שוועסטער קוקן זיך אָן איינס דאָס אַנדערע, גלייך ווי זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט געזען. מיין ברודער משה־אברהם קוקט אויף דער וועלט מיט אַ בלאָס איבערגעשראָקן פּנים. קיינער, קיינער וואַגט ניט צו זאָגן אַ וואָרט ביים פעטער הערץ ביים טיש. נאָר איינער פילט זיך דאָ גוט, ווי אומעטום און ווי אַלעמאָל; דאָס איז מיין מרים־רייזלס חתן דער קאָמי. ער ציט אַרויס די גרויסע אָנגעקראָכמאַלעטע און שטאַרק־שמעקעדיקע

פאטשיילע פון דער הינטערשטער קעשענע, שנייצט אוים די נאָז גאַנץ ברייטלעך, ווי ביי זיך אין דער היים, און רופט זיך אָן:

— פורים זאָל זיין אַזאַ בלאָטע! איך האָב געמיינט, איך נעם אָן פולע קאַלאָשן...

— ווער איז דער יונגערמאַן, האַ? — טוט אַ פרעג דער פעטער הערץ, הויבט אויף די זילבערנע בריל און טוט אַ הוסטל, אַ קנייטש מיט די פלייצעס און אַ מאַך מיטן קאָפּ אַרויף און אַ פאַרשק מיט די ליפּן.

— עס איז מיין... מיין חתן... מיין מרים-רייזלס חתן, — מאַכט דער טאַטע מיט אַ שטיל קול, ווי אַ מענטש, וואָס איז זיך מודה, אַז דאָס האָט ער געהרגעט אַ מענטשן, און מיר אַלע בלייבן זיצן, ווי געליימט, און מרים-רייזל — וויי, וויי! — מרים-רייזל ברענט, ווי אַ שטרויענער דאַך!

דער פעטער הערץ באַטראַכט די גאַנצע משפחה מיט אַ ברייטן קוק פון זיינע בייזע גרויע אויגן, שענקט אונז נאָך אַ הוסטל און אַ קנייטש מיט די פלייצעס און אַ מאַך מיטן קאָפּ אַרויף און אַ פאַרשק מיט די ליפּן, און טוט אַ זאָג צו אונז:

— נו, פאַרוואָס גייט איר זיך ניט וואַשן? גייט וואַשט זיך, אָט שטייט וואַסער.

ו

געוואַשן זיך און אָפּגעזאָגט „שאו ידיכם”, זעצן מיר זיך אוים, די גאַנצע משפחה, אַרום טיש, און וואַרטן, ביז דער פעטער הערץ וועט מאַכן „המוציא”, וועט אויפשניידן דעם מוראַדיקן פורים-קוילעטש, וואָס איז גרוים ווי אַ שור-הבר, און דערווייל זיצן מיר אָן לשון, ווי די שטומע, וואָלטן וועלן שוין טאַקע עפּעס נעמען אין מויל אַריין, נאָר דער פעטער הערץ, ווי אויף צו להכעים, מאַכט לאַנגע שהיות, ווי אַ גוטער איד, ווי אַ רבי. קוים, קוים, דערלעבט זען דעם שור-הבר אַ געקוילעטן, און איידער מיר שלינגען אַראָפּ דעם ערשטן ביסן, טוט שוין דער פעטער הערץ אַ קוק מיט די בייזע גרויע אויגן אויף דער גאַנצער משפחה מיט אַ הוסטל, מיט אַ קנייטש מיט די פלייצעס און מיט אַ מאַך מיטן קאָפּ אַרויף און מיט אַ פאַרשק מיט די ליפּן און אַ זאָג:

— נו? פאַרוואָס זינגט איר עפּעס ניט? זינגט עפּעס אַ ניגון צו דער סעודה, עס איז דאָך היינט עפּעס פורים אויף דער וועלט!

די גאַנצע משפחה קוקט זיך איבער מיט די אויגן, שושקען זיך עפּעס, רעדן שטילערהייט, הייסן איינער דעם אַנדערן זינגען, דינגען זיך: „זינג עפּעס.״ „זינג דו.״ „וואָס עפּעס איך? פאַרוואָס ניט דו?״ אַזוי לאַנג, ביז עס כאַפּט זיך ניט ארוים מיט אַ ניגון איינער פון אונזער משפחה, אברהמיל דעם פעטער איציעס, אַ יונגערמאַן, וואָס ס'וואַקסט אים ניט קיין באָרד און ער פינטלט מיט די אויגן און האָט אַ קוויטשיק קול און מיינט, אַז ער קען זינגען.

וואָס פאַר אַ מין ניגון אברהמיל דעם פעטער איציעס האָט געוואָלט אויסזינגען — ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז ער האָט זיך געגעבן אַ נעם ביים גאָרגל און אַ שטעל אוועק אַ פאַלשן טאָן און — אַ קוויטש אוים אויף אַ פאַרדומפּענער, צו הויכער שטימע אַ משונה־ווילדע טרויעריקע זאַך, און געמאַכט האָט ער דערביי אַזאַ מאָדנע טרויעריק־לאַכנדיק פּנים, אַז מען האָט באַדאַרפט זיין אַ גאָט, אָדער אַ מלאך, מען זאָל זיך איינהאַלטן און ניט צעגיין פון געלעכטער, און בפרט אַז געגן מיר איז געזעסן יונגוואַרג און געקוקט מיט אַזעלכע אויגן, אַז מען האָט באַדאַרפט זיין שטאַרקער פון אייזן און נישט געבן אַ שאָס אוים קיין געלעכטער.

דער ערשטער שאָס איז געוועזן פון מיר, און דעם ערשטן פּאַטש פון דער מאַמען האָב געכאַפּט איך. דער פּאַטש האָט מיך אָבער ניט אָפּגעקילט; אדרבא, ער האָט ארויסגערופן ביי דער גאַנצער חברה יונגוואַרג, און אויך ביי מיר, אַ פרישן געלעכטער, און דער פרישער געלעכטער האָט אַרויסגערופן אַ פרישן פּאַטש און נאָכן פּאַטש — ווידער אַ געלעכטער, און נאָכן געלעכטער — ווידער אַ פּאַטש, אַזוי לאַנג, ביז מען האָט מיך אַרויסגעפירט פון זאַל אין קיך אַריין, פון קיך אין דרויסן אַרוים, פון דרויסן האָט מען מיך געבראַכט אַהיים אַ צעהרגעטן, אַ צעשלאָגענעם, אַ באַגאָסענעם מיט טרערן, מיט בלוטיקע טרערן — און איך האָב מיר יענעם אָוונט פאַרשאָלטן דאָס געביין, געשאָלטן דעם פּורים, געשאָלטן די סעודה, געשאָלטן אברהמיל דעם פעטער איציעס, און מער פון אַלע דעם פעטער הערץ — זאָל ער מיר מוחל זיין, ער איז שוין לאַנג אויף דער אמתער וועלט.

מ. ספּעקטאָר.

# דאָס שרעטעלע

## א

ווען מען זאָל פרעגן משהלען, ווען מען האָט ער בעסער ליב, וואָלט ער געענטפערט:

— טאַטע־מאַמע און דאָס זילבערנע לעמפל.

קיין בעסערער, פרייליכערער יום־טוב ווי די טעג, ווען מען האָט אַרויסגענומען דאָס זילבערנע לעמפל און אָנגעצונדן חנוכה־ליכטלעך, איז פאַר משהלען ניט געווען. ווען די מאַמע האָט עס אַרומגעפוצט לכבוד חנוכה, פלעגט משהלע לעבעדיק און פריילעך ווערן. מיט ליבע גלעט ער דאָס זילבערנע לעמפל און רעדט זיך פריינטלעך איבער מיט דעם געגילדעטן לייבעלע און מיט די צוויי פויגעלעך פון ביידע זייטן, וואָס געפינען זיך אויף דעם ווענטל פון דעם חנוכה־לעמפל.

— מאָרגן וועט זיין חנוכה, דער טאַטע וועט אָנצינדן די חנוכה־ליכטלעך, און אונז וועט זיין אַזוי פריילעך, אַזוי גוט! — זאָגט ער, אונטערטאַנצנדיק, דעם לייבעלע מיט די פויגעלעך און גיט זיי אַ גלעט.

און גוט און פריילעך איז טאַקע געווען. דער שטענדיק־פאַרזאָרגטער טאַטע איז געוואָרן גוט און ווייך, ווען ער האָט אָנגעצונדן דאָס ערשטע פייערל אין חנוכה־לעמפל און מיט אַ פריילעכן, שיינעם ניגון געזאָגט די ברכה. די מאַמע איז אויך געשטאַנען דערביי און האָט משהלען ניט געטריבן פון איר פאַרטוך, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט צו האַלטן, זיך טוליענדיק צו דער מאַמען. דער טאַטע בענטשט אָפּ חנוכה־ליכט און זאָגט אים:

— משהלע, קום נאָר אַהער!

און משהלע רייסט זיך אָפּ פון דער מאַמעס פאַרטוך און לויפט צו צו אים.

— דו ווילסט חנוכה־געלט? — זאָגט דער טאַטע, און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, לייגט ער אַריין די האַנט טיף אין קעשענע און נעמט פאַמעלעך אַרויס אַ רובל.

— אָט האָסטו, משהלע, אַ גאַנצן רובל חנוכה־געלט. איבער־

איאָר, אם ירצה השם, ווען דו וועסט זיין אַ לייטיש אינגל, וועל איך דיר געבן צוויי רובל.

דער טאַטע האָט אים אַ גלעט געטאָן איבערן בעקל, און די מאַמע האָט אים אַ קוש געגעבן.

משהלע באַטראַכט אַ מאָל צען דעם „גאַנצן” רובל. ער לויפט אַרום איבער דער שטוב און שטעלט זיך אָפּ ביים לעמפּל און קוקט נאָך אַמאָל אויף דעם גאַנצן רובל.

— וואו איז ער ערגעץ? משהלע, וואו ביסטו ערגעץ? — רופט דער פעטער גאָדל.

משהלע לויפט און כאַפּט פון פעטער חנוכה-געלט.

דערנאָך קומט די מומע יענטע, קריגט ער ווייטער געלט. דערנאָך קומט ר' איטשע-בער מיט דעם גרויסן בויך, אויף וועלכן עס הענגט אַ גראָבע גאָלדענע קייט, צוגעטשעפּעט צום קעשענע-זייגער. ער האָט שטענדיק מיט זיין טאַטן געשעפטן. אויסער אַ זילבערנעם פּערציקער, האָט ער אים געשענקט אַ זייגערל, וואָס גייט ניט און קלאַפּט ניט, נאָר עס האָט אַ ציפערבלאַט. ווער עס איז נאָר אַריינגעקומען צו זיי אין שטוב, אייגענע קרובים און גוטע באַקאַנטע, האָבן אים געגעבן חנוכה-געלט.

און אַזוי יעדן טאָג, ביים צווייטן, ביים דריטן און ביים פערטן ליכטל. וואָס ווייטער אַלץ פולער ווערט משהלעס קעשענע מיט חנוכה-געלט און מיט פאַרשיידענע קינדער-שפּילעכלעך און מיט „גוטע זאַכן”.

עס איז דאָס פינפטע ליכטל. די מאַמע באַקט לאַטקעס, און די פעטערס, מומעס און די גוטע באַקאַנטע זיינען פאַרבעטן. דערווייל זיצן אַלע אַרום דעם טיש און מען שפּילט אין „קוויטלעך” און אין קאָרטן.

משהלע מיט זיין פולער קעשענע חנוכה-געלט שטייט לעבן זיין ליב זילבערן לעמפּל, ער קוקט און קוועלט, ווי די פינף פייערלעך ברענען און טאַנצן אַזוי פריילעך און שפּיגלען זיך אָפּ אינ'ם זילבערנעם ווענטל פונ'ם לעמפּל, אַזוי אַז צוזאַמען ציילט ער איבער צען פייערלעך. דאָס גאָלדענע לייבעלע און די צוויי פויגעלעך זיינען נאָך שענער, ווי לעבעדיק, צוליב די שיינע פייערלעך, וואָס באַלייכטן זיי, און משהלען איז אַזוי גוט און יום-טובדיק אויפן האַרצן.

אַ גליקלעכער, פון גרויס פאַרגעניגן ווערט ער די חנוכה-נאַכט זיס געשמאַק אַנטשלאָפן.

די טייערע, ליבע חנוכה-טעג געדענקט משהלע אַ גאַנץ יאָר.

## ב

עס האָט זיך ווידער אָנגערוקט די צייט, ווען עס דאַרף באַלד זיין חנוכה. עס איז ווינטער, עס איז קאַלט, מען הייצט שוין לאַנג אין די הרובעס. אין דרויסן איז אַ פראָסט, עס שיט אַ שניי, און משהלע וואַרט אויף די טייערע חנוכה־טעג מיט גרויס שמחה.

היינט אויף דער נאַכט בענטשט מען דאָס ערשטע ליכטל, און משהלע דערזעט מיט שרעק, ווי זיין טאַטע נעמט אַ קאַרטאָפל, צעשניידט זי גלייך אויף צווייען, דערנאָך שניידט ער אויס פון ביידע העלבע אינווייניק צו שטיקלעך, אַזוי אַז זיי זעען דערנאָך אויס ווי צוויי קליינע שיסעלעך. אין איינעם לייגט ער אַריין אַ שטיקל פּאָדעם און גיסט אָן בוימל, מאַכט די ברכה און צינדט אָן דאָס קנייטל.

משהלען איז אַפילו אין אָנהויב געפעלן די קונציקע מלאכה, וואָס זיין טאַטע האָט געמאַכט מיט דער קאַרטאָפל, נאָר באַלד ווי דאָס פייערל האָט זיך אָנגעצונדן, איז אים עפּעס ווי פינצטער געוואָרן אין די אויגן און טרויעריק אויף דעם האַרצן. דאָס פייערל ברענט עפּעס אַזוי טרויעריק, פינצטערלעך, דאָס עלנטע פייערל אין דער שוואַרצער קאַרטאָפל האָט זיך ניט וואו אַפּצושפּיגלען, אַזוי ווי אין דעם זילבערנעם לעמפל.

— וואו איז דאָס זילבערנע לעמפל? — פרעגט ער די מאַמען מיט מורא.

נאָר ער באַקומט ניט פון קיינעם קיין ענטפער. ער זעט, ווי די מאַמע גייט אַוועק אין אַ ווינקעלע און ווישט זיך שטיל די אויגן מיט דעם פאַרטוך. זי באַהאַלט זיך אין ווינקעלע, דער טאַטע זאָל ניט דערזען.

משהלע האָט מורא צוצוגיין צו דער מאַמען. די מאַמע גייט אַוועק, און משהלע בלייבט אַליין אין שטוב. ער וואַרט, דער טאַטע זאָל אים רופן ווי אַלע יאָר: „משהלע, ווילסט חנוכה־געלט?" און היינט וועט ער אים געבן מער ווי פאַראַיאָרן, ווייל ער איז שוין היינט אַ גרויסער בחור, שוין עלטער מיט אַ יאָר. נאָר קיי־נער רופט אים ניט. ער הויבט אָן צו הוסטן — עס איז שטיל. ער גייט אַריין אין צווייטן צימער, וואו דער טאַטע איז דאָ, נאָר דער טאַטע באַמערקט אים אַפילו ניט, ער איז פאַרזאָרגט ווי אַ גאַנץ יאָר. קיין פעטערס, קיין מומעס און קיין באַקאַנטע קומען ניט, אַפילו רב איטשע־בער מיטן גרויסן בויך און מיט דער גראָבער

גאָלדענער קיט קומט ניט. קיינער קומט נישט און קיינער גיט אים ניט קיין חנוכה-געלט.

אויף דעם צווייטן טאָג האָט ער באַגעגנט אין גאַס אַ פּאָר פון זיין טאַטנס באַקאַנטע, וועלכע האָבן אים פאַראַיאָרן געגעבן חנוכה-געלט. ער האָט געקוקט אויף זיי, נאָר זיי האָבן זיך איצטער אַפילו ניט אומגעקוקט אויף אים.

שבת, ווען ער איז מיט דעם טאַטן געגאַנגען אין שול אַריין דאַווענען, האָט ער דאָס ערשטע מאָל באַמערקט, ווי קיינער פון זיין טאַטנס באַקאַנטע קוקן זיך אַפילו ניט אום אויף אים, ניט ווי פריער, ווען זיי פלעגן אים אַפילו ניט דורכלאָזן. דער האָט אים געזאָגט: „משהלע, ביסט אַ וואויל אינגל!“, דער האָט אים מיט ליבשאַפט אַ גלעט געטאָן איבערן בעקל. אומעטום האָט מען אים געליבט און געפּיעשטשעט.

ערשט איצטער, פון יענער צייט, זינט דאָס זילבערנע לעמפּל געפינט זיך נישט ביי זיי אין שטוב, האָט ער באַמערקט, ווי מען האָט אים אויפגעהערט צו ליבן און קיינער דערמאָנט אַפילו ניט זיין נאָמען.

משהלע האָט שטאַרק חשק באַקומען, אַלע זאָלן אים ווידער ליבן, גלעטן און פּיעשטשען, ווי אין דער צייט, ווען דאָס זילבערנע לעמפּל איז געווען.

חנוכה איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען אָן אַ גראָשן חנוכה-געלט און אָן לאַטקעס. משהלע פלעגט טאָג מיט נאַכט ניט אויפהערן צו טראַכטן פון די צייטן, ווען דאָס זילבערנע לעמפּל איז ביי זיי אין שטוב געווען. ווי גוט איז דענסטמאָל געווען! דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען געווען גוט צו אים; אין שטוב איז געווען פריילעך, עס פלעגן קומען אַ סך מענטשן; אַלע פלעגן מיט אים רעדן, אַלע פלעגן אים שענקען מתנות מיט גוטע זאַכן. — און איצטער איז אַזוי שטיל און טרויעריק...

— און וואו איז דאָס זילבערנע לעמפּל? — פלעגט זיך משהלע אָפט פרעגן. זינט ער האָט חנוכה געפרעגט וועגן דעם די מאַמען, און זי האָט אים דערפאַר פון פאַרטוך אָפּגעריסן, פרעגט ער מער קיינעם ניט, נאָר אַליין הערט ער ניט אויף צו טראַכטן וועגן זיין ליב זילבערן לעמפּל, מיט דעם שיינעם לייבעלע און טייערע פויגעלעך.

משהלע הערט ניט אויף זוכן דאָס לעמפּל, טאָמער וועט ער עס געפינען אָדער באַגעגענען, אָבער עס גייט אַוועק אַ צייט, און ער געפינט עס ניט.

אָבער די האָפֿנונג צו געפֿינען דאָס זליבערנע לעמפּל האָט ער ניט פֿאַרלוירן.

— איך דאַרף נאָר כאַפּן אַ שרעטעלע, — פֿלעגט זיך משהלע טראַכטן, דערמאָנענדיק זיך ווי זיין באָבע, וועלכע איז שוין לאַנג אין גן־עדן, האָט אים דערציילט אַ שיינע מעשה וועגן די שרעטע־לעך. דאָס זיינען אַזוינע קליינע ברעקעלעך מענטשעלעך מיט פֿיס־לעך און הענטלעך. זיי גייען אָנגעטאָן אין שוואַרצע קאַפּעליוש־לעך און געפֿינען זיך אין יעדער שטוב, אין די קעלערס. יעדער קאָן זיי זען, נאָר זיי לויפֿן אַזוי גיך, אַז עס איז שווער זיי צו כאַפּן. אָבער ווער עס האָט דאָס גליק צו כאַפּן אַ שרעטעלע און אַראָפּכאַפּן אים דאָס קאַפּעליושל, דער ווערט אַ גליקלעכער. דאָס שרעטעלע הויבט זיך אָן בעטן, מע זאָל אים אָפּגעבן דאָס קאַפּעליושל.

— וואָס באַגערסטו, וועל איך דיר ברענגען? — פֿרעגט דאָס שרעטעלע, און וואָס דער מענטש באַגערט, קאָן דאָס שרעטעלע ברענגען, אַפֿילו אַ גאַנצן פּאַלאַץ מיט קנעכט און דינסטן, ברי־ליאַנטן, גאָלד און זילבער.

און ביי משהלען איז פֿעסט געבליבן, אַז ער מוז סוף כל סוף כאַפּן אַ שרעטעלע. נישקשה, ער, משהלע, קאָן אויך גוט לויפֿן, און ווען ער וועט דערזען אַ שרעטעלע, וועט ער עס געווים כאַפּן. ער וועט עס ניט אָפּלאָזן און אַראָפּכאַפּן דאָס שוואַרצע קאַפּע־ליושל. — „וואָס באַגערסטו?” — וועט דאָס שרעטעלע פֿרעגן. — „איך באַגער, דו זאָלסט מיר ברענגען מיין טאַטנס זילבערן לעמפּל!” — וועט משהלע זאָגן. דאָס לעמפּל וועט אויסוואַקסן פֿאַר זיינע אויגן, ער וועט אָפּגעבן דעם שרעטעלע דאָס קאַפּע־ליושל און וועט כאַפּן דאָס זילבערן לעמפּל און אַריינלויפֿן אין שטוב. דער טאַטע מיט דער מאַמען וועלן עס דערזען, וועלן זיי פֿריילעך ווערן, און עס וועט ווידער זיין אַזוי גוט און פֿריילעך ווי פֿריער.

משהלע שטעלט זיך פֿאָר, ווי זיין טאַטע בענטשט ווידער פֿריי־לעך חנוכה־ליכטלעך אין דעם זילבערנעם לעמפּל. ער האַלט די מאַמען ביים פֿאַרטוך, זי טוליעט אים צו זיך. דער טאַטע רופֿט געבן גאַנצע צוויי רובל חנוכה־געלט. פֿעטערס, מומעס און גוטע באַקאַנטע קומען צו זיי אין שטוב, מען גלעט אים, מען קושט און מען גיט אים חנוכה־געלט מיט שיינע זאַכן. די מאַמע באַקט לאַט־קעס. און ער שפּילט זיך מיט די שיינע זאַכן און מיט דער פּולער קעשענע חנוכה־געלט לעבן זילבערנעם לעמפּל, וואו עס ברענען אַזוי שיין און טאַנצנדיק די פֿייערלעך און שפּיגלען זיך אָפּ מיט נאָך

פייערלעך אין זילבערנעם וועגטל, וואו עס געפינען זיך דאָס שיינע לייבעלע און די טייערע פויגעלעך...

ג

ביי איטשע־בערן אין שטוב שפּילט זיך זיין אינגעלע הערשעלע מיט זיין חבר משהלע.

הערשעלע גייט אין נייע מלבושימלעך און משהלע אין אַלטע. הערשעלע האָט צוויי פולע קעשענעס ניס און משהלע האָט אינגאַנצן עטלעכע, וואָס הערשעלעס מוטער האָט מכבד געווען איר אינגעלעס חבר.

זיי שפּילן ביידע אין ניס אין דער גרויסער עס־שטוב. ניסלעך פאַרקאַטשן זיך אַלע מאָל הינטערן שווערן דעמבענעם בופעט, די קינדער ציען זיך אויס אויף דער פּאָדלאָגע און מען קאַטשעט אַרויס די ניסלעך און מען שפּילט ווידער. אַ פּאָר ניסלעך האָבן זיך פאַר־קאַטשעט אין דעם גרויסן זאַל. ביידע חברים האָבן זיך געלאָזט לויפן אַהין.

דער זאַל איז אויסגעפּוצט מיט טייער מעבל. אויף עטאַ־זשערקעס זיינען אויסגעשטעלט פאַרשיידענע שיינע זאַכן פון פאַר־צעליי, בראָנז און זילבער. אויף אַ שיין ווינקל־טישל האָט משהלע דערזען צווישן אַנדערע זילבערנע זאַכן אויך אַ זילבערן לעמפּל מיט אַ לייבעלע און מיט צוויי פויגעלעך. משהלעס פּנים ווערט אַלערליי קאָלירן פון גרויס שמחה. ער שפּרינגט אונטער און כאַפּט דאָס לעמפּל.

— מיין טאַטנס זילבערן לעמפּל! מיין טאַטנס! — שרייט משהלע ניט מיט זיין קול פון גרויס פרייד, טאַנצנדיק צוזאַמען מיט דעם לעמפּל אין די הענט. — זע נאָר, הערשעלע, מיין טייער ליי־בעלע, מיינע ליבינקע פויגעלעך! מיין טאַטנס לעמפּל!

— אַוועק! גיב עס מיר אָפּ, עס איז מיינע פויגעלעך, עס איז אונזער לעמפּל. טאַטע, זאָל ער מיר אָפּגעבן די פויגעלעך! — שרייט הערשעלע און רייסט פון משהלעס הענטלעך דאָס לעמפּל.

— ס'איז אַ ליגן, דאָס איז מיינס, מיין טאַטנס! — הערט ניט אויף גוואַלדעווען משהלע. זיין פּנים ווערט בלוי און געל פון ראַנגלען זיך, און ניט לאָזנדיק אַרויסרייסן דאָס לעמפּל פון זיינע הענט, וויל ער מיט דעם אַנטלויפן אַהיים.

אויף די קינדערס געשרייען איז אַנגעלאָפן ר' איטשע־בער מיט

זיין ווייב און אַלע שטוב-מענטשן און מען האָט פון משהלעס הענט אַרויסגעריסן דאָס לעמפּל.

— איך האָב דיר צען מאָל געזאָגט, אַז זילבער דאַרף מען האַלטן פאַרשלאָסן אין „קלאַדאָווע״ גלייך מיט אַלע משכנות. און דו ווילסט דעם זאַל אויספּוצן מיט זילבער, — האָט ר׳ איטשע-בער אָנגעשריען אויף זיין ווייב און אַוועקגעטראָגן דאָס לעמפּל אין קלאַדאָווע, וואו ער האַלט פאַרשלאָסן אַלע אַנדערע משכנות.

— אַ, אַ, וועמעס לעמפּל איז דאָס? — האָט זיך הערשעלע גערייצט מיט זיין חבר.

— וואַרט נאָר אויס... וואַרט... איך וועל נאָך כאַפּן דאָס שרע-טעלע, וועסטו שוין זען!... וועסטו... — האָט משהלע הערשעלען געסטראַשעט מיט דעם פינגער און מיט שלינגענדיקע טרערן פון כעס איז ער מיט אַ געוויין אַוועקגעלאָפן אַהיים...



ה. ל. זשיטניצקי.

# פורים נאָך דער סעודה

## א

נאָך דער פורימדיקער סעודה איז, אַ חוץ די שכנים מיט די ווייבער און קינדער, אַריינגעקומען צום זיידן אויך אַ האַלבער עולם פון דער חברה „אהבת אחים״, ביי וועלכער דער זיידע איז געווען גבאי. עס זיינען געקומען די בעל-תפילהס, רב לייב און רבי אליקום, די פריערדיקע גבאים פון דער חברה, רב שמשון און רב נפתלי; עס זיינען אויך געקומען וועלוול און מענדל-בער, די זינגערס פון דער חברה. עס איז געווען לעבעדיק ביז גאָר. די קינדער האָבן געהאַט די גראַגערס און די המן-קלאַפּערס און נישט—ווי און נישט—ווען האָבן זיי טאַקע גענומען גראַגערן און קלאַפּן, אַז די באָבע האָט זיך אַזש אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ. איינער אַ לאָבוז האָט געהאַט אַ הילצערנעם גראַגער פון אַ נייעם מין, וועלכער האָט געקלאַפּערט ווי אַ האַרמאַט. די ווייבער האָבן געשמועסט וועגן זייערע סעודה-

קוכנס, המן־טאַשן, פּריטלעך, אײַנגעמאַכטע הערינג, און װיפל פּעטס איטלעכע האָט געהאַט פון די הינער, װאָס זי האָט אָפּגעטאָן לכבוד פּורים.

אַ װאונדערבאַר בילד האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך דער טיש. אויף אַ גרויסער, זילבערנער טאַץ, אויבנאָן, איז געלעגן דער סעודה־קוכן; אַ ברוינער, אַ שמעקנדיקער, האָט ער געהאַט אַ באַזונדערס שטאָלצן אויסזען, װי ער װאָלט געװען קעניג פון די קוכנס. דער־נעבן איז געשטאַנען אַ גרויסע שיסל מיט אויסגעזאָטענע אַרבעס; װײַטער — טעצלעך מיט געקאָכטע פלוימען, מיט ראָזשינקעס, מיט װעלישע נים; שיסעלעך מיט קרעפּלעך, װאָס זײַנען נאָך פאַר־בליבן פון מיטאָג; װאַזעס מיט מאַרינירטן הערינג; טעצלעך המן־טאַשן; טעלער מיט פּאָמעראַנצן, גאַנצע און צעשניטענע, װאָס האָבן אַזױ װי געלאַכט מיט אַ מאַלינאָװע זאַפטקייט; חוץ דעם זײַנען געװען צעשטעלט פאַרשיידנאַרטיקע לעקעכלעך און טאָרטלעך, װעלכע דער זיידע האָט באַקומען שלח־מנות. דער הענגלײַכטער האָט אַראָפּגעלויכטן פון סופיט מיט אַלע זײַנע רערלעך; אויפן טיש האָבן געברענט צװיי פאָר מעשענע לײַכטער, די װאַנט־רערלעך האָבן אַראָפּגעפינקלט פון די װענט. און דער טיש האָט אַרײַנגעזאַפּט אין זיך די אַלע פלעמלעך, פאַרהאַלטן זיי, אָפּגעשפּיגלט זיי אין זײַנע גלעזער, טעצלעך, לעפל און גאָפּל, אַרומגערינגלט זיך װי מיט אַ קראַנץ פון צויבער און באַקומען דאָס לעגענדאַרע אויס־זען פון יענע טישן, אַרום װעלכע עס זיצן און לאָזן זיך װאוילגיין די צדיקים אין גן־עדן.

נאָכדעם װי די באָבע האָט אַלעמען אויפגעװאַרט, יעדן געגעבן עפּעס צו פאַרזוכן, האָבן װעלװל און מענדל־בער, די זינגערס פון דער חברה, גענומען זינגען דעם נײַעם „שושנת יעקב", װאָס זיי האָבן צוזאַמענגעשטעלט אויף פּורים. דאָס איז געװען אַ װאונדער־באַרער ניגון, אַן עכט שטיקל חזנישע קונסט. דער נײַער „שושנת יעקב" האָט אַלעמען באַצױבערט. נאָר ער האָט נישט געקענט פאַרענדיקט װערן, װאָרום אין מיטן דרינען זײַנען אָנגעקומען די פּורים־שפּילערס. די ערשטע פּאַרטיע האָט געשפּילט „עקדת יצחק".

די באָבע האָט געגעבן אברהם אָבינון אַ שטיק סעודה־קוכן און יצחקן, דעם קלענערן, אַ לעקעכל, צוגעגעבן זיי נאָך אַ פּאָר גראָשן, און זיי זײַנען ביידע אַװעקגעגאַנגען מיט אַ הויכן: אַ גוטן פּורים! אַ גוטן פּורים!

דערנאָך זײַנען אָנגעקומען די שפּילערס, װאָס האַנדלען מיט טריפהנע סחורה. ס'איז אַרײַנגעקומען אַ איד מיט אַ יונג פּנימל

און אַן אַלטער באָרד, מיט אַ פולן זאַק אויף די פּלייצעס, אַרומ־געקוקט זיך מיט צעשראָקענע אויגן און זיך באַהאַלטן צווישן דעם קופערט און דעם קליידער־שראַנק. נאָך אים איז אַריינגעקומען אַ סטראַזשניק, מיט אַ היטל, אויסגעאַרבעט פון שוואַרצן גלאַנץ־פּאַפּיר, מיט פּאַגאָנעס אויף די פּלייצעס, און הויך אויסגערופן:

— האָט איר נישט געזען דאָ דעם איד, וואָס האַנדלט מיט טריפהנע סחורה?

דער עולם האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט בליקן און פילדייטיק געשוויגן. נאָר דער סטראַזשניק האָט גענומען זוכן און האָט ענדלעך געפונען דעם אומגליקלעכן אידן. ער האָט אים אָנגענומען ביים קאָלנער און אַרויסגעפירט אין מיטן שטוב אַריין.

— פון וואַנען? — האָט ער שטרענג אַ פרעג געטאָן.

— פון בערדיטשעוו... — האָט דער איד געענטפערט, ציטערנ־דיק פון שרעק.

— אַ פּאַספּאָרט האָסטו? — האָט געפרעגט דער סטראַזשניק.

— אידן רחמנים!... — האָט זיך געווענדעט דער איד צו אַלע אַרומיקע — האָט רחמנות אויף אַן אומגליקלעכן אידן און לאָזט אים נישט אַריינפאַלן אין גוישע הענט... אידן, האָט רחמנות! חורשט אָפּ מיט אים, כ׳האָב אַ ווייב מיט קינדער...

נאָר דאָ האָט זיך איין אידענע גענומען שושקען מיט דער באָבען.

— איר דערקענט גאָרנישט, שרה־יענטע, ווער דאָס איז?... ס׳איז דאָך פערל־לאַהס, אויף מיין וואָרט, ווי פערל־לאַהס... קוקט אים נאָר גוט אָן...

פּלוצלונג האָט זיך די טיר ווייט אויפגעפּראַלט, ס׳האָט זיך דער־הערט דאָס קלינגען פון אַ גלאָק, און ס׳איז אַריינגעקומען אַ בערן־טרייבער מיט אַ בער! אַלע קינדער האָבן זיך צעקוויטשעט און זיך באַהאַלטן הינטער די מאַמעס. דער בער איז געווען אַן אמתער בער. ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר, דער קערפּער און דער קאָפּ זיינען געווען באַדעקט מיט שוואַרצער פעל. ער האָט געהאַלטן אַלץ אין איין ברומען און כאָרכלען, געוואָרפן מיטן קאָפּ אויף אַלע זייטן, און פּלוצלונג האָט ער געגעבן אַ שפּרונג־צו צום טיש, אַראָפּ־געכאַפּט אַ טאָרט און מיט זיין אומגעשיקטער בערן־לאַפּע אומ־געדרייט דאָס טעלערל מיט געקאָכטע פלוימען.

— אוי וויי מיר נישט געשען! — האָט זיך די באָבע אויפגע־כאַפּט פון איר שטול — ער וועט מיר אומדרייען דעם גאַנצן טיש!

— פאַרטיק זיי אָפּ! פאַרטיק זיי אָפּ! — האָט זיך אויך דער זיידע אויפגעשטעלט פון אָרט.

נאָר מיטן בער איז נישט געווען אַזוי לייכט אַדורכצוקומען. זעענדיק, אַז די באָבע דערלאַנגט דעם בערן־טרייבער נישט מער ווי אַ זעקסער, האָט דער בער ווידער אַ כּאָרכל געטאָן, אַ שפּרונג געטאָן אויפן טיש אַרויף און אַראָפּגעכאַפּט מיט זיין שווערער לאַפּע אַ שטיק סעודה־קוכן. די קינדער האָבן זיך אויפסנײ צעקוויטשעט, און אַ האַלבער עולם האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די ערטער מיט אַ געשריי. ערשט, אַז מ'האָט זיי דערלייגט נאָך אַ פּאָר מטבעות און זיי אויך צוגעגעבן אַ פּאָר פּריטלעך, זיינען זיי אַוועק, כּאָרכלענדיק און קלינגענדיק מיטן גלאָק.

שפּעטער האָבן אַפילו מענדל־בער און וועלוול געפּרואווט נאָכ־אַמאָל איבערזינגען דעם „שושנת־יעקב", נאָר זיי האָבן ווידער גע־מוזט אויפהערן אין מיטן, וואָרום ס'איז אָנגעקומען די פּאַרטיע וואָס שפּילט „מכירת יוסף". צוזאַמען מיט די שפּילערס איז אויך אָנגעקומען אַ האַלבע שטאָט קינדער, אַזוי אַז דעם זיידנס שטוב האָט זיך געבראָכן און איז שיער נישט איבערגעדרייט געוואָרן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

## ב

נאָכדעם, ווי די שכנים און די געסט זיינען שוין געווען אַוועק, וועלוול און מענדל־בער, די זינגערס פון דער חברה, זיינען אויך שוין געווען אַוועק, און אין זיידנס שטוב איז ענדלעך אַריינגעטראָטן אַ שטילקייט, האָבן זיך דער זיידע און די באָבע פּלוצלונג אַרומגעזען, אַז דאָס אייניקל, חיימל, איז נישטאָ. זיי זיינען געבליבן שטיין און זיך איבערגעוואָרפן מיט אַן אומרואיקן בליק.

— גלויב מיר, דער קליינער מוז זיין מיטגעלאָפן מיט די פּורים־שפּילער, — האָט זיך אָנגערופן דער זיידע.

די באָבע האָט געוואָרפן אויף אים אַ צאָרניק־טרויעריקן בליק:

— אויף דיר קאָן מען זיך שוין איינמאָל פאַרלאָזן, הערסטו... כ'בעט דיך זייער, וואָס האָסטו געהאַט אַזויפיל צו טאָן? האָסט נישט געקאָנט אָנהאַלטן ס'קינד ביי דער האַנט?

נאָר דער זיידע איז נישט געווען פון די וואָס לאָזן זיך.

— קום, קום, קריגן זיך האָסטו צייט אַ צווייט מאָל. קום, לאָמיר אים ליבער גיין אויפזוכן.

די באָבע האָט זיך שוין געהאַט פון פריער אַרויסגעזוכט דאָס טיכל. זיי זיינען אַרויס פון שטוב, צוגעשלאָסן די טיר מיט דעם קליינעם שליסעלע און זיך אַוועקגעלאָזט זוכן.

אַפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, האָבן זיי באַגעגנט אַ אידענע, אַ שכנטע פון צווייטן הויזל.

— כ׳בעט אייך זייער, חנה-לאה, — האָט די באָבע זי אָפּ-געשטעלט — האָט איר נישט ערגעץ געזען מיין חיימלען?

— וואָס, אייער חיימל איז אויך אַוועקגעקומען? — האָט גע-ענטפערט חנה-לאה — ווי געפעלט אייך דאָס, מיין בערעלע איז דאָך אויך נישטאָ... שוין אַ שעה צייט, ווי כ׳וואַנדער אַרום און זוך אים. אוי, קינדער לאָבוסעס, נישט איינצוהאַלטן זיי מיט איי-זערנע צוואַנגען... נאָר לויפן נאָך די פאַרשטעלטע...

און אַז דער זיידע און די באָבע זיינען שוין געווען אַוועקגע-גאַנגען פון איר, האָט זיי די אידענע נאָכגערופן:

— שרה-יענטע!... גייט אַהין צו רב מאיר הינדעס, דאָרט שפּילן איצט די פאַרשטעלטע „מכירת יוסף”, אפשר וועט איר אים דאָרט געפינען.

דער זיידע און די באָבע האָבן זיך טאַקע געלאָזט אַוועק צו רב מאיר הינדעס. די גאַס איז געווען באַלעבט. די נאַכט איז גע-ווען אַ שטילע, העל-באַלויכטן פון דער לבנה; אין דער לופט האָט זיך געפילט דער וואונדערבאַר-צאַרטער, קילער הויך פון׳ם נאָך נישט אָנגעקומענעם נאָר אָט-אָט אָנקומענדיקן פרילינג.

— ער האָט צומאָל נישט אָנגעטאָן ס׳פּאַלטענדל... — האָט די באָבע געזאָגט צום זיידן, ווי ער וואָלט שולדיק געווען אין אַלעם.

— יאָ, יאָ, אַזוי איז, אַז מע פאַרלאָזט זיך אויף דיר...

עס איז אָנגעקומען אַקעגן אַ אינגל אין אַ רויטער מאַסקע מיט אַ גרינער נאָז.

— הער נאָר, אינגל, — האָט אים צוגערופן דער זיידע — האָסט נישט ערגעץ געזען חיימלען?

— חיימלען?... — האָט געענטפערט דאָס אינגל, פאַרטראַכטנ-דיק זיך אויף אַ ווײַלע — אפשר איז ער ביי שמואל בריינעס... דאָרט שפּילט מען איצט „בר-כוכבא”.

— בר-כוכבא... — האָט דער זיידע אונטערגעברומט, נאָכדעם, ווי ער איז שוין אַפּגעגאַנגען ווייטער אַ שטיקל וועג — אַ פאַר-שטעלעניש אויף זיי... די גאַנצע שטאָט האָט זיך פאַרשטעלט...

און ווירקלעך, פון אַלע, וועלכע זיי האָבן באַגעגנט, איז קיינער נישט געווען גלאַט אַזוי אַ מענטש, נאָר אַלע זיינען געווען פאַר-שטעלט. פון אַלע פענצטער האָט אַרויסגעבליצט אין גאַס אַריין

דער שיין פון ליכט און פון לאָמפּן, פון אומעטום האָט אַרויס־געהילכט געלעכטער און געזאַנג. מאַנכע טירן האָבן זיך געעפנט און עס זיינען אַרויסגעקומען פאַרשטעלטע, אַנדערע טירן האָבן זיך געעפנט און די פאַרשטעלטע זיינען אַהין אַריין. די פּורים־שפּילער האָבן געצויגן איבער דער גאַס, מאַנכע איינציקווייז, אַנדערע פאַר־טיעסווייז, צו עטלעכע מיט אַמאָל. עס זיינען געווען פאַרשטעלטע אין ציגיינער, אין סטראַזשניקעס, אין זעלנער, אין סוחרים, אין אַ רב מיט אַ שטריימל און מיט לאַנגע פּאות און אין פאַרשיידענע אַנדערע פאַרשטעלענישן. זיי זיינען אַדורך די גאַס שטילערהייט, ווי זיי וואָלטן געהאַט עפּעס באַהאַלטענע צילן, וועלכע מ׳דאַרף נישט הויך אַרויסזאָגן. און די לבנה האָט שטיל, ווי מיט אַ פאַר־באָרגענעם שמייכל, אַראָפּגעקוקט פון דער הויך אויף דעם דאָזיקן פאַרשטעלטן, פאַרשפּילטן פאָלק. זי איז זיך געגאַנגען אויבן איר אייביקן וועג, אַן אומבאַפלעקטע, אַ הויך־שטאָלצע, ווי זי וואָלט אין איר אייביקייט און איר ווייסקייט זיך גאָר נישט געמאַכט פון אַ וועלכע ס׳איז שפּילערייען אויף דער ערד. אַרום איר האָבן, דאָ און דאָרט, אין דעם הויכן, גרוילעך־בלויען, ווייט אויסגעשפּרייטן הימל, געבליצט מיט אַ פאַרטראַכטן גלאַנץ קליינינקע שטערנדלעך. און פון ערגעץ ווייט, פון יענער זייט שטעטל, האָט שוין אַהער געאָטעמט דאָ אין די געסלעך אַריין דער וואונדערבאַרער אָטעם פון דעם נאָך ניט אָנגעקומענעם, נאָר שוין פילבאַרן פרילינג, וועל־כער האָט אַריינגעטריפט אין דער לופט אַ פאַרשיכורנדע פרישקייט.

עס זיינען פאַרביי צוויי פּורים־שפּילער, פון וועלכע איינער איז געווען פאַרשטעלט אין אַ פערד און איז געקראָכן אויף אַלע פיר, און דער אַנדערער האָט אים געהאַלטן ביי די לייצעס און אָנגעטריבן פון הינטן מיט אַ בייטש.

— הער נאָר, דו, שמייס ניט אַזוי... — האָט אַ ברום געטאָן דאָס פערד, אומוועגנדיק דעם קאָפּ.

— אוי־ווי, דו רעדסט? — האָט אים געענטפערט דער שמייסער — אַ פערד רעדט? ווערסט נאָך אין שטוב אויך רעדן...

— כ׳וועל נישט רעדן, האָב נישט קיין מורא... אָבער אין גאַס ברויכסטו דאָך נישט צו שמייסן...

— ווערסט זען, מענטשן וועלן דיך נאָך הערן רעדן... — און ער האָט אים ווידער אַ שמיץ געטאָן מיט דער בייטש, כדי אים איינמאָל פאַר אַלעמאָל שטיל צו מאַכן.

— אַ גוטן פּורים, רב זעליק! אַ גוטן פּורים, שרה־יענטע!

— האָט פלוצלונג אָפּגעשטעלט דעם זיידן און די באָבע איינער א פאַרשטעלטער, א הויכער, א דאַרער, אָן א מאַסקע, מיט א גרוי, שפּיציק בערדל, א קרומער נאָז, מיט צוויי קליינע, שפּיציקע, איינ־געפאַלענע אויגן אונטער א בלאַסן שטערן, מיט א היטל פון עפּעס א רויטער לייוונט אויפן קאָפּ און מיט א ווייבערשער פעלערינע אויף די מאָגערע פּלייצעס. דער זיידע מיט דער באָבע האָבן גלייך דערקאָנט, ווער דאָס איז.

— אוי, דו אַלטער שוטה, ווידער זיך פאַרשטעלט? — האָט דער זיידע א זאָג געטאָן, אָפּמעסטנדיק אים מיט א שפּאָטישן בליק. עס איז געווען רב שמחה, א חסידישער איד, א גרויסער אָרעמאַן, וועלכער האָט זיך יעדעס יאָר פאַרשטעלט אויף צוויי טעג, פּורים און שושן פּורים. ער איז נישט געגאַנגען, אַזוי ווי די פּראָסטע פאַרשטעלטע, פון טיר צו טיר, בלויז צו די גבירים און חשובע בעלי-בתים פון שטעטל.

— כ׳בעט אייך, רב שמחה, — האָט אים נאָכגערופן די באָבע — האָט איר ערגעץ געזען אונזער חיימלען?

רב שמחה, וועלכער איז שוין געווען אָפּגעגאַנגען א שטיקל וועג, האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס, אויך נאָכגעלאָפן די פאַרשטעלטע? גייט אַהין צו רב דוד-יואלן... דאָרט שפּילט מען איצט „דער רבי מיט די חסידים"... און אפשר? אפשר איז ער ביי מאיר הינדעס...

— מיר גייען טאַקע צו רב מאיר הינדעס... — האָט געענט־פערט די באָבע.

— גייט, גייט; גייט געזונטערהייט... — האָט צוריקגעשריגן רב שמחה, אַריינדרייענדיק זיך ערגעץ אין א טויער.

ענדלעך זיינען דער זיידע און די באָבע אָנגעקומען צום הויז פון רב מאיר הינדעס. נאָך פון אַריינצוקומען אין וואוינונג איז נישט געווען וואָס צו רעדן. א חוץ דעם, וואָס די שטוב איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען אַפילו אויף די טישן, די בעטן און די שענק, איז אויך דאָס פאַדערהויז און א שטיק גאַס פאַרן טויער געווען פאַרפלייצט מיט מענטשן. כמעט א האַלבע שטאָט קינדער, יונגען און מיידן, זיינען זיך דאָ צוזאַמענ־געלאָפן. עס איז געווען אַזא גערויש און גערודער, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען צו הערן קיין וואָרט פון די פאַרשטעלטע, פון וועלכע איינער איז געווען יעקב אָבינו, א איד אין א לאַנגער, ווייסער

באָרד, איינער — יוסף, מיט אַ קרוין פון זילבערנעם גלאַנץ־פּאַפּיר אויפן קאָפּ; איינער — בנימין, אַ יונגערמאַנטשיקל מיט רויט־אָפּ־געפאַרבטע בעקלעך, און די איבעריקע — יוספס עלף ברידער, אין לאַנגע, שוואַרצע יופּיצעס, מיט שוואַרצע בערד, רונדיקע היטלעך און מיט פול־געפּאַקטע פּעקלעך אויף די פּלייצעס.

דער זיידע און די באָבע האָבן זיך אַריינגעלאָזט צווישן דער חברה קינדער.

— הערט נאָר, קינדער, האָט איר נישט געזען ערגעץ חיימלען?

עס האָט זיך גענומען שיטן אַ מבול ענטפערס פון אַרום און אַרום.

— ער איז נאָכגעלאָפן דעם בערן־טרייבער!

— ניין, ניין, ער איז נאָכגעלאָפן דעם קאַטערינאַזש!

— זיי וויסן פון זייערע הענט און פיס! חיימל איז מיטגעלאָפן מיט די פערד־גנבים!

— וואָס פאַר אַ פערד־גנבים? האָסט נישט געזען, ווי ער איז נאָכגעלאָפן מיט די חתן־כלה?

די באָבע איז געשטאַנען צווישן די אַלע אויסרופן פּשוט אַ פאַרצווייפלטע.

— קום, וואָס שטייסטו! — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ גע־בייזער צום זיידן — זעסט דען נישט, אַז ער איז נישטאָ?

זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט פון דאַנען, נישט וויסנדיק וואו זיי זאָלן אויפזוכן דאָס אַוועקגעקומענע אייניקל. פּלוצלונג האָט זיך ערגעץ האַסטיק געעפנט די טיר, און אַ כוואַליע מענטשן האָט זיך מיט אַ גערויש און געפילדער אַ לאָז געטאָן אין גאַס אַריין. עס זיינען די בר־כוכבא־שפּילער; זיי האָבן אין איין שטוב גע־ענדיקט דאָס שפּיל און זיך אַוועקגעלאָזט ערגעץ אַנדערשוואו. זיי זיינען געגאַנגען פון פאָרנט און אַ גאַנצע מחנה קינדער איז זיי נאָכגעלאָפן פון הינטן.

— זעסט, נאַ, חיימל! — האָט די באָבע אַ שריי־אויס געגעבן מיט פרייד און איבערראַשונג — חיימל! חיימל!

עס איז אויף אַ רעכטן אמת געווען חיימל, וועלכער איז נאָכ־געלאָפן נאָך די פאַרשטעלטע צוזאַמען מיט דער גאַנצער חברה קינדער. דער זיידע און די באָבע האָבן אים אָנגעכאַפּט ביי די הענט.

— הע, חיימל, פּאַסט דאָס פאַר אַזאַ אינגל, ווי דו? — האָט

אים די באָבע געזאָגט מוסר — איז דאָס שיין פאַר אַזאַ בחור ווי דו, מיטצולויפן מיט דער חברה לאָבוסעם?

נאָר דער קליינינקער האָט זיך געלאָזט פירן אַזוי ווי מען פירט אַ קעלבל און נישט געענטפערט קיין וואָרט. ער האָט געפילט, אַז ער דערווייטערט זיך וואָס אַמאָל מער פון די פאַרשטעלטע, פון יענער וואונדער-וועלט, וועלכע האָט געהאַט פאַר אים אַזוי פיל כישוף, צו וועלכער ער איז גרייט געווען זיך צוצוקוקן דאָס לעבן לאַנג, אָן אויפהער. זיין פאַרחלומטער געדאַנק איז נאָך אַלץ געווען מיט יענע גליקלעכע קינדער, וואָס זיינען נאָכגעלאָפן די פאַר־שטעלטע. און ער האָט גאָרנישט געהערט פון דעם, וואָס דער זיידע און די באָבע האָבן אים געזאָגט; ער האָט בלויז אומצו־פרידן געסאָפּעט מיט דער נאָז און געגאַנגען מיט אַ גרויסער אָנגע־בלאָזנקייט, לאָזנדיק זיך אָן ווילן פירן ביי דער האַנט.

און ענדלעך, אַז ער איז שוין געווען אין זיידנס שטוב, וואו ס'האָט איצט געהערשט אַזאַ גרויסע רואיקייט, וואו איין איינציק ליכט האָט נאָך געברענט אויפן טיש, און אַזאַ גלאַנציקע פאַרטראַכט־קייט האָט אַראָפּגעקוקט פון דעם בלאַנק-אָפּגעפוצטן הענג-לייכטער אויפן סופית, — האָט זיך שוין חימל נישט געקאָנט מער איינ־האַלטן און זיך צעוויינט, מיט אַ האַרציקן, קינדערשן, גליקלעכן געוויין.



א. רייזען.

# נאָך גרינס

נאָך צווייגעלעך, קינדער, אין וואַלד לאָזט זיך גיין
און פריילעך מיט לידער כסדר,
אַזוי ווי עס וואָלט אויף דער וועלט ניט געווען
קיין רבי, קיין קאַנטשיק, קיין חדר.

נאָך צווייגעלעך, קינדער, נאָך צווייגעלעך גייט,
און פוצט אוים די אָרעמע שטיבלעך;
דער וואַלד איז ניט ווייט, הינטערן שטעטל ער שטייט
און קוקט אַזוי ווייך, אַזוי ליבלעך.

פאַרוואונדערט וועט ווערן דער אַלטער, דער וואַלד:
וואָס טוען דאָ אידישע קינדער? —
דערציילט אים: ס'איז שבועות — דערציילט עס אים באַלד;
און זאָל אים ניט זיין צו קיין וואונדער...

און זוימט זיך וואָס לענגער און רייסט וואָס מער אָן —
ניט האָט פאַר די טאַטעס קיין מורא:
היינט מעגט איר אין וואַלד זיין, מ'וועט גאָרניט אייך טאָן —
עס איז דאָך לכבוד דער תורה!



מ. ספעקטאָר.

# דאָס וועלדל

## א

משהלע איז נאָך זייט ער לעבט ניט געווען אין גרינעם וועלדל. זיצנדיק אויף דער פריזבע פון זיינע עלטערנס שטיבל, אָדער גייענדיק שבת אין שול מיט דעם טאַטן, קוקט ער נאָר אין דער זייט, וואו דאָס שוואַרצע וועלדל געפינט זיך אויף אַ באַרג, ניט ווייט פון שטעטל.

אַ צייט האָט ער גאָר ניט געוואוסט, וואָס די גרויסע, שוואַרצע זאַך איז אַזוינס, נאָר איינמאָל, זומער פאַרנאַכט, זיצנדיק מיט זיין עלטער שוועסטערל לעבן דער שטוב, האָט ער זיך אויפגעהערט צו שפּילן, פאַרטראַכט זיך, קוקנדיק אויף דעם זומערדיקן הימל, און דערנאָך זי געפרעגט: „וואָס זיינען עס די פייערלעך, וואָס בליש־טשען איבער אונז?” „דאָס זיינען שטערן”, — האָט אים די שוועס־טער געענטפערט. די אייגענע שוועסטער האָט אים אַמאָל אויך אָנגעוויזן אויף דער „לבנה” און אויף דער „זון”.

— און אָט יענעם גרויס, שוואַרץ שטיק... העט ווייט, ווייט — וואו דער הימל ענדיקט זיך, וואָס איז? — האָט משהלע אויך אַמאָל געפרעגט זיין שוועסטערל, אָנווייזנדיק מיטן פינגערל אין דער זייט פון וואַלד.

און זי האָט אים דערציילט, אַז דאָס איז אַ שיינער, געדיכטער וואַלד, מיט אַ סך גרינע בוימער, אַז ער איז אינגאַנצן גרין— שוואַרץ זעט ער נאָר אויס פון ווייטנס.

— זומער איז ער גרין, ווי דער מאַמעס גרינער שאַל, און ווינ־טער איז ער ווייס־גרוי, ווי דעם זיידנס לאַנגע באָרד, — האָט אים די שוועסטער פאַרטייטשט.

פון דענסטמאָל אָן האָט זיך משהלע אָפטער און בעסער צוגע־קוקט צו דער זייט, וואו דאָס וועלדל געפינט זיך. פאַרנאַכט האָט ער אָפט געזען, ווי דאָרט צווישן די בוימער האָט געברענט אַ פייער פון אַלערליי קאָלירן: רויט, בלוי און אַמאָל גרין. און אויף דעם גרויסן שטיק הימל, וואָס באַדעקט דעם וואַלד, ברענט נאָך אַ גרע־סער פייער, נאָר — אַזוי שיין, אַזוי שיין, מיט אַזוינע לאַנגע, ברייטע, פייערדיקע פאַסן... און דער וואונדערלעכער, שיינער וואַלד ווערט קיינמאָל ניט פאַרברענט! אַז עס ווערט נאַכט, ווערט ער שוואַרץ, ווי אַן אָפּגעברענט שטיק האָלץ, און מאָרגן איז ער ווייטער גרין, ווי אַלע טעג.

צו זיין גרויסער פאַרוואונדערונג האָט אים די שוועסטער דער־קלערט, אַז דער וואַלד ברענט גאָר קיינמאָל ניט, אַז עס איז דאָרט גאָר קיין פייער נישטאָ, נאָר די זון זעצט זיך דאָרט. משהלע האָט איר אַזאַ זאַך ניט געוואָלט גלויבן, כל־זמן ער וועט אַליין ניט זיין ביים וועלדל, און וועט דאָס אַליין מיט זיינע אויגן נישט זען, און זיין יונג הארץ האָט אָנגעהויבן צאַפּלען און ציען זיך צום וועלדל!

און וויפל מאָל ער האָט זיך אַלץ נישט געבעטן, מען זאָל אים צום וועלדל פירן, האָט ער באַקומען אַלץ איין ענטפער, אַז אַם

ירצה השם נאָך פּסח, ווען ער וועט אָנהויבן גיין אין חדר אַריין, וועט ער ל״ג בעומר אַהין פאָרן מיט אַלע אינגלעך...

כאָטש „אין חדר אַריין“ האָט אים גאָרנישט געשמעקט, פונ־דעסטוועגן האָט ער קוים דערלעבט דעם „נאָך פּסח“, ווען דער באַ־העלפער איז געקומען און אים דאָס ערשטע מאָל געפירט אין חדר אַריין.

אין חדר איז אים געווען דושנע, ענג, הייס; דאָרט איז גע־ווען אַ בייזער רבי, וואָס שלאָגט; אַ רביצן, וואָס שעלט; אַ באַהעלפער, וואָס קנייפּט אין דער שטיל... עס איז ניט אַזוי גוט געווען. עס זיינען געווען טעג, ווען ער האָט שוין מער ניט געוואָלט גיין, נאָר עס האָט שוין ניט געהאָלפן; מען האָט אים שוין מיט גוואַלט געשלעפּט. איין איינציקע טרייסט, איין האָפנונג איז געווען, וואָס באַלד וועט זיין ל״ג בעומר.

די עלטערע חדר־קינדער האָבן אים שוין עטלעכע מאָל דער־ציילט, אַז פאַראַיאָרן זיינען זיי אַלע צוזאַמען מיט דעם רבין און מיט דעם באַהעלפער אויף איין וואָגן געפאָרן צום וועלדל „אויף ל״ג בעומר; יעדן האָט דער באַהעלפער געגעבן אַ פייל־און־בויגן צום שיסן, און אַז דאָרט איז אַזוי שיין און גוט! מען לויפט אַרום פריי, מען קאָלערט זיך אין הויכן גראָז, מען האַלט מלחמה, מען כאַפּט „משה רבינוס פערדלעך“; מען טוט, וואָס מען וויל; דער רבי שרייט נישט, דער באַהעלפער שלאָגט ניט, קיינער שטערט ניט — מען איז פריי!... און מען עסט נאָך אַרבעס מיט אייער און מען טרינקט עפּל־קוואַס.

## ב

און משהלע האָט ניט געהאָפּט אומזיסט: ל״ג בעומר איינדער־פרי איז טאַקע דער באַהעלפער געקומען מיט עטלעכע פייל־און־בויגנס, געגעבן אים איינעם; די מאַמע האָט מיטגעגעבן צוויי אייער, אַ פלאַש קוואַס און אַ פולן טעלער אַרבעס. דער באַהעלפער איז געווען זייער גוט צו אים, און, פירנדיק אים אין חדר אַריין, האָט ער אים עטלעכע מאָל מיט אַ ווייך קול געזאָגט: „משהלע, היינט וועלן מיר פאָרן אויף ל״ג בעומר“.

אין צוויי שעה אַרום, ווען די קינדער מיט די פלעשער קוואַס און די בינטלעך עסן אין די הענט, זיינען שוין אַלע געווען אין חדר, איז מיט אַ רעש, מיט אַ הילכעריי און אַ געקלאַפּעריי צוגע־פאָרן בערעלעס וועגעלע מיט זיין הינקענדיקער ווייסער שקאַפּע,

מיט וועלכער ער פירט אַ גאַנץ יאָר ווייץ און מעל. די קינדער האָבן זיך ווי די פליגן צוגעכאַפּט צו דעם וועגעלע, אַלע ווילן זיצן נענ־טער צו דער קעלניע, ווייל זיצנדיק נאָענט צו דער שקאַפּע, וועט מען קענען האַלטן אַביסל די לייצן אָדער די בייטש. נאָר די קעלניע האָט פאַרכאַפּט דער באַהעלפער אַליין, מיט צוויי־דריי עלטער־גע־וואַקסענע קינדער, און די שוואַכע זיינען געבליבן געפּאַקט אין וואָגן, ווי הערינג אין אַ פעסל, אַזוי, אַז אַ סך פיסלעך זיינען אַראָפּ־געהאַנגען פון וואָגן. עס האָט געקוועטשט און געבראָכן די יונגע ביינדעלעך פון אַלע זייטן, נאָר עס איז פאָרט געווען גוט און פריי־לעך. צו דער גרויסער ענגשאַפט האָט זיך נאָך דער רבי אַריינגע־זעצט אין מיטן, און עס איז געוואָרן נאָך פריילעכער, כאָטש דעם רבינס צופלאָנטעטע באָרד האָט אַלע קינדער ארום געשטאָכן אין די אייגעלעך.

נאָך דעם, אַז בערל האָט איבערגעבונדן די שמאַטעס אויף די פאָדערשטע פיס פון דער שקאַפּע, האָט ער איבערגענומען אין זיין רשות אַלע פלעשער קוואַס מיטן גאַנצן עסנוואַרג. קיין פּלאַץ איז פאַר אים אויף דער פור ניט געבליבן, און ער האָט זיך געזעצט אויפן דרענגל ביי דער אונטערשטער אַקס, מיט די פּלייצעס צו די פאַרשוינען.

— פאָר! — האָט בערל קאָמאַנדירט און באַלד זיך גענומען עסן פון די פּעקלעך און טרינקען פון די פלעשער.

— וויאָ! — האָט אַ געשריי געטאָן דער באַהעלפער מיט די קינדער אין איין קול. דאָס וועגעלע האָט זיך אָנגעהויבן טרייסלען און משהלען, דער אינגסטער, דער שוואַכסטער צווישן אַלע, איז געזעסן ווי דערשטיקט לעבן רבין, און ביי יעדן טרייסל פון וועגעלע האָט זיך זיין קעפּל געשאָקלט, אַ ציינדל אויף אַ ציינדל האָט גע־קלאַפּט. אַנדערע איז אויך נישט פיל בעסער געווען; עס האָט זיך אַלע רגע געהערט אַן אַנדער „אוי״, נאָר מען איז באַלד דערצו גע־וואוינט געוואָרן, און פריילעך מיט אַ געפּילדער, ווי פון אַ וואָגן מיט גענז, האָט מען זיך ווייטער געטרייסלט, מיט דעם גדאַנק, אַז מען וועט פאָרט אַמאָל קומען צום טייערן וועלדל, וואו עס איז אַזוי שיין, גרין, פריי, און דער רבי מיט דעם באַהעלפער וועלן ניט זיין בייז און גאָר ניט זאָגן — ניט שטערן די פרייהייט.

און כאָטש פון יעדן טרייסל האָט דעם רבינס באָרד גלייך גע־טראָפן אין משהלעס פּנים, אַמאָל אין די אויגן און געשטאָכן, האָט ער דערנסטמאָל דעם רבין אַזוי ליב באַקומען, אַז ער האָט זיך גע־

טוליעט צו אים וואָס נענטער — אַזוי איז דער רבי גוט געווען צו אים און צו אַלע קינדער.

## ג

מען איז שוין דורכגעפאָרן דעם מאַרק, די גאַס, וואו די שול געפינט זיך; אָט איז מען שוין ביים מרחץ, און אָט איז מען שוין אויף דער ווייכער בריק. עס טרייסלט ווינציקער, עס ווערט אַלע מאָל בעסער און נענטער צום וועלדל; מען איז שוין אויף יענער זייט טייך, מען זעט שוין אַרוים דעם בית־עולם מיט די מצבות און אַביסל ווייטער — דאָס וועלדל. נאָר... פּלוצלונג האָט זיך די זון באַהאַלטן! מיט גרוים שרעק האָבן די יונגע פּאַרשוינען ערשט איצטער באַמערקט דעם פאַרוואָלקנטן הימל, און נאָך איידער זיי זיינען אַריבער דעם בית־עולם, האָט אָנגעהויבן בליצן און גיסן א שלאַקס־רעגן.

## ד

קוים לעבעדיקע, ווי אָפּגעצוואָגענע קעצלעך, האָבן זיך אַלע אַריינגעכאַפּט אין שטיבל פון קברות־איד, איבערצוואַרטן דעם רעגן. מען וואַרט און מען וואַרט און מען קאָן זיך נישט דערוואַרטן: דער שלאַקס־רעגן הערט נישט אויף.

בערעלע האָט שוין זיין שקאַפּע אינגאַנצן געלאָזט אויף הפקר, און זיצנדיק אין א ווינקל, איז ער אַלץ געווען פאַרנומען מיט די קינדערס פּעקלעך עסן און טרינקען. דער באַהעלפער האָט זיך אויך צוגערוקט צו אים.

— קינדער! טאָמער ווילט איר עפּעס עסן? — האָט געפרעגט דער רבי.

אייניקע האָבן געענטפערט שטיל און טרויעריק: „ניין", אַנדערע האָבן גאָר געשוויגן; די מיילעכלעך האָבן זיך ביי זיי נישט געעפנט צום עסן.

א פּאָר עלטערע קינדער צוזאמען מיט דעם רבין האָבן זיך דאָך צוגערוקט צו בערלען מיט דעם באַהעלפער, נאָר משהלע מיט די איבעריקע קלענערע קינדער האָבן זיך נישט אָפּגעריסן פון פענצטער, קוקנדיק מיט טרויעריקע פּנימלעך, ווי דער רעגן גיסט און גיסט און פּאַטשט אין קליינעם פענצטערל פון'ם קברות־אידנס שטיבל.

ערשט שפּעט פּאַרנאַכט האָט דער רעגן אויפגעהערט, אין דרויסן איז געווען נאָס און טונקל, מען האָט צוריק איינגעפּאַקט די קינדער אין בערעלעס וועגעלע, און שטיל שוין, אָן געפּילדער, האָט די מידע שקאַפּע קוים דערשלעפּט די מידע, האַלב־פאַרשלאָ־פענע קינדער דורך דער בלאָטע אין שטעטל אַריין.

## ה

אינדערפרי, ווען משהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָבן שוין די שטראַלן פון דער זון געשפּילט זיך אויף זיין בעטל, ער האָט זיך פריילעך און לעבעדיק אַ וואָרף געטאָן צום פענצטער און ווייטער דערזען דאָס וועלדל.

— אָ, איצטער, איז דאָרט אַזוי שיין! עס וואָלט צינדערט דאָרט געווען אַזוי גוט, אַזוי פריי, — האָט ער מיט פרייד אויסגעשריגן. נאָר באַלד איז אָנגעקומען דער באַהעלפער, בייז ווי אַ גאַנץ יאָר, און ניט פרעגנדיק ביי אים, האָט ער אים מיט גוואַלד אָנגעטאָן.

משהלען האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן, אין האַלז האָט אים אָנגעהויבן שטיקן, און ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ געוויין.

— וואָס האָסטו זיך צעכליפּעט? — האָט דער באַהעלפער אַ געשריי געטאָן — האָסט נעכטן נאָך קאַרג געהוליעט? און שוין ווילסטו ווייטער ניט גיין אין חדר?

און משהלע איז שוין ווייטער אין חדר, וואו דער רבי איז שוין ווידער בייז, די רביצן שעלט, דער באַהעלפער קנייפּט און צו ל״ג בעומר איז נאָך אַזוי ווייט... עס איז אַזוי לאַנג צו וואַרטן צו דער גוטער, פרייער מינוט!





## מענדעלע-מוכר-ספרים.

# אין וואַלד

בן-ציון האָט אין זיך געהאַט דאָס, וואָס אַ שטאָט-אינגל און אַ דאָרפס-אינגל אינאיינעם. ער האָט געקענט אַריינקוקן אין די קליינע אותיותלעך, אָפּלערנען אַ בלעטל גמרא, — און קיין חשק נישט געהאַט צום לערנען — אָפּגעבן זיך מיט דער באַלעבאַטישקייט אין הויז און אין פעלד מיט גרויסער ליבשאַפט. בטבע איז ער געווען אַ גוטער, אַ שטילער, האָט מער געטאָן ווי גערעדט. שלמהלע פלעגט אים פאַרשטיין אויפן וואונק.

עס זיצט זיך, אַ שטייגער, בן-ציון, אין אַ זומער-טאָג, ביי זיך אויפן גאַניקל. די זון באַקט, אַ שרעק. דער הונט ליגט אים צו די פיס, אויסגעצויגן אויפן בויך, מאַכנדיק מיט די זייטן פאַר היץ. צייטנווייז טוט ער אַ הויב דעם קאָפּ, אַן עפן דאָס מויל — אַ לאַפּ-כאַפּ אַ פליג! אים ביי דער זייט זיצט די קוואָטשקע מיט צע-שפּרייטע פליגל, פון אונטער וועלכע עס לאָזט זיך הערן אַ פּיסק פון קליינע הינדלעך. דאָס רוט מען דאָ פון'ם אַנלויפן זיך אין דרויסן ביז אַצינד. דער מאַרק איז אָפּגערוימט, מען זעט קיין לעבעדיק באַשעפעניש דאָרט ניט — בהמות זיינען אין פעלד, קינדער, להבדיל, זיינען אין חדר, און גרויסע גענעצן אין שטוב, אין קליט, לעכצנדיק נאָך אַ קאַלטן טרונק וואַסער. אויף דער גלייכער וואַנט ערגעץ דראַפּעט זיך אַ קאַץ, בלייבט אין דער מיט שטיין, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, קוקט, טראַכט, איז זיך מיישב, וואָס זאָל זי טאָן, צי אַרויף ווייטער, צי אַראָפּ? שלמהלע רוקט זיך דענסטמאָל, ווי אַ קעצעלע, אַרויס פון שטוב, נאָכדעם ווי ער האָט ווי ס'איז אָפּגעפּטרט, צוגעגרייט דאָס שטיקל לייענען פאַרן פאָטער. עפּעס בענקט זיך אים, ציט עס אים; די אויגעלעך קוקן, קוקן אַהין, וואו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ, וואו עס ציט זיך אַ טונקל-גרינע ליניע פון שפּיצן הויך-געוואַקסענע בוימער. ער טוט אַ בליק — אָ, עס זיצט בן-ציון! מיט איין שפּרונג איז ער לעבן אים. ביידע שווייגן און איינער דעם אַנדערן פאַרשטייט, וואָס ער וויל. בן-ציון טוט אַ וואונק, אַ סמאָרע מיט דער נאָז, הויבט

זיך אויף און לאָזט זיך גיין, און שלמהלע מיט אַ שיינענדיק פּנימל נאָך אים. דאָס לאָזט מען זיך אַרויס פון׳ם שטעטל ווייט אויפן שפּאַציר.

אויפן וועג, הינטערן שטעטל, גייט בן־ציון אַריין צו זיך אין שייער, געוואָר ווערן צום אָנגעליגטן פרישן היי דאָרט. ס׳איז פריש, קיל מחיה, דער ריח פון היי צעגייט זיך אין אַלע גלידער. דיביידע חברים טוען זיך דערויף אַ וואָרף און גלייכן אויס די ביינער; ליגן און קוקן ווי די שוועלבעלעך פליען אַרויס, אַריין, אַרומדרייענדיק זיך מיט אַ שווישטשער אַרום די נעסטן זייערע דאָרט אונטער דעם שטרויענעם דאַך. זיי אַקעגן שטרעקן זיך אַרויס אָפענע געלע פּיסקעלעך פון יונגעטשקע נאַקעטע פייגעלעך, וואָס ווילן עסן.

פון׳ם שייער גייט מען און מען קומט צו אַ גלייכן פרייען פּלאַץ, וואו עס ציען זיך ווייט אין דער לענג, אין דער ברייט פעלדער מיט אַלערליי תבואות. עס זעט זיך דאָרט פונדערווייטנס אַ געמעל, ווייס־רויטלעך בליענדע רעטשקע, איינגעפּאַסט אין אַ ראַם פון גאָלד־געל ווייץ אַרום און אַרום. בלויע בלימעלעך צווישן קאָרן פאַרנעמען די אויגן, און פליענדיקע, שפּרינגענדיקע גאָטס באַשעפענישן דאָרט זזשען אָן פולע אויערן. בן־ציון באַטראַכט דאָרט זייערס אַ פעלד מיט האָבער און איז העכסט צופרידן — לאָזט זיך פון דאָרט גיין ערגעץ אין דער זייט, שלמהלע נאָך אים. ביידע רויט ווי אַ צוויק, ביידע פאַרגניגט, ניט צו רעדן קיין וואָרט, און קומען צו אַ לאַנקע. דאָרט פּיטערן זיך פערד, געפּענטעטע אויף די פעדערשטע פיס. דערביי ברענט אַ פייערל אונטער אַן אַלטער ווערבע, וואו טראַכים באַקט קאַרטאָפל און מאַכט אָן, אונמערוואַרפנדיק דאַרע צווייגלעך, אַ רויך, צו פאַרטרייבן די קאָמאַרעס. איין פערד, וואָס נאָענט, דערזעענדיק דעם באַלעבאָס, הויבט אויף דעם קאָפּ הויך, שפּרינגט אַמאָל דריי מיט די פעדערשטע געפּענטעטע פיס און טוט אַ היר־זשע — ברוך הבא! הייסט עס. בן־ציון געזעגנט זיך מיט אים, אַ קלאַפּ געבנדיק אים הינטן אויף דעם רוקן, זאָגט אָן עפּעס טראַ־כימען און גייט ווייטער — שלמהלע מיט אים, און פאַרגייען טיפלעך אין וואַלד.

נאָך פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיטן וואַלד האָט שלמהלע באַקומען פאַר אים דרך־ארץ. אי ליב געהאַט אים, אי מורא געהאַט האָט ער פאַר אים. אין דער יוגנט נאָך האָט ער זיך אָנגעהערט שרעקלעכע מעשיות: אין וואַלד זיינען דאָ גזלנים, אין וואַלד זיינען דאָ חיות רעות — וועלף, בערן. שדים, נישטגוטע,

זיינען אויך אין וואַלד דאָ. מיידלעך זיינען אַמאָל אין וואַלד געגאַנגען מיט פולע שיסעלעך אַנגעקליבענע יאַגדעס, איז צוגעקומען אַ בער, זיך גענומען פרעסן די יאַגדעס, און די מיידלעך זיינען קוים מיט דעם לעבן אַנטלאָפן. היינט איז גלאַט אַ סכנה פאַר אידישע קינדער דאָרט פון שקצימלעך מיט הינט.

ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַריינגעקומען מיט זיינע חברים אין וואַלד, האָט אים געטיאָכקעט דאָס האַרץ; ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און, ביי אַ מינדסטן שאָרך, פאַרביסן די ליפּן און געמאַכט — שאַ!

שפּעטער, שפּעטער, אויף זיינע שפּאַצירגאַנגען מיט הערצל קיילעס, מיט בן-ציונען און דעם הונט, להבדיל, איז ער צום וואַלד געוואוינט געוואָרן. אַז מען פלעגט זיך באַגעגענען דאָרט מיט שקצים, פלעגן איינע די אַנדערע זאָגן: „דאָבּרי דיען!" און פוןביידע צדדים די הינט פלעגן איינע די אַנדערע זיך באַשמעקן, באַלעקן. פאַר שדים איז אויך ניט געווען וואָס צו שרעקן זיך. הערצל קיילעס האָט געהאַט צו זיי אַ שפּרוך. — „זיי האָבן אַמאָל פאַרדרייט אַ רעדל דאָ אין וואַלד, אַזוי פלעגט הערצל דערציילן — געוואָלט צענעמען, צעטראָגן מיט דעם דריידל-ווינט אַ סטערטע היי, האָט ער אין דער מיט רעדל אַריינגעוואָרפן אַ מעסער, געזאָגט אַ שפּרוך פון אַזאַ כתב-יד, וואָס גייט איבער אין זיין משפּחה פון עלטערן צו קינדער בשתיקה, און זיי צעטריבן אויף אייביק, לעולם ועד".

מורא, הייסט עס, איז שוין ניט געווען וואָס צו האָבן, דאָך דער דרך-ארץ פאַרן וואַלד איז ביי שלמהלען אויף תמיד געבליבן. אים האָט זיך דער וואַלד פאָרגעשטעלט אין קאָפּ נאָר עפּעס אַ לעבעדיק באַשעפעניש. עפּעס אַ מין פאָלק אַזוינס. עפּעס שטייען זיך אויף אַ גרויס שטיק לאַנד בוימער — אַלטע זקנים, זיידעס, עלטער-זיידעס, און יונגע, קליינוואַרג. איטלעכער, דאַכט זיך, שטייט פאַר זיך באַזונדער, נאָר אין „גרונט" גענומען זיינען זיי טיף פאַרפּוטעט, פאַראייניקט מיט די וואָרצלען און ציען די יניקה, ווי אַזעלכע, פון איין שורש. זאָל ווייען פון ערגעץ עפּעס אַ ווינטעלע, שושקען זיי זיך איבער, סודען זיך, אַנבויגנדיק די קעפּ איינער צום אַנדערן. קיינער שווייגט ניט שטיל, עס רירט אָן איטלעכן און איטלעכער לאָזט זיך הערן מיט זיינס, באַסעוועט צו, טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. אַ מינדסטער קלאַפּ ביי אים דאָ, רופט זיך עס אָפּ ביי אים העט וויט דאָרט. און זאָל אַ בלאָז טאָן אויף אים, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל, אַ פוילער, אַ בייזער ווינט פון צפון זייט, כאַפּט

ער זיך אויף מיט אַ כעס, אַ צאָרן, עס רעשט זיך, עס פידערט פון גרוים ביז קליין. עס רוישט און שטורמט ווי כוואַליעס אין ים. פאַרשטומט ווערט וואו אַ לעבעדיק באַשעפעניש אין אים, באַהאַלט זיך אין אַ לאָך פאַר שרעק.

שלמהלע קען דעם וואַלד, ווייסט זיין נאַטור, האָט אַליין שוין געזען אים צעשפילנדיק זיך אין אַ שטורם מיט אַ ווילדער קראַפט, און דעריבער באַקומט ער תמיד ביים אַריינגאַנג עפעס אַן אָפּשיי פאַר אים, אפילו ווען ער שטייט זיך שטיל, רואיק, ווען ער לאַדעט איין צו זיך, ווי אַ גוטער מכנים-אורח, צו קומען אויסרוען זיך אין זיין שאָטן, איז מכבד מיט רויטע אי מיט שוואַרצע יאַגדעס און לאָזט שפּילן אַ קאַפּעליע פון זיסע ניגונים. מיד פון דעם שפּאַציר אויף די פרייע, פריילעכע פעלדער, זיצט ער אַצינד מיט בן-ציונען אָנגעלענט אונטער אַ צווייגהאַפטיקן בוים, הערט זיך צו, קוקט זיך צו צו אַלצדינק אַרום און מיט דרך-ארץ און האָט אין האַרצן שטאַרק הנאה.

פונ'ם וואַלד אַרויסגייענדיק לאָזט מען זיך צוריק אין שטעטל, מען כאַפּט זיך אַריין, שוין אַביסל שפּעטלעך, אין בית-המדרש, שאַ, קיטש, גלייך ווי גאָרנישט נישט געשען, און מען פאַרבייסט מיט אַ מנחה.



שלום אַש.

# קידוש השם

## א

ווים באַשנייט איז דער וועג. די לבנה שפּיגלט זיך אָפּ אין די ברייטע ווייסע פעלד־שנייען ווי אין אַ ים, און די שטערן רייבן זיך איינס אין צווייטן — אַזוי געדיכט זיינען זיי איבערן הימל פאַר־זייט. פונדערווייטנס הערט זיך אַ אידיש זמרל, אויסגעמישט מיט דעם קנאַל פון א בעל־עגלהס בייטש:

הע, הע, אָן אַ זייט,
אידעלעך פאָרן, אידעלעך פאָרן!
לכה דודי, לכה דודי
לקראת כלה!

פון וואַנען פאָרן דאָס אידעלעך אַזוי פריילעך?

פון אַ חתונה פאָרן אידעלעך. אָנגעשטאָפּט איז די בויד מיט מחותנים, אויפן סאַמע קאָרזשעל זיצט דער בעל־עגלה שיכורלעך. דאָס היטל שפּרינגט פון קאָפּ, און מיט דער בייטש קנאַלט ער אונ־טער: הע, הע, אָן אַ זייט. אָן אַ זייט! — זייט ווילן, פערדלעך, אַז אייער באַלעבאָס איז שכור, מען פאָרט פון אַ חתונה! — און זיי האָבן פאַרגעסן דעם טעגלעכן יאָך, לאָזן זיי זיך מיט אימפּעט און טרייבן אַלעם פון וועג אַראָפּ.

און די מחותנים האַלטן איינער דעם צווייטן מיט די הענט אַרומגעאָרמט, די שטריימלעך רוקן זיך אויף אַ זייט. די פערד פאַרפלאָנטערן זיך, און אַלע אינאיינעם שאָקלען זיך צוזאַמען מיט דער פור, ווי ביי דער גמרא, און זינגען הויך אויף אַ קול:

אָמר אַביי, אָמר ר׳ פּפּא,
די מוזינקע אויסגעגעבן,
די מוזינקע אויסגעגעבן,
לכה דודי, לכה דודי,
לקראת—כ—לה!

דער וועג לייכט אין שניי און לבנה־ליכט, און אין דער ווייסער לבנה־נאַכט טראָגט זיך די אידנס זמר.

עס זעען ניט די אידעלעך, ווי דער פריץ פון שטעטל קומט זיי אַנטקעגן מיט דריי פערד נאַשפּיץ. עס הערן ניט די אידעלעך, ווי דער פריץ רופט: „העי, אידן פאַרכעס, לאָזט דעם וועג!" פריילעך זיינען אידן: אַ טאָכטער אויסגעגעבן. אַ ניי הויז ביים אידישן פאָלק. און ווער הערט היינט דעם פריץ מיט זיינע משרתים. „לאָזט דעם וועג, אידן פאַרכעס!" — שרייט דער פריץ. די אידעלעך ענטפערן אים: „מיר אידן האָבן אַ משיח, און וואָס האָסטו? מיר דינען דעם איינציקן בורא, און דו וועמען? דער רבי איז אונזער מליץ יושר. און דיינער ווער?" און זיי גיבן ניט דעם פריץ דעם וועג. זיי נעמען פאַר דעם פריץ דאָס היטל ניט אַראָפּ. זיי זאָגן ניט דעם פריץ: „גוטן אָוונט!" שכור זיינען אידן און פאָרן פון אַ חתונה און זינגען אין דער ווייסער נאַכט אַריין:

לכה דודי, לכה דודי
לקראת כלה!

אויפן צווייטן טאָג האָט מען פון פריץ רייטערס אַרויסגעשיקט נאָכשפּירן, פון וואַנען זיינען אידעלעך געפאָרן, און וואָס האָבן אי־דעלעך שכור אָפּגעטאָן. און מען האָט געפונען אַ טויטן פויער אין דער פוסטער קרעטשמע, וואָס שטייט אין אַ זייט פון וועג.

און די צייט איז געווען פסח.

האָט מען סטראַזשניקעס איבערן שטעטל אַרויסגעשיקט נאָכ־פרעגן, ווער איז איבערן וועג געפאָרן. האָט מען די מחותנים מיט דעם בעל־עגלה אין קייטן געשמידט און אין תפיסה געוואָרפן.

די מחותנים זיינען געווען די פיר שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט.

## ב

פאַרזאַמלט זיינען אַלע אידן אין שול. די ליכט אָנגעצונדן ווי צו יום־כיפור. פון דער ווייבערשער שול פאַרנעמט זיך אַ שטיל, ערנסט געוויין. עס וויינען איינצלנע שטימען, און מען ווייסט, אַז דאָס וויינען די ווייבער און מוטערס פון די געפיינקטע. דער אַלטער רב אין קיטל און טלית שטייט פאַרן אָרון און זאָגט תהילים: „למה רגשו גוים ולאומים יהגו ריק". און די אידן אין קיטלען און טליתים זאָגן נאָכן רב מיט ציטעריקע שטימען: „למה רגשו גוים ולאומים יהגו ריק".

און שטיל איז אין דער קליינער שול. מען הערט דעם גאַנג פון די נשמות פון אַלע קדושים פון אַלע דורות, וואָס גייען דורך דער לופט פון דער שול. וואָרום מען זאָגט תהילים פאַר געפייניקטע.

דאָרט אין דער תפיסה פייניקט מען די געפאַנגענע מיט כל עגויים קשים, אַז זיי זאָלן זיך מודה זיין. און דאָס זאָגט מען דאָ תהילים פאַר זיי, אַז גאָט זאָל זיי שטאַרקן, זיי זאָלן אויסהאַלטן די עגויים און ניט פאַרשווערכן זיין הייליקן נאָמען, — וואָרום דער נסיון איז אַ שווערער. דער וואָס וועט זיך מודה זיין און אָפּזאָגן זיך חלילה פון אידישן גלויבן, — האָט מען אויסגעפּויקט אין שטאָט, — וועט מען אים שענקען דאָס לעבן און מאַכן פאַר דעם אויפזעער פון אַלע צינזן, וואָס די אידן האָבן צו צאָלן דעם פּריץ, אָפּגעבן אים אַלע פּראָפּינאַציעס פון אַלע שענקען, און ער וועט ווערן אַ ראש איבער די אידן.

און די, וואָס וועלן זיך ניט מודה זיין, וועט מען זיי צעפערט־לען און ניט צולאָזן צו קבר ישראל.

און דאָ אין שולעכל, דאַכט זיך, הערן זיך די קרעכצן און די געשרייען פון די געפייניקטע, וואָס מישן זיך אינאיינעם מיט די אידנס תהילים־זאָגן און רייסן זיך אין הימל אַרויף.

נאָר זיכער זיינען אידן אין זייערע קדושים, אַז זיי וועלן אויס־האַלטן דעם נסיון און וועלן ניט פאַרשווערכן חלילה גאָטס נאָמען פאַר די נאַרישקייטן פון דער וועלט. און שטאָלץ רייסט זיך אַרויס דער בליק אויס די פאַרוויינטע אויגן פון די מוטערס און די ווייבער פון די געפייניקטע איבער זייערע קדושים. און מיט קנאה און כבוד קוקן אַלע ווייבער אויף זיי, אויף די מוטערס און פרויען פון די קדושים, וואָס זיינען מקדש את השם.

נאָר אין איינעם איז מען ניט זיכער, אין דעם בעל־עגלה, — אַ פּראָסטער יונג פון דער גאַס, און ניט איינמאָל האָט מען אים שוין געטראָפן מחלל שבת זיין בפרהסיא. ער היט ניט אָפּ קיין מנחה־ומעריב, און שבת גייט ער מיט זיין פערד איבער דער גאַס שפּאַצירן; עסט אומגעוואַשן און נעמט דעם סידור אין האַנט ניט אַריין. געמוסרט האָט אים שוין דער רב איייניקע מאָל און גע־וואָלט אים אין פּאָליש איינזעצן, האָט ער געסטראַשעט מיט שמדן זיך — האָט מען אים צורו געלאָזט.

אין אַ ווינקל פון דער ווייבער־שול שטייט זיין מוטער מיטן טיכל איבערן קאָפּ אַריבערגעצויגן, שעמט זיך די ווייבער אין פּנים אַריין צו קוקן. אַלע קוקן אויף איר מיט רחמנות און פאַר־דראָס: „אַזאַ זון דערצויגן!“ — וואָרום געהערט האָט מען שוין

אין שטאָט. אַז דער בעל־עגלה איז זיך מודה. אָפּגערוקט האָבן זיך אַלע פון איר, און זי וויינט און שטייט מיט דעם טיכל איבער די אויגן. קיין תהילים זאָגט זי ניט — זי קען ניט; קיין סידור האַלט זי ניט אין דער האַנט, נאָר אירע ליפּן מורמלען אַ תפילה, און זי בעט צו גאָט: „טאַטע אין הימל, שטיי אים ביי! טאַטע אין הימל, שטיי אים ביי!"

און די טרערן גיסן זיך פון די אויגן אין טיכל אַריין. קיינער זעט זיי ניט, קיינער הערט איר תפילה ניט, וואָרום אָפּגערוקט שטייט זי אַליין, און אַלע קוקן מיט רחמנות און פאַרדראָס אויף איר: „אַזאַ זון דערצויגן! אַזאַ זון דערצויגן!"

## ג

ווידער זיינען אַלע אידן אין דער שול פאַרזאַמלט. קיין תהילים זאָגט מען ניט היינט. אויסגעזעצט זיינען זיי אַלע אויף דער ערד. די שטענדערס פאַרדרייט. די ליכט ברענען זיך אויף דער ערד. דער רב אין די זאָקן זאָגט „איכה", און דער עולם אין דער שטיל זאָגט נאָך אים. מען זיצט שבעה נאָך די קדושים. תליות האָט מען אין מאַרק אויסגעשטעלט, און יעצט ווערט געטאָן זייער רעכט אין מיטן מאַרק. פיר יאָרצייט־ליכט ברענען זיך אין אַ קאַסטן זאַמד אויף דר'ערד, און אַרום די ליכט זיצן שבעה די משפּחות פון די קדושים און זאָגן איכה. אין אַ ווינקל שול, האַרט ביי דער טיר, שטייט אויך דאָס פינפטע ליכט. עס איז ניט אָנגעצונדן, און לעבן דעם זיצט די מוטער פון דעם בעל־עגלה איינע אַליין. מען ווייסט ניט, צי איר זון האָט אויסגעהאַלטן דעם נסיון און ער געהערט אויך צו די קדושים, און אַלע קוקן אויף איר מיט רחמנות און פאַרדראָס: „אַזאַ זון דערצויגן! אַזאַ זון דערצויגן!"

אין דעם הערן זיך טריט צורייטן פון דרויסן. אַ רייטער קומט אָן צו דער שול, וואַרפט עפּעס אַרונטער הינטער דער טיר און קלאַפּט אָן אין טיר פון שול — איינס, צוויי, דריי, פיר . . . פינף. פינף קלעפּ האָט ער געגעבן. און ווי עס האָט זיך דערהערט דער פינפטער קלאַפּ אין טיר, רייסט אויף די מוטער פון דעם בעל־עגלה די טיר פון שול — און הינטער דער טיר פון דער שול ליגן פינף אָפּגעהאַקטע קעפּ.

אויסגעזוכט האָט זי דעם קאָפּ פון איר זון, אים אויף די הענט גענומען און איז אַריינגעגאַנגען מיט אים אין שול אַריין. הויך האָט זי געהאַלטן דעם קאָפּ פון איר זון אויף די הענט, ווי זי וואָלט

אים דער גאַנצער עדה געוואַלט צייגן. אַ שטאָלצער בליק האָט זיך פון אירע אויגן אַרויסגעריסן. אַראָפּגערוקט האָט זי שוין דאָס טיכל פון איר קאָפּ און שטאָלץ האָט זי אַלעמען אין די אויגן געקוקט. אָפּגערוקט מיט כבוד האָבן זיך אַלע פאַר איר, און די מאַמע, מיט דעם זונס קאָפּ אין דער האַנט, האָט אין מיטן צו טאַנצן אָנגעהויבן.

לייכט און שטיל האָבן זיך אירע פיס באַוואויגן, און געטאַנצט האָט זי מיט איר זונס קאָפּ פאַרן אָרון — קיין וואָרט ניט גערעדט; אירע ליפּן זיינען שטום געווען, נאָר מיט אירע אויגן האָט זי אויף אַלעמען מיט שטאָלץ געקוקט.

און אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט פון איר און מיט קנאה און מיט כבוד געקוקט אויף איר:

די מוטער טאַנצט מיט איר זון, די מוטער טאַנצט מיט איר זון...

און אַוועקגעלייגט האָט זי איר זונס קאָפּ צווישן די קדושים און אָנגעצונדן מיט אירע הענט דאָס יאָרצייט־ליכט פאַר איר זון און אַוועקגעשטעלט עס פאַר דעם אָרון צווישן די ליכט פון די קדושים.





יהואָש.

# דער צענטער צום מנין

די נאַכט פון יום־כּיפּור קוקט היילּיק אַרונטער
מיט טויזנטער גאָלדענע אויגן,
אַזוי ווי אַ יום־טובדיק סאַמעט פּרוכת,
דער הימל די וועלט האָט באַצויגן...
די גאָלדענע אויגן זיך מערן און מערן...

עס שטייען ניין אידן און קנייטשן דעם שטערן,
צום דאַוונען די צייט רוקט זיך נענטער,
דאָך קען זיך דער חזן ניט שטעלן צום עמוד,
און זינגען „כל נדרי" און „יעלה" ווי תמיד,
עס פעלט זיי צום מנין אַ צענטער...

באַקלעמט איז דאָס האַרץ זיי, שוין דאַוונען ביחידות
וועט מוזן די קליינע קהלה.
מע וועט צומאָל קדיש ניט קענען היינט זאָגן,
ניט ענטפערן אָמן אַפילו...

אָ, גאָט, צי ניט קענסטו אַ וואונדער באַווייזן? —
און פלוצלינג... באַמערקט נאָר... מיט האַסטיקע שפרייזן,
אַ גרייז־גראָער איד איז געקומען;
אַוועק שוין די מורא, אַ דאַנק צו זיין נאָמען,
מ'עט קדיש שוין זאָגן און ענטפערן אָמן —
און שנעל זיך צום דאַוונען גענומען...

דער גרייז־גראָער גאַסט שטייט אַליין אין אַ ווינקל,
ער רעדט מיט קיין מענטשן אַ וואָרט ניט,
ער קוקט אין זיין מחזור א גאַנצן מעת־לעת נאָר,
ער רירט זיך צומאָל פון זיין אָרט ניט,
אַזוי ווי ער וואָלט ניט געהערן צום צבור...

דאָך ווי נאָר דער הייליקער טאָג איז אַריבער
און אַלע אַהיים זיך געקליבן,
האָט פלוצלינג דער אורח באַדעקט זיך מיט שטראַלן,
פאַר אַלעמענס אויגן געוואָרן פאַרפאַלן,
קיין שפור איז פון אים ניט געבליבן.

י. ל. פּרץ.

# אויב נישט נאָך העכער

און דער נעמיראָווער פלעגט סליחות-צייט יעדן פרימאָרגן נעלם ווערן, פאַרשוואונדן!

מען פלעגט אים נישט זען אין ערגעץ: נישט אין שול, נישט אין ביידע בתי-מדרשים, נישט ביי אַ מנין, און אין דער היים אוודאי און אוודאי נישט. די שטוב איז געשטאַנען אָפן. ווער עס האָט געוואָלט, איז אַריין און אַרויסגעגאַנגען, — געגנבעט ביים רבין האָט מען נישט, — אָבער קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז אין שטוב נישט געווען.

וואו קאָן זיין דער רבי?

וואו זאָל ער זיין? מן הסתם אין הימל! ווייניק געשעפטן האָט אַ רבי פאַר ימים-נוראים צו פאַרזאָרגן? אידעלעך, קיין עין-הרע, דאַרפן פרנסה, שלום, געזונט, גוטע שידוכים, ווילן גוט און פרום זיין, און די זינד זייַנען דאָך גרוים, און דער שטן מיט זייַנע טויזנט אויגן קוקט פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטן, און ער זעט און פאַרקלאָגט און מסרט... און — ווער זאָל העלפן, אַז נישט דער רבי?

אַזוי האָט דער עולם געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אָנגעקומען אַ ליטוואַק, לאַכט ער! איר קענט דאָך די ליטוואַקעס: פון מוסר ספרים האַלטן זיי ווייניק, דער-פאַר שטאָפּן זיי זיך אָן מיט ש"ס ופוסקים. ווייזט דער ליטוואַק אַ בפירושע גמרא, — די אויגן שטעכט ער אוים: אפילו משה רבינו, ווייזט ער, האָט ביים לעבן נישט געקענט אַרויף אויפן הימל, נאָר געהאַלטן זיך צען טפחים אונטערן הימל! נו, גיי שפּאַר זיך מיט אַ ליטוואַק!

— וואו דען קומט אַהין דער רבי?

— מיין דאגה! — ענטפערט ער און ציט מיט די אַקסל, און תוך כדי דבור (וואָס אַ ליטוואַק קאָן!) איז ער זיך מיישב צו דער-גיין די זאַך.

---

נאָך דעמזעלבן פאַרנאַכט, באַלד נאָך מעריב, גנבעט זיך דער ליטוואַק צום רבין אין חדר אַריין, לייגט זיך אונטערן רבינס בעט און ליגט. ער מוז אָפּוואַרטן די נאַכט און זען, וואו דער רבי קומט אַהין, וואָס ער טוט סליחות-צייט.

אַן אַנדערער וואָלט אפשר איינגעדרעמלט און פאַרשלאָפן די

צייט; אַ ליטוואַק טוט זיך אַן עצה; לערנט ער זיך אויסוויינִיק אַ גאַנצע מסכתא! איך געדענק שוין נישט, חולין צי נדרים!

פאַרטאָג הערט ער, ווי מען קלאַפּט צו סליחות.

דער רבי איז שוין נישט געשלאָפן אַ צייט. ער הערט אים שוין אפשר אַ גאַנצע שעה קרעכצן.

ווער עס האָט געהערט דעם נעמיראָווער קרעכצן ווייס וויפל צער פאַר כל ישראל, וויפל יסורים ס׳האָט געשטעקט אין זיין יעדן קרעכץ... די נשמה פלעגט אויסגיין, הערנדיק דאָס קרעכצן! אַ ליטוואַק האָט דאָך אָבער אַן אייזן האַרץ, הערט ער צו און ליגט זיך ווייטער! דער רבי ליגט זיך אויך; דער רבי, זאָל לעבן, אויפן בעט, דער ליטוואַק אונטערן בעט.

---

דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטן אין הויז הויבן אָן סקריפּן... ווי די בני־בית כאַפּן זיך אַרויס פון די בעטן, ווי מע מורמלט אַ אידיש וואָרט, מען גיסט וואַסער אויף די נעגל, עס קלאַפּן אויף און צו די טירן... דערנאָך איז דער עולם אַרויס פון שטוב, עס ווערט ווייטער שטיל און פינצטער, דורכן לאָדן שיינט קוים אַריין אַ קליין ביסל ליכט פון דער לבנה...

מודה האָט ער געווען, דער ליטוואַק, אז ווען ער איז געבליבן איינער אַליין מיטן רבין, איז אים באַפאַלן אַן אימה. די הויט איז אים שוין אויפגעלאָפן פאַר שרעק, די וואָרצלען פון די פאות האָבן אים געשטאָכן אין די שלייפן ווי די נאָדלען.

אַ קלייניקייט: מיטן רבין, און סליחות־צייט, פאַרטאָג, אַליין אין אַ שטוב...

אַ ליטוואַק איז דאָך אָבער איינגעשפּאַרט, ציטערט ער ווי אַ פיש אין וואַסער און ליגט.

ענדלעך שטייט דער רבי, זאָל לעבן, אויף.

פריער טוט ער, וואָס אַ איד דאַרף טאָן. דערנאָך גייט ער צו צו דעם קליידער־אַלמער און נעמט אַרויס אַ פּעקל... עס באַווייזן זיך פויערשע קליידער: לייוונטענע פּלודערן, גרויסע שטיוול, אַ סערמיענגע, אַ גרויס פוטערן היטל מיט אַ ברייטן, לאַנגן לע־דערנעם פּאַס, אויסגעשלאָגן מיט מעשענע נעגעלעך.

דער רבי טוט עס אָן...

פון דער קעשענע, פון סערמיענגע, שטאַרט אַרויס אַן עק פון אַ גראָבן שטריק... פון אַ פויערשן שטריק!

דער רבי גייט אַרויס; דער ליטוואַק — נאָך!

דורכגייענדיק, טרעט אָפּ דער רבי אין קיך, בויגט זיך איין,

פון אונטער אַ בעט נעמט ער אַרוים אַ האַק, פאַרלייגט זי אונ־טערן פּאַס און גייט אַרוים פון שטוב.

דער ליטוואַק ציטערט, נאָר ער טרעט נישט אָפּ.

---

אַ שטילער, ימים־נוראימדיקער פּחד וויגט זיך איבער די טונ־קעלע גאַסן. אָפּט רייסט זיך אַרוים אַ געשריי פון סליחות פון ער־געץ אַ מנין, אָדער אַ קראַנקער קרעכץ פון ערגעץ אַ פענצטער... דער רבי האַלט זיך אַלץ אין די זייטן פון די גאַסן, אין די שאָטנס פון די הייזער. פון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרוים און דער ליטוואַק נאָך אים...

און דער ליטוואַק הערט ווי זיין אייגן האַרצקלאַפּן מישט זיך צוזאַמען מיטן קול פונ׳ם רבינס שווערע טריט; אָבער גיין גייט ער און קומט צוזאַמען מיטן רבין אוים דער שטאָט אַרוים.

הינטער דער שטאָט שטייט אַ וועלדל.

דער רבי, זאָל לעבן, נעמט זיך אין וועלדל אַריין. ער מאַכט אַ דרייסיק־פערציק טריט און שטעלט זיך אָפּ ביי אַ בוימל; און דער ליטוואַק ווערט נבהל ונשתומם, זעענדיק ווי דער רבי נעמט אַרוים פון פּאַס די האַק און שלאָגט אין בוימל אַריין.

ער זעט, ווי דער רבי האַקט און האַקט, ער הערט ווי דאָס בוימל קרעכצט און קנאַקט. און דאָס בוימל פאַלט, און דער רבי שפּאַלט עס אויף ליפּעס, די ליפּעס — אויף דינע שייטלעך; און ער מאַכט זיך אַ בינטל האָלץ, נעמט עס אַרום מיטן שטריק פון קעשענע, ער וואַרפט דאָס בינטל האָלץ איבער די פּלייצעס, שטעקט צוריק אַריין די האַק אינ׳ם פּאַס, לאָזט זיך אַרוים פון וואַלד און גייט צוריק אין שטאָט אַריין.

אין אַ הינטערגעסל שטעלט ער זיך אָפּ ביי אַן אָרעם, האַלב־איינגעבראָכן הייזל און קלאַפּט אָן אין פענצטערל.

— ווער איז? — פרעגט מען דערשראָקן פון שטוב אַרוים.

דער ליטוואַק דערקענט, אַז עס איז אַ קול פון אַ אידענע, פון אַ קראַנקער אידענע.

— יאַ! — ענטפערט דער רבי אויף פּויעריש לשון.

— קטאָ יאַ? — פרעגט מען ווייטער פון שטוב.

און דער רבי ענטפערט ווייטער, אויף מאַלאָרוסיש לשון: וואַסיל!

— וואָס פאַר אַ וואַסיל, און וואָס ווילסטו, וואַסיל?

— האָלץ — זאָגט דער פאַרשטעלטער וואַסיל — האָב איך צו פאַרקויפן! זייער ביליק. בחצי חינם האָלץ!

און נישט ווארטנדיק אויף אַ תשובה, נעמט ער זיך אין שטוב אריין.

---

דער ליטוואַק גנבעט זיך אויך אַריין און, ביים גרויען ליכט פון פריען מאָרגן, זעט ער אַן אָרעמע שטוב; צעבראָכן, אָרעם כלי־בית. אין בעט ליגט אַ קראַנקע אידענע, פאַרוויקלט מיט שמאַטעס, און זי זאָגט מיט אַ ביטער קול:

— קויפן? מיט וואָס זאָל איך קויפן? וואו האָב איך, אָרעמע אלמנה, געלט?

— איך וועל דיר באָרגן! — ענטפערט דער פאַרשטעלטער וואַסיל — אינגאַנצן זעקס גראָשן!

— פון וואַנען וועל איך דיר באַצאָלן? — קרעכצט די אָרעמע אידענע.

— נאַרישער מענטש, — מוסרט זי דער רבי — זע, דו ביסט אַן אָרעמע קראַנקע אידענע, און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ; איך בין בטוח, אַז דו וועסט באַצאָלן; און דו האָסט אַזאַ שטאַרקן, גרויסן גאָט און געטרויסט אים נישט... און האָסט אויף אים אויף נאַרישע זעקס גראָשן פאַרן בינטל האָלץ קיין ביטחון נישט!

— און ווער וועט מיר איינהייצן? — קרעכצט די אלמנה — איך האָב דען כוח אויפצושטיין? מיין זון איז אויף דער אַרבעט געבליבן.

— איך וועל דיר איינהייצן אויך, — זאָגט דער רבי.

און, אריינלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רבי, קרעכצנדיק, געזאָגט פון סליחות דעם ערשטן פיזמון...

און אַז ער האָט אונטערגעצונדן, און דאָס האָלץ האָט פריי־לעך געברענט, האָט ער געזאָגט, שוין אַ ביסל לוסטיקער, פון די סליחות דעם צווייטן פיזמון...

דעם דריטן פיזמון האָט ער געזאָגט, ווען עס האָט זיך אויסגע־ברענט, און ער האָט די בלעך פאַרמאַכט...

---

דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ נעמיראָווער חסיד.

און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַמאָל דערציילט, אַז דער נעמיראָווער הויבט זיך אויף, סליחות־צייט, יעדן פרימאָרגן, און פליט אַרויף אין הימל אַריין, פלעגט שוין דער ליטוואַק נישט לאַכן, נאָר צוגעבן שטילערהייט:

— אויב נישט נאָך העכער!

# רבי אליעזר בן הורקנוס

דער גרויסער ר׳ אליעזר בן הורקנוס האָט ביז צוויי און צוואַנציק יאָר גאַרנישט ניט געלערנט קיין תורה. זיין פאָטער הורקנוס איז געווען אַ רייכער גוט-באַזיצער, און אויף זיינע פעלדער האָבן גע־אַרבעט פיל אַרבעטער. די זין זיינע, אליעזר מיט די איבעריקע ברידער, פלעגן אַליין אויך אַרבעטן אין פעלד. איינמאָל שטייען אַזוי די ברידער אין פעלד און אַקערן, אַלע אויף אויסגעאַרבעטער ערד, און נאָר אליעזר אויף שטיינהאַרטער ניילאַנד. פּלוצים וואַרפט אליעזר אַוועק דעם אַקער, זעצט זיך אין אַ זייט און צעוויינט זיך. פרעגט דער פאָטער: וואָס וויינסטו? ערגערסטו זיך אפשר, וואָס עס קומט דיר אויס צו אַקערן האַרטע ניילאַנד — נעם זיך אַקערן די ווייכע. גייט ער איבער אויף דער ווייכער, זעצט זיך דאָרט אַוועק און וויינט ווידער.

פרעגט אים דער פאָטער:

— און אַצינד וואָס וויינסטו? דאָס געפעלט דיר אויך ניט?

— ניין, נישט דאָס, — זאָגט ער.

— וואָס דען וויינסטו?

— איך וויל לערנען תורה!

— אַ מענטש פון צוויי און דרייסיק יאָר פאַרגלוסט זיך אים פּלוצים אָנהויבן לערנען! שלאָג זיך דיר דאָס אַרוים פון קאָפּ. בעסער האָב חתונה, וועסטו האָבן קינדער, פירן זיי אין שולע און זיי וועלן שוין לערנען תורה.

איינמאָל קומט ער ווידער פאַרן פאָטער און זאָגט:

— מאָרגן גיי איך מער אין פעלד ניט אַרבעטן. ס׳איז ביי מיר געבליבן זיך אַוועקלאָזן קיין ירושלים דאָרט צו לערנען תורה אין ר׳ יוחנן בן זכאים בית-המדרש.

שרייט אויף אים אָן דער פאָטער: מאָרגן גאַנץ פרי, נאָך איידער דו וועסט עפּעס אין מויל נעמען, מוזטו מיר פריער אויפ־אַקערן אַ שטיק פעלד.

שטייט אליעזר אויף פאַרטאָג און נעמט אַקערן דאָס פעלד. אין מיטן אַקערן פאַלט די קו און ברעכט זיך אויס אַ פוס. טראַכט ער זיך: „צוליב מיין זכות האָט די קו צעבראָכן דעם פוס״...

אַנטלויפט ער פון דאָרט און לאָזט זיך אויפן וועג קיין ירושלים צו ר׳ יוחנן בן זכאי.

ווי מען דערציילט איז דאָס פאָרגעקומען אן ערב-שבת, און אַ

גאַנצן מעת־לעת ביז מוצאי־שבת, האָט ער ניט געהאַט אין מויל; אין וועג, ווען דאָס האַרץ האָט אים פאַרחלשט, האָט ער אויפגעהויבן פון דער ערד א שטיינדל און אַריינגענומען אין מויל.

געקומען אין ירושלים, גייט ער אַריין אין ר׳ יוחנן בן זכאים שול, זעצט זיך אין אַ ווינקל און וויינט. באַמערקט עס ר׳ יוחנן. פרעגט ער אים: וואָס וויינסטו?

ענטפערט ער: איך וויל לערנען תורה.

— האָסט שוין עפּעס אַמאָל געלערנט?

— ניין, גאָרנישט ניט געלערנט.

נעמט ר׳ יוחנן מיט אים לערנען פון אָנהויב קריאת־שמע, דאַווּ־נען, בענטשן און דערצו יעדן טאָג נייע צוויי הלכות. אלעס וואָס אליעזר האָט געלערנט אַ גאַנצע וואָך האָט ער שבת גוט אויסגע־חזרט און ס׳איז ביי אים פאַרבליבן. אכט טאָג דורכאַנאַנד האָט אַזוי אליעזר פאַרבראַכט אין איין לערנען, און די גאַנצע צייט נישט געהאַט אין מויל, ביז ר׳ יוחנן האָט דערשפּירט א ריח פון זיין מויל.

פרעגט אים ר׳ יוחנן: אליעזר מיין זון, האָסטו עפּעס איבער־געביסן היינט? — שווייגט ער. פרעגט ער אים נאָכאַמאָל און ער שווייגט אַלץ.

זאָגט אים ר׳ יוחנן: זע, היינט עסטו ביי מיר.

— איך האָב שוין אָפּגעגעסן אין מיין אכסניא, — ענטפערט אליעזר.

רופט צו ר׳ יוחנן אייניקע פון זיינע תלמידים און זאָגט זיי אָן: זעט, איר זאָלט די זאַך נאָכפאָרשן.

לאָזן זיך אַוועק די תלמידים איבער ירושלימער גאסן און פרעגן זיך נאָך אין אַלע אַכסניות, צי האַלט זיך דאָרט נישט אויף איינער פון זייערע חברים, — ענטפערט מען אומעטום: ניין — ביז זיי זיינען געקומען צו איין פרוי, וואָס האַלט אַן אָרעמע אכסניאָ, און זי האָט געענטפערט: יאָ. פרעגן זיי ביי איר: האָט ער דאָ עפּעס מיט זיך? זאָגט זי: עפּעס האָט ער אַ מין זאַק, וואָס ער פאַלט אַלע טאָג צו צו אים מיטן קאָפּ און זויגט פון אים ווי פון אַ לאָגל ווייַן. הייסן זיי זיך וויזן דעם דאָזיקן זאַק. שלעפּט זי אים אַרוים און זיי עפענען אים. לאָזט זיך אויס, דער זאַק איז אָנגעשטאָפּט מיט ערד. פרעגן זיי זי ווייטער: האָט היינט אליעזר עפּעס איבערגעביסן? זאָגט זי: ניין. מיר האָבן אַלץ געמיינט, מסתמא עסט ער ביים רבין. ווייזט אוים, אז ער האָט די גאנצע אַכט טעג אין מויל נישט געהאַט.

קומען די תלמידים און דערציילן עס דעם רבין. דערהערט דאָס, שרייט אויס רבי יוחנן בן זכאי:

— אָרעמער אליעזר, אזוי נעבעך וואַלגערסטו זיך דאָ צווישן אונז! נאָר וויסן זאָלסטו: אַזוי ווי עס הערט זיך איצט אַ ריח פון דיין מויל מחמת הונגער, אַזוי וועט פון דיין מויל זיך צעגיין דער ריח פון דיין תורה און זיך צעשפּרייטן פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן עק וועלט.

פון דעמאָלט אָן האָט ר׳ יוחנן אים באַשטעלט קעסט און ער איז געקומען צו זיך.

אַזוי זיינען פאַריבער דריי יאָר, און אליעזר האָט פלייסיק געלערנט תורה פאַר ר׳ יוחנן, און די גאַנצע צייט אפילו זיך נישט געוויזן אַהיים פאַרן פאָטער.

איינמאָל רופן זיך אָן הורקנוסעס קינדער צום פאָטער: זע, וואָס דיין זון אליעזר האָט דיר אָפּגעטאָן — אויף דער עלטער דיך איבערגעלאָזט און איז אוועק קיין ירושלים. ער האָט פאַרדינט, דו זאָלסט אים אָפּזאָגן פון ירושה.

פאָלגט הורקנוס און גייט אַוועק קיין ירושלים מיט דער דעה אויסצושליסן אליעזרן פון ירושה. קומט ער אָן קיין ירושלים פּונקט אין דעם טאָג, ווען ביי ר׳ יוחנן בן זכאי איז געווען אַ גרויסער מאָל־צייט. צו דער סעודה זיינען געקומען די גרעסטע פאַרנעמסטע ליט פון דער מדינה: בן־ציצית־הכסת, נקדימון־בן־גוריון און בן־כלבא־שבוע. דערציילט מען ר׳ יוחנן, אַז דער גוט־באַזיצער הורקנוס איז אָנגעקומען. הייסט ער מאַכן פאַר אים אַ פּלאַץ צווישן די געסט, באַזעצט מען אים אויבן־אָן צווישן אַלע פאַרנעמע ליט. זיצט ער צווישן עולם מיט גרויס אָפּשיי און ציטערט. אין מיטן דער סעודה שטעלט זיך ר׳ יוחנן אָפּ מיט די אויגן אויף ר׳ אליעזר און זאָגט אים: נעם, זאָג עפּעס פאַרן עולם.

ענטפערט ר׳ אליעזר: רבי, וואָס קען איך זאָגן, קען דען אַ ברונעם אַרויסגעבן וואַסער מער ווי מען גיסט אין אים אריין? קען איך דען זאָגן דברי־תורה מער ווי איך האָב ביי דיר באַקומען?

— ניין, מיין זון, — זאָגט ר׳ יוחנן — נישט קיין ברונעם ביסטו, דו ביסט אַ קוואַל, אַ לעבעדיקער קוואַל, וואָס פליסט און גיסט פרישע וואַסער פון זיך אַליין, דו פאַרמאָגסט אייגנס.

און אַז ר׳ יוחנן מיט די תלמידים זיינען צו אים צוגעשטאַנען, האָט ר׳ אליעזר זיך אויפגעהויבן און געעפנט דאָס מויל.

אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן ווערטער, וואָס זינט די וועלט שטייט האָט נאָך קיין אויער זיי נישט געהערט. דאָס פּנים פון׳ם

יונגן דרשן האָט געשיינט, ווי די זון; שטראַלן, ווי פון משה־רבנוס געזיכט, האָבן פאַרבלענדט די אויגן, און דער גאַנצער עולם האָט נישט געוואוסט, אויף וואָס פאר א וועלט ער איז, צי ס׳איז טאָג צי נאכט.

נאָך דער דרשה שטעלט זיך ר׳ יוחנן אויף, גיט דעם תלמיד א קוש אויפן קאָפּ און זאָגט: אַז וואויל איז אייך, אברהם, יצחק און יעקב, וואָס אַזאַ קינד איז פון אייך אַרויסגעקומען.

— אויף וועמען זאָגט ער עס? — דערפרעגט זיך הורקנוסביים עולם.

— אויף דיין זון אליעזר! — ענטפערט מען אים.

— אויב אַזוי, האָט ער באַדאַרפט אַנדערש זאָגן: „אַז וואויל איז מיר, וואָס אַזאַ קינד איז פון מיר ארויסגעקומען!״.

און דער אַלטער הורקנוס איז באַלד אַרויף אויף אַ באַנק און אויסגערופן פארן גאנצן ירושלימער עולם:

— רבותי! געקומען בין איך אַהער מיט דער דעה אָפּצוזאָגן מיין זון אליעזר פון מיינע גיטער. איצט אָבער לאָז איך איבער אלע מיינע גיטער פאר מיין זון אליעזר אליין, די איבעריקע ברידער האָבן קיין שום חלק נישט.

— ניין, פאָטער, — זאָגט אים אויף דעם ר׳ אליעזר — וואָלט איך פאַרלאַנגט ערד ביי גאָט, קען ער מיר געבן, — „די ערד און אלעם וואָס אין איר געהערט צו גאָט״. וואָלט איך גאָלד און זילבער פאַרלאַנגט, קען ער דאָך מיר אויך געבן — „דאָס זילבער איז מיינס, און דאָס גאָלד איז מיינס, זאָגט גאָט״. מיין פארלאַנג אָבער פון גאָט איז נאָר איין זאַך: תורה אליין.

(פון „די אידישע אגדות״).



מאַני לייב.

# אליהו הנביא

פול זיינע אויגן מיט ליבשאַפט און טרויער,
און אויף די ליפּן א שמייכל אַ ליבער,
און אין אַ פּעלצל פאַרשטעלט ווי אַ פּויער, —
גייט אליהו דורך אָרעמע שטיבער.

האָבן די בליצן געפלאַקערט ווי שלאַנגען,
דונערן האָבן געברומט ווי די לייבן,
איז צו דעם וואַלד אליהו געגאַנגען,
הויך זיינע הענט צו דעם הימל געהויבן.

— בוימער און חיות און הימלען און תהומען,
מענטשן און ווערים געאַכפּערט און הייליק! —
זינגט אַ געזאַנג צו זיין אייביקן נאָמען!
קדוש, — אַז הייליק, אַז הייליק, אַז הייליק!

גייט ער אין וואַלד ניט אויף מענטשישע שטעגן.
ברענט דאָרט אַ בוים פון אַ דונער געטראָפן.
ליגט דאָרט אַ וואָלף פון דעם דונער, — ווי רעגן
לעבעדיק בלוט פון זיין וואונד איז געלאָפן.

— ער האָט פאַר פייער באַשאָפן די בוימער,
וואַרעמקייט געבן דער וועלט מיט די קינדער;
ער האָט באַשאַפן דעם וואָלף מיט דעם שומר
פּרואוון די שטילינקע שאָף מיט די רינדער!

וועלפעלע, וויין ניט, דו בייזינקער פעטער! —
גלעט ער דעם קראַנקן און שטילט זיינע וואונדן,
און מיט אַ קרייטעך און הייליקע בלעטער
האָט ער די אָפענע וואונדן פאַרבונדן.

און פאַרן וואָלף שטייט ער לאַנג נאָך געבויגן,
בענטשט מיט אַ וואָרט, אַז געזונט זאָל ער ווערן.
און ביי דעם וואָלף — ניט קיין וועלפישע אויגן —
ווי ביי אַ קינד מיט געלייטערטע טרערן.

און אין אַ פעלצל פאַרשטעלט ווי אַ פּויער,
און אויף די ליפּן אַ שמייכל אַ ליבער,
און זיינע אויגן מיט ליבשאַפט און טרויער
גייט ער צוריק צו די אָרעמע שטיבער.



י. ל. פרץ.

# זיבן גוטע יאָר

## א

דאָס איז אַ געשיכטע, וואָס איז געשען אין טורבין.

אין טורבין איז געווען אַמאָל אַ טרעגער, האָט ער געהייסן טוביה און איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. איינמאָל, דאָנערשטיק, שטייט ער אַזוי אין מאַרק, מיט די פּאָלעס פאַרשאַרט אונטערן שטריק אויף די לענדן, און קוקט אויס, פון וואַנען עס וועט קומען זיין הילף, ער זאָל פאַרדינען עפּעס אויף שבת. און דאָ שטייען די געוועלבן אַרום און אַרום ליידיק: אין יוצא ואין בא: מען זעט נישט, עס זאָל עמיצער קומען סחורה קויפן, עס זאָל זיין וואָס אָפּצוטראָגן. הייבט ער נעבעך אויף די אויגן צום הימל מיט אַ געבעט, ער זאָל חלילה קיין פאַרשטערטן שבת נישט האָבן, און זיין ווייב סערל מיט די קינדער זאָלן, חס ושלום, נישט הונגערן אום שבת.

ווי ער איז אַזוי מתפלל, דערפילט ער, אַז עמיץ גיט אים אַ צי פאַר דער פּאָלע. קוקט ער זיך אום, זעט ער פאַר זיך אַ דייטשל, אָנגעטאָן ווי אַ שיסער אין וואַלד, מיט אַ פעדער אויפן קאַפּעליושל און אַ גרינעם אויפלאָג אויפן שפּענצער. און דאָס דייטשל זאָגט צו אים אויף ריין דייטש, וואָס מיר זעצן איבער אויף עברי־טייטש, מיט די ווערטער:

— הער, טוביה, דיר איז באַשערט געוואָרן זיבן גוטע יאָר, זיבן יאָר פון מזל און הצלחה און אוצרות געלט. ווענדט זיך עס אָבער אָן דיר, ווען דו ווילסט האָבן די גוטע יאָר. ווילסטו, — וועט דיר אויפשיינען דיין מזל נאָך דעם היינטיקן טאָג, און איידער עס וועט אונטערגיין די זון, וואָס שטייט דיר איבערן קאָפּ, וועסטו קאָנען אָפּקויפן גאַנץ טורבין מיט דער סביבה, אָבער נאָך זיבן יאָר וועסטו צוריק ווערן אַן אָרעמאַן, ווי דו ביסט געווען. און ווילסטו, — וועט די גוטע, געבענטשטע צייט קומען ערשט צום סוף פון דיינע יאָרן, און דו וועסט אַוועקגיין פון דער וועלט דער גרעסטער גביר.

געוועזן איז עס, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אליהו הנביא, וואָס האָט זיך, ווי זיין שטייגער איז, אין אַ דייטשל פאַרשטעלט. טוביה אָבער האָט געמיינט, אַז עס איז, להבדיל אלף אלפי הבדלות, אַ פּראָסטער כישוף-מאַכער, ענטפערט ער אים:

— מיין ליב דייטשל, לאָז דו מיך געמאַך, וואָרום איך בין, נישט פאַר דיר געדאַכט, אַ גרויסער עני ואביון, איך האָב אויף שבת נישט, און איך האָב דיר נישט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דיינע עצות מיט דיין טרחה.

אַז דאָס דייטשל אָבער האָט אים נישט אָפּגעלאָזט און אי־בערגעחזרט אים די ווערטער איין מאָל, צוויי מאָל און דריי מאָל, איז עס טוביהן שוין אַריין אין קאָפּ, ענטפערט ער אים:

— ווייסטו וואָס, ליב דייטשל, אויב דו מיינסט עס ערנסט מיט מיר און ביסט נישט קיין לועג לרש, און דו פרעגסט מיך באמת, מוז איך דיר זאָגן, אַז איך בין מיך נוהג, ביי יעדער זאַך, וואָס קומט מיר פאָר, זיך אָן עצה האַלטן מיט מיין ווייב סערל און אָן איר קאָן איך דיר קיין קלאָרע תשובה נישט געבן.

זאָגט אים דאָס דייטשל, אַז עס איז זייער אַ גוטע זאַך, זיך אָן עצה צו האַלטן מיט דער פרוי, און ראָט אים, ער זאָל זי גיין פרעגן, און ער, דאָס דייטשל הייסט עס, וועט דאָ שטיין און וואַרטן אויף אַ תשובה.

טוביה קוקט זיך נאָך אַמאָל אום אין אַלע זייטן, קיין פאַר־דינסט זעט ער נישט, טראַכט ער זיך, וואָס קאָן ער דאָ אָנווערן, ער וועט אַהיים גיין פרעגן. לאָזט ער אַראָפּ די פאָלעס און גייט אַרום הינטער דער שטאָט, וואו ער האָט געוואוינט, כמעט שוין אויפן פעלד, אין אַ ליימען שטיבל, איבערשמועסן זיך מיט סערל זיין ווייב.

## ב

ווי סערל האָט אים דערזען דורך דער אָפענער טיר (עס איז זומער געווען), איז זי אים אַרויסגעלאָפן אַקעגן מיט גרויס שמחה: זי האָט געמיינט, אַז ער ברענגט איר אָן התחלה אויף שבת. זאָגט ער איר אָבער:

— ניין, סערל, זיין ליבער נאָמען האָט מיר נאָך קיין פאַר־דינסט נישט באַשערט, דערפאַר אָבער איז צו מיר געקומען אַ דייטשל...

און ער דערציילט איר אַזוי און אַזוי, באשר בכן, דאָס דייטשל זאָגט, אַז עס זיינען אים באַשערט זיבן גוטע יאָר, און עס ווענדט זיך אָן אים, ווען די גוטע יאָר זאָלן קומען, אצינד אָדער פאַר דער פטירה, פרעגט ער ביי איר אַן עצה: ווען?

טראַכט סערל נישט לאַנג און ענטפערט אים:

— גיי, מיין ליבער מאַן, און זאָג דעם דייטשל, אַז דו ווילסט די זיבן גוטע יאָר אויף דער רגע!

— פאַרוואָס, סערל? — פרעגט טוביה פאַרוואונדערט — נאָך זיבן יאָר, וועלן מיר דאָך ווערן צוריק אָרעמע-לייט, און דעם יורד איז דאָך ערגער, ווי אַ פּראָסטן אָרעמאַן?

— פאַרזאָרג נישט, מיין ליבער גוטער פריינט, די וועלט. דערווייל נעם, וואָס מען גיט דיר און זאָג: ברוך ה׳ יום יום! בפרט, אַז מען דאַרף חדר-געלט פאַר די קינדער. מען האָט זיי מיר אַהיים געשיקט, אָט זע, ווי זיי שפּילן זיך אין זאַמד.

דאָס איז געגוג געווען, טוביה זאָל צוריקלויפן צום דייטשל מיט אַ קלאָרער תשובה, אַז ער וויל די זיבן יאָר תוך כדי דיבור.

זאָגט אים דאָס דייטשל:

—רעכן נאָר איבער, טוביה, היינט ביסטו אַ מענטש מיט כוח און קאָנסט פאַרדינען, אַמאָל מער, אַמאָל ווייניקער. וואָס וועט אָבער זיין שפּעטער, אַז דו וועסט עלטער ווערן און וועסט זיין אַ יורד, און אַזוי פיל כוח צו דער אַרבעט וועסטו אויך נישט האָבן?

ענטפערט טוביה:

— הער, דייטשל, מיין ווייב סערל וויל באַלד. ערשטנס, זאָגט זי, ברוך ה׳ יום יום און הייסט אויף שפּעטער נישט זאָרגן, און צווייטנס, האָט מען אונז די קינדער פון חדר אַהיים געשיקט...

— אויב אַזוי, — זאָגט אים דאָס דייטשל — גיי אַהיים, און איידער דו וועסט קומען אין שטוב אַריין, וועסטו זיין אַן עושר!

וויל ער אים פאָרט איבערפרעגן וועגן נאָך די זיבן יאָר, איז אים אָבער דערווייל דאָס דייטשל פאַרשוואונדן געוואָרן.

גייט ער, טוביה, אַהיים. געוואוינט, האָבן מיר שוין געזאָגט, האָט טוביה הינטער דער שטאָט, כמעט אויפן פרייען פעלד. קומט ער צו צו דער שטוב, זעט ער, ווי די קינדער שפּילן זיך הינטער דער שטוב אין זאַמד. גייט ער צו, דערזעט ער, אַז זיי שאַרן אַרויס פון אַ גריבל נישט קיין זאַמד, נאָר ריין גאָלד, טאַקע זהב טהור... פאַרשטייט זיך, אַז מער האָט מען נישט געדאַרפט, עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די זיבן יאָר, די זיבן מזלדיקע יאָר...

ג

די צייט לויפט אָבער פייל פון בויגן, און זיבן יאָר גייען אַריבער געשווינד. קומט נאָך די זיבן יאָר דאָס דייטשל צו טוביהן, איס אָנצוזאָגן, אַז די זיבן יאָר זיינען אַריבער, און אַז היינט פאַרנאַכט וועט נעלם ווערן דאָס גאָלד אין דער ערד, דאָס גאָלד אין שטוב און אפילו דאָס גאָלד, וואָס זיי האָבן געקאָנט באַהאַלטן ביי לייטן...

טרעפט ער טוביהן, ווי ער שטייט אינמיטן מאַרק, ווי פאַר זיבן יאָר, מיט די זעלבע פאַרשאַרצטע פאָלעס אונטער די לענדן, און קוקט אוים אויף אַ פאַרדינסט. זאָגט ער אים: הער, טוביה, די זיבן יאָר זיינען אַריבער!

ענטפערט אים טוביה: „גיי, זאָג מיין ווייב סערל, ווייל דאָס עשירות איבער די גאַנצע זיבן יאָר איז געוועזן ביי איר אין דער האַנט”.

גייען זיי ביידע אַרוים הינטער דער שטאָט און קומען צום זעלבן ליימענעם הייזל אויפן פעלד און טרעפן סערלען פאַר דער טיר. און זי איז אויך אָרעם געקליידט ווי אַמאָל, נאָר איר פּנים שמייכלט.

זאָגט איר דאָס דייטשל מיט די זעלבע ווערטער, אַז די זיבן גוטע יאָר זיינען אַוועק.

ענטפערט זי אים, אַז זיי האָבן קיין גוטע יאָר נאָך נישט אָנגעהויבן צו האָבן, אַז זיי האָבן קיינמאָל ניט געהאַלטן דאָס גאָלד פאַר זייער אייגנס, ווייל, וואָס אַ מענטש פאַרדינט מיט זיינע צען פינגער, דאָס איז זיינס, און אַזוי עשירות, וואָס קומט אָן שוויים און אומגעזוכט, איז נאָר אַ פּיקדון, וואָס זיין ליבער נאָמען לאָזט איבער ביי מענטשן אין די הענט פאַר אָרעמע־לייטס וועגן... זי האָט נאָר פון גאָלד אויף שכר־לימוד געגומען, דאָס איז גאָטס תּורה, מעג מען פאַר זיין תּורה מיט זיין גאָלד צאָלן, מער נישט! און אויב זיין ליבער נאָמען האָט פון היינט אָן אַ בעסערן בעל־פּיקדון פאַר זיין גאָלד, מהיכא־תּיתי, זאָל ער צונעמען און איבערגעבן אַן אַנדערן!

אליהו הנביא האָט עס אויסגעהערט און איז נעלם געוואָרן. ער האָט עס איבערגעגעבן דעם בית־דין של מעלה, און דער בית־דין של מעלה האָט געפּסקנט, אַז עס איז קיין בעסערער בעל־פּיקדון נישט פאַראַן, און די זיבן יאָר האָבן זיך נישט אויסגעלאָזט כּל זמן טוביה און זיין ווייב סערל האָבן געלעבט.

ד. פרישמאַן.



# די שליסלען

מיר חלומט אַ חלום, אַן אַלטער,
מיר ווערט אַזוי באַנג, אַזוי שווער:
איך הער ווי מיט שליסלען אַ קלינגען,
איך זע ווי פון פלאַמען אַ מער.

דער טאָג איז גאָר פינצטער און טרוי'ריק,
דער טאָג איז געהילט ווי אין שלאָף;
עס קרעכצן אין הימל די ראָבן, —
דאָס איז ער, דער ניינטער אין אָב.

עס ברענען די ווענט פון בית־המקדש,
עס פאַלט שוין אַ וואַנט נאָך אַ וואַנט;
עס שטייען די פרחי־כהונה
און האַלטן די שליסלען אין האַנט.

עס זיינען אומשולדיקע קינדער
געהילט אין דעם ווייסן געוואַנט;
עס פרעסן די פלאַמען אַלץ ווייטער, —
זיי האַלטן די שליסלען אין האַנט.

עס זיינען די שליסלען פון היכל,
די שליסלען פון ארון דערצו:
„אוי הימל, דאָ זיינען די שליסלען
און נעם זיי, אוי הימל, שוין דו!"

און פלוצלונג באַווייזט זיך פון הימל
אַ לאַנגע, אַ ליכטיקע האַנט,
און נעמט פון די קינדער די שליסלען
און ווערט באַלד פאַרשוואונדן אין בראַנד.

מיר חלומט דער חלום, דער אַלטער,
מיר ווערט אַזוי שווער, אַזוי באַנג.
וואו זיינען, אוי הימל, די שליסלען?
ווי לאַנג נאָך, אוי הימל, ווי לאַנג?

עס וויינען אומשולדיקע קינדער:
אוי, גיב שוין די שליסלען צוריק!
וועט קיינמאָל דען זיך ניט אומקערן
דאָס אַלטע, דאָס פרייריקע גליק?





ירמיה הנביא    באָרים שאַץ

שלום אַש.

# חורבן ירושלים

(צווייטער געזאַנג)

מיט אַ געטרייסט האַרץ איז ירמיהו קיין ירושלים צוריקגעגאַנ-
גען. ווי גאָט האָט אים באַפוילן, האָט ער אין ענתות אַ פעלד זיך
געקויפט און געזאָגט האָט ער זיך אַזוי: „עס איז א סימן, אידן וועלן
אויף זייער אָרט זיצן בלייבן, אויפעסן וועט גאָטס גרויסע דערבאַרמונג
זיין צאָרן — און זיין גוטיקייט, ווי אַ ים, וועט אויסטריקענען די נאַרישע
מענטשן-זינד". אַזוי, געשטיצט אויף גאָטס חסד, גייט דער נביא
געטרייסט צו זיין פאָלק צוריק. אָוועקוואַרפן וויל ער זיין שטעכע-
דיקע שטראָף-בייטש און טרייסטן זיי. געקומען איז ער אויף דעם
בית-לחם וועג — און דערזען האָט ער פון ירושלים א גרויסן רויך
אויפגיין. ביינאַכט איז עס געווען, און דער פלאַם פון ירושלים האָט
זיך פון דערוויטנס געלויכטן. געטרייסט האָט זיך דער נביא: „אָ,
פאַרשוואונדן זיינען די כשדים. זיי זיינען, ווי אַשור אַמאָל, הינטער

ירושלימס טויערן ווי אַ נעפּל צערונען. און דאָס דאַנקט ירושלים גאָט אָפּ, און דער רויך פון אירע קרבנות גייט אין הימל אויף״. פריילעך איז דער נביא געוואָרן, אויפגעלויכטן זיין פאַרוואָלקנטער שטערן און זיינע אויגן, ווי די ליכטער, אויף ירושלים אויפגעהויבן. מיט די הענט אין דער הויך געשטרעקט, האָט ער פאַר גאָט אַ לויב-ליד זינגען געוואָלט. זיין האַרץ צעגאַנגען פאַר געטלעכקייט — באַגינט דער נביא פאַר גאָט צו טאַנצן און צו וויינען פאַר פרייד. ערשט ער קוקט אויף דעם וועג, — רויט גערויטלט איז דער ווייסער זאַמד און ווי אַ פאָדים ציט ער זיך איבער דעם וועג. פון ירושלים קומען די בלוט-פלעקן אָן צולויפן און קיין בבל ציען זיי זיך. געוואָרפן האָט דער נביא זיך אויף דער ערד און דערזען ביים שטערן-ליכט יונגע קינדער-פיס, געטרעטן אין דעם בלוט. ער האָט זיי אָן דעם ווייכן גאַנג דערקענט. אויסגעגאָסן, ווי א פורעם, האָט זיך דאָס קינדישע פיסל אין דעם בלוטיקן שטויב. דערקענט האָט דער נביא דעם איידעלן טריט פון זיין פאָלק, געקושט האָט ער יעדן טריט, צום האַרצן צוגעדריקט און אויסגעשריען מיט אַ געשריי, ווי אַ געווילד, וואָס דער יעגער האָט מיט זיין שפּיז אין האַרצן געטראָפן, — אַזוי פאַרוואונדעט מיט דער שפּיז אין דער ברוסט לויפט דער נביא איבער דעם וועג, אויף די בערג זיך געלאָזט און קיין ירושלים געקוקט. אָ, דערקענט האָט ער ביים גרויען מאָרגן-שיין — ירושלים ברענט, ווי פון אַ גרויסן קרבן גייט דער רויך אין הימל אויף. אָבער נישט אויף שטיינער און אויף מויערן האָט דער נביא געקלאָגט זיין ליד — נישט אויף דעם, וואָס דער בית-המקדש איז חרוב געוואָרן, נאָר איבער די אידנס לייד האָט ער זיין האַנט קעגן הימל אויפגעהויבן און אויסגעשריען: „אָ, דו האָסט מיך אויסגעלאַכט, אַרויסגענאַרט האָסטו מיך פון דער היים, און הינטער מיין רוקן די קינדער געשאָכטן!״ און געזוכט האָט ער מיט זיינע אויגן, וואוהין עס פירט דער וועג פון די אַרויסגעטריבענע. אַרויסגעשיקט האָט ער זיין געהאָרך צו פאַרנעמען, פון וואָסער זייט דער ווינט טראָגט די קרעכצן צו, געוויגט נאָך לינקס, געזוכט נאָך רעכטס, און נאָך דעם בלוטיקן טריט איז ער, ווי אַ חיה, וואָס האָט איר נעסט געפונען וויסט, נאָך די געפאַנגענע קינדער-טריט נאָכגעלאָפן.

געטריבן האָט נבוזראדן די אידן קיין בבל אַריין. פאַר דער מוטער רחלס קבר האָט ער זיי פאַרביי געטריבן, — געוועזן איז עס אויף דעם וועג קיין בית-לחם, וואו באַגראָבן האָט זי יעקב איינזאַם אויף דעם פעלד אַליין. אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך ביים קבר און אַרום דעם פעלד זיך אַנידערגעלייגט. און אָנגעכאַפּט האָבן זיי זיך

אַן די ווענט און נישט געוואָלט ווייטער גיין. אָבער געשלאָגן האָט זיי דער פיינט, מיט די רימען און מיט די ריטער, פון דעם קבר אוועק. אָפּגעריסן האָט ער די קינדער מיט געוואַלט פון דער מו־טערס שירץ, געשלעפּט האָט ער די קינדער פריער, און די מוטערס זיינען שוין אַליין נאָכגעלאָפן. אזוי האָט זיי דער פיינט אין גלות געפירט. געראָנען זיינען די טרערן אין גרוב אַריין און די מוטער נישט געלאָזט ליגן רואיק. אויפגעהויבן האָט זי זיך אין איר ווייסן געוואַנד, — אָנגעטאָן די שבת־קרוין אויף איר קאָפּ, איז זי פון איר קבר אַרויס און נאָך די קינדער נאָכגעגאַנגען און אויסגעשטרעקט צו זיי אירע הענט און גערופן זיי. אָבער קיינער האָט איר שטים נישט געהערט, קיינער איר געשטאַלט נישט געזען — טויט איז זי געווען און נישט געקאָנט געבן פון זיך קיין קול, נאָר גערעדט צו זיך אַליין. אזוי האָט זי אַרומגעבלאָנקעט אַ גאַנצע נאַכט איבער די פעלדער אַליין, און ווען דער טאָג האָט געגרויט, איז זי צוריק אין איר רו אַריין. אזוי שלייכט זי זיך יעדע נאַכט פון איר קבר אַרויס, קומט אין אידישן גלות אַריין, און ווער עס וואַנדלט ביינאַכט דורך אידישע שטעט, זעט ווי אַ ווייס געשטאַלט גייט אין געסל אויף אַליין, קוקט דורך פאַרמאַכטע לאָדנס אין אידישע שטיבער אַריין. דאָס איז די מוטער רחל, וואָס קאָן אין קבר נישט ליגן רואיק איבער אירע קינ־דערס געוויין, אזוי ביזן היינטיקן טאָג אַריין.

פאַרלאָזט האָבן די אידן דער מוטער רחלס קבר און זיינען אין גלות געגאַנגען. דער טאָג האָט אָנגעהויבן צו גרויען, און דערזען האָט דער נביא ביי דעם גרויען שיין די אַרויסגעטריבענע פון דער־ווייטנס. דערקענט האָט ער די אַרויסגעטריבענע נאָך דער מחנה שוואַרצע רויב־פויגלען, וואָס זיינען נאָך זיי נאָכגעפלויגן. די זון האָבן זיי פאַרשטעלט מיט זייערע שוואַרצע פליגלען און דערשראָקן די לופט מיט זייער געשריי. געזייט איז געווען דער גאַנצער וועג מיט מענטשלעכע גלידער, און אָפּגעשטעלט האָבן זיך די שוואַרצע פויגלען אויף די קערפּערס פון די טויטע, געפּיקט פון זיי און מיט אַ באַנגען „קראַ־קראַ" אַדורכגעלעכערט די לופט. אַנטלאָפן זיינען די פייגעלעך פון פעלד פאַר זייער געשריי. און די טויבן זיינען אין זייערע טויבן־שלעק אַריין, באַהאַלטן זיך אין די ווינקעלעך, די קעפּ אונטער די פליגלען געשטעקט, די אויגן פאַרגלייסט און אין גאָט געגלויבט. אַוועקגעיאָגט האָט ירמיהו די שוואַרצע פויגלען פון די געפאַלענע קינדער, זיינע קליידער אויסגעטאָן און די מתים פאַרהילט מיט זיי פאַר די פייגלס שיין. אָפּגעטראָגן האָט ער די טויטע פון דעם וועג אין אַ זייט, אַז זיי זאָלן אונטער די קעמל־טריט נישט צע־

טראָטן ווערן. לאַנג פאַרברענגען ביי די טויטע האָט ער דאָך נישט געקענט — גערופן האָבן אים די קרעכצן פון די לעבעדיקע. איבערגעלאָזט האָט ער די טויטע מיט אַ פאַרוויסטאָקטע האַרץ און צו די לעבעדיקע געאיילט. אדם-נאַקעט איז ער געווען — די קליידער אויסגעטאָן, לויפט ירמיהו אין דער שיין פון דער זון. פון זיינע פיס רינט בלוט. די אויגן אויפגעריסן, מיט די דאַרע הענט קעגן הימל אויסגעשטרעקט און מיט אַ ווילדן געשריי לויפט ער די אַרויסגעטריבענע נאָך. אָנגעטראָפן האָט ער די שוואַכע קינדער און די ווייבער, וואָס נישט געקאָנט האָבן זיי נאָך דעם שטאַרקן מענער-טריט נאָכגיין. נאַקעט זיינען זיי געווען און זייערע לייבער פאַר דער זונס שטראַלן צום רויב איבערגעגעבן. נאָכגעטריבן האָבן זיי בבלס זעלנער מיט קופערנע היט אויף די קעפ, מיט רויטע בענדער ארומגעפוצט — רויע, דורשטיקע אויגן פון די מעשענע געזיכטער אַרויסגעקוקט, מיט אויפגעדעקטע ברוסטן און געפלאָכטענע האָר און בערד — האָבן זיי מיט זייערע ריטער די שוואַכע קינדער נאָכגעשמיצט. געפאַלן זיינען די קינדער אין דער זונס שטראַלן, ווי די קליינע געשאָסענע טויבן פאַלן פון דער הויך, און זיינען אויפן וועג געבליבן ליגן, דער שוואַרצער מחנה פויגלען צום רויב. מיט געוואַלט האָבן זיי די מוטערס פון די קינדער צעשיידט, וואָס האָבן זיך באַהאָפטן אין זיי מיט זייערע בליקן. אויפגעהויבן האָט דער נביא די קינדער פון וועג, אויף זיינע הענט געטראָגן. גוססע זיינען זיי אָבער אין זיינע אָרעמס געווען און מיט אַ געשריי איז ער אַנטלאָפן פון זיי. אָנגעקומען איז ער צו די אַלטע לייט. געשמידט זיינען געווען די חשובי-ירושלים, הענט און פיס אין אייזערנע שטאַנגען אַריינגעבראַכט, — דאָך האָט זיך דורך די פאַרקנעכטע קייטן אַרויסגעריסן זייער פרייער מענער-בליק. מיט שטילן ערנסט און כבוד האָבן זיי זייער לייד איבערגעטראָגן. צווישן זיי איז געגאַנגען צדקיהו, דער לעצטער קעניג פון דודס הויז. העכער פון אַלעמען איז ער געווען, און דערקענט האָט מען, אַז אויף זיין געקרייזלטן גרויען קאָפ האָט גערוט דודס קרוין. אויסגעשטאָכן זיינע אויגן האָט אים דער פיינט, דאָך געזען האָט ער אין זיין פינצטערע נאַכט איין בילד — זיינע קינדערס טויט, געשטאָכן פאַר זיינע אויגן האָט דער פיינט די קינדער זיינע און אויסגעשטאָכן זיי — אַז זיי זאָלן קיין אַנדער ליכט נישט זען מער, נאָר זיינע קינדערס טויט. אָבער פון זיינע אויסגעלאָשענע אויגן איז שטענדיק אַ שטאָלצער בליק געפאַלן. און ווי ער וואָלט נאָך געטראָגן אויף זיין קאָפ די קרוין, איז ער אין זיינע קייטן, אַ קעניג צווישן שקלאַפן, געגאַנגען. באַהאָפטן האָט זיך

ירמיהו אין זיי, אַריינגעבראַכט זיינע הענט אין זייערע קייטן און גע־בעטן זיך ביים פיינט: „שמיד מיך, ווי זיי!" דאָך דער פיינט האָט געהאַט דעם שטרענגן באַפעל פון זיין מוראדיקן הער נבוזראדן, ירמיהון נישט צו רירן. געוואוסט האָבן זיי, אַז ער איז אַ געט־לעכער מאַן, און נישט מיט זייער קראַפט האָבן זיי ירושלים באַ־זיגט, נאָר איבער ישראלס זינד, וואָס נביאות האָט ירמיהו געזאָגט איבער זיי. דערזען די אַלטע לייט, אַז זיי האָבן ירמיהון, איז אַ שטילע האָפנונג אַדורכגעגאַנגען צווישן זיי: „גאָט האָט געזען אונ־זערעליידן און ירמיהון געשיקט צו אונז". און דערוואַרט האָבן זיי צו הערן פון אים גאָטס טרייסט. דאָך פאַרשטומט זיינען ירמיהוס ליפּן געווען, נישט קיין טרייסט און נישט קיין וואָרט האָט ער זיי פון גאָט געבראַכט. נישט דערמאָנען האָט ער זיי געוואָלט אָן ציונס פריילעכע טעג, נישט געדענקען זייערע זינד, נישט שיטן זאַלץ אויף די וואונדן, נאָר געשוויגן האָט ער און מיט די טרערן זיין צער גע־טרונקען. אַראָפּגעלאָזט האָבן די אַלטע די קעפּ צו דער ערד, ערגעץ־וואו מיט די אויגן געקוקט, און אָן ירושלים געדענקט. אַ, נישט לענגער אויסהאַלטן האָט דער נביא געקאָנט זייער בליק, אַנטלאָפן איז ער פון זיי און צו די בחורים־יונגען אָנגעקומען. איינגעשפּאַנט זיינען זיי געווען נאַקעט אין נבוזראדנס וועגן און קיין בבל ירושלימס פּראַכט און רייכטום געפירט. באַהאַנגען זיינען די וועגן געווען מיט דודס גאָלדענע פּאַנצערס, און אויסגעשפּרייט איבער זיי האָט דער פיינט די אוצרות פון בית־המקדש. געבלישטשעט האָט דאָס גאָלד אויף די וועגן און די טייערע שטיינער, ווי אַ ים אין זון אויסגע־גאָסן. ישראלס פאָנען, די צייכן פון זיינע שטאַמען, אויפגעשטעלט האָט ער אויף די וועגן און אויסגעשפּרייט אין די קאָלירן. און יהודהס פאָן האָט געפלאַטערט פון אויבן אויף, מיט דעם לייב, וואָס איז אויף אים. שטאָלץ איז דער פיינט געווען אויף דער פאָן פון דעם שטאַרקסטן פון ישראל און הויך אויסגעשפּרייט האָט ער זי אין דער זון. גאָלד און זילבער טראָגן זיי דעם פיינט, אָן אַנדער אוצר איז באַהאַלטן צווישן זיי. אין אַ בינטל אויפן פּלייצע טראָגט דאָרט ווער אין דער מחנה די תורה איינגעבונדן. ציטערט, געטער, ציטערט, פעלקער! אייער טויט ווערט געטראָגן דאָרט, די שווערד פאַר דער אַלטער וועלט. איינגעבונדן אין דעם בינטל טראָגן זיי גאָטס וואָרט, דאָס ליכט פאַר דער וועלט — אַרויסשיקן וועט עס פון בינטל זיינע שטראַלן, באַלויכטן וועט עס לאַנד און לאַנד. דערשראָקן און פאַר־געסן וועלן געטער און פעלקער אויף די אינזלען איינזאַם שטאַרבן. אַזוי טראָגן זיי דאָס בינטל פון פאָלק צו פאָלק, פון לאַנד צו לאַנד

איבער דעם גאַנצן גלות אַרום. דאָס איז דער סוד, וואָס האַלט זיי אויף ביזן היינטיקן טאָג אַריין.

איינגעשפּאַנט אין רימענס, האָבן די בחורים פון ירושלים די וועגן געשלעפּט. די שטאַרקסטע צווישן זיי האָט ער אויסגעקליבן, און זייערע לייבער פון דעם געשפּאַן האָבן זיך ווי בראָנז אין דער זון געגאָסן. געזען האָט דער נביא די קופּערנע בית־המקדש־זיילן מיט די קרוינען אויף די קעפּ, מיט די בלומען אויסגעהאַקט, צורס מייסטערשטיק, דורך שלמהס חכמה אויסגעטראַכט. געשלעפּט האָבן זיי די בחורים פון ירושלים. צען בחורים ביי יעדער זייט פון זייל האָבן אונטער דער שווערער לאַסט פון קופּער אָפּגעקרעכצט. גע־לויכטן האָט זיך אין דער זון יעדע בלום, יעדע פּרוכט, וואָס איז אין זייל מייסטערהאַפט געווען אויסגעהאַקט. אַזוי האָבן זיי אויף זייערע אַקסלען דעם בית־המקדש נאָך בבל געפירט. געריסן האָט זיך דער נביא צו זיי, געשריגן מיט אַ שרעקלעכן קול, אַז ער האָט דערזען דעם בית־המקדש צעשטערט און זיינע שטיקער געשלעפּט פון פיינט.

אָבער באַלד פאַרשוויגן איז ער געוואָרן. דערזען האָט ער די פּרחי־כהונה, די יונגע כהנימס קינדער, צאַרט און פון איידעלן שטאַם, גייען פאָרויס פאַר זיי. קינדער זיינען זיי נאָך געווען, פון בית־המקדש־הויף אַרויסגענומען, וואו זיי האָבן זיך ביי די עלטערן די עבודה געלערנט. אין זייערע כהנים־העמדלעך אָנגעטאָן, האָבן זיי די קריגן מיט מנורות פון דעם הייליקן בית־המקדש־דינסט אויף זייערע אַקסלען אויסגעטראָגן. די קינדער, אַזוי טייער און ליב, ווי די כלים פון בית־המקדש, האָבן איבער דעם וועג געוויינט, נאָס גע־מאַכט מיט טרערן דעם זאַמד און געזאָגט אַזוי: „די כלים, וואָס אין זיי האָבן מיר געזאָלט פאַר גאָט דעם הייליקן דינסט טאָן, טראָגן מיר צום פיינט". אַז דער נביא האָט זיי דערזען, האָט ער זיינע הענט צום הימל פאַרשפּרייט און מיט אַ גרויס געשריי אויסגעשריגן: „די קינדער, ווי די שעפּעלעך, — וואָס האָסטו צו זיי? זיי זיינען נאָך ריין פון זינד".

געגאַנגען איז נבוזראדן פאָרויס פאַר דעם גאַנג. ברוין איז זיין שטאַרק געזיכט געווען. אָפּגעברענט פון דער זון, זיין ברוסט אויפ־געדעקט ביז אין ווייטן לייב אַריין, געקאַרבט זיין באָרד אין פלעכטן געבונדן, און זיינע האָר שוואַרץ, ווי שווערער בראָנז אין לאָקן גע־גאָסן, געקאַרבט און געבונדן האָבן זיי זיך איבער זיין נאַקעטן קאַרק אַראָפּגעגאָסן. ווי די ליכטער אין דער שוואַרצער נאַכט, האָבן זיינע אויגן מיט צאָרן פון אונטער זיין שווערן מעשענעם געטורעמטן הוט

ארויסגעקוקט. שטאַרק האָבן זיינע געקנאַכלטע פיס אין דעם הייסן זאַמד געטראָטן און, מיט דער שפּיז פאָרויס געשיקט, האָט ער זיי דעם וועג געוויזן. קינדער און אַלטע פירט דער פיינט, ווייבלעך און מיידלעך, נאָר קיין מאַן איז צווישן די געפאַנגענע נישטאָ. עס איז נישט קיין מנהג אין ישראל געווען, אז מענער זאָלן אין געפאַנגענ־שאַפט גיין, אויפן פעלד בלייבן זיי ביז צום לעצטן פון זיי. אַזוי גע־פירט האָט נבוזראדן ישראל אין גלות אַריין. געטראָטן איז פאַר נבוזראדן דער נביא, אין די אויגן אים אַריינגעקוקט און געזאָגט אַזוי:

„נישט אַזוי גרויס נבוזראדן, נישט אַזוי שטאַרק נבוכדנצר. נישט אייער האַנט האָט ישראלס מאַכט צעבראָכן. געבונדן מיט גאָט אין אַ פעסטן באַנד, גייט ישראל, דער איינציקער זון, אַ האָר אין קנעכט־שאַפט אַרום. די וועלט האָב איך צוליב אים באַשאַפן, זאָגט גאָט, איר לעבט נאָר אין זיין זכות. דו ביסט נאָר דער שטעקן, דו ביסט נאָר די רוט, וואָס מיט איר שטראָפט גאָט זיין זון. ווען ישראל וואָלט נאָר צו זיין פאָטער גערופן, ווי דער ווילדער הונט, ווי דער אָקס, ווי דער רינד, וואָלט ער דיר אַ רינג אין דיינע נאָזלעכער גע־שטעקט און מיט דעם שטאַנג דיך צוריקגעפירט אויף דעם וועג קיין בבל צוריק — ווי צו אשורן ער האָט אַמאָל געטאָן! נישט בבלס קינדער איז דער הייליקער זאָמען פון ישראל, וואָס דו פאַרגיסט אַזוי לייכט זיין בלוט. אָ, ציטער פאַר יעדן טראָפּן, וואָס דו פאַר־גיסט. דו וועסט מיר רעכנונג אָפּגעבן, זאָגט גאָט, — דו ביסט דער הונט אין מיין הייליקער סטאַדע, דער שעפער איז נאָר אַוועק אויף איין אויגנבליק. דו וועסט מיר מיט דיין אייגן בלוט באַצאָלן פאַר יעדן שעפעלע, וואָס דו האָסט פאַרצוקט".

צוריקגעטראָטן איז נבוזראדן, בלייך געוואָרן זיין געזיכט — זיין האַרץ ווי וואַסער צעגאַסן. אַזוי האָט ער זיך דערשראָקן פאַר דעם נביאס וואָרט (דאָס איז געווען זיין זכות). געוואָרפן האָט ער זיך צו ירמיהוס פיס און געענטפערט אַזוי:

„אויסצופירן זיין שטראָף איבער ישראל האָט מיך גאָט געשיקט, וואָס אָנגעזאָגט דורך דיר האָט ער צו זיי. אליין ביסטו איבער ירושלימס גאַסן אַרומגעגאַנגען און דיין אָבל־ליד געקלאָגט, די שטענג אויף דיין רוקן געטראָגן האָסטו, זיי געוויזן דעם סוף, וואָס ערוואַרט זיי, ווייל זיי האָבן אָן גאָט פאַרגעסן. אויסגעלאַכט האָבן זיי דיך, אין פינצטערן גרוב געוואָרפן, פון דעם שוואַרצן לאָך האָסטו נאָך אַרויסגערופן צו זיי און דיין קלאָג־ליד אויף זייער חתונה געוויינט — שטיינער האָבן זיי אויף דיר געוואָרפן, דיין מויל, וואָס דורך

אים רעדט גאָט, האָבן זיי מיט ערד פאַרשטאָפּט. איצט קומסטו זיך אָננעמען פאַר זיי? — צי האָבן מיר דען נישט גאָטס שליחות אויסגעפירט, וואָס ער האָט געזאָגט דורך דיר?"

פאַרשווינגן איז באַלד ירמיהו געוואָרן פון נבוזראדנס רייד. געשלונגען האָט ער אין זיך זיין צער און אָן גאָט זיך דערמאָנט — יהוה איז געוואָרן פאַרשעמט איבער ישראלס זינד. פרעמדע נעמען זיך זיין נקמה אָן און פירן אויס איבער ישראל זיין שטראָף — זיין זון האָט ער איבערגעגעבן צו גויים אין די הענט, דעם בית־המקדש פאַרברענט, ירושלים — אַ פאַרשעמטע מוטער, צו שאַנד און שפּאָט צווישן די פעלקער פון דער וועלט. אָנגעצונדן האָט זיך אין אים די נקמה פאַר גאָט, נישט געהערט האָט ער מער זייער קרעכצן — אָפּגענויגט האָט ער זיין בליק פון זיי. יהוה איז צו שפּאָט, אברהם יצחק און יעקב — פאָטערס פון אַ קנעכטן־פאָלק, און גויים — די האַרן איבער דער וועלט, און אַלץ איבער ישראלס זינד. באַרעכטיקט האָט ער אויף זיי דעם דין.

אַוועק איז פון זיי דער נביא און קיין ירושלים צוריק. טיף באַגראָבן אין זיין הארץ איז זיין ליד, און פאַרשטיינערט איז דער צער אויף זיינע ליפּן געוואָרן. געזען האָט ער דאָס לאַנד, יעדן באַרג, ווי ער שטייט פאַראיינזאַמט אַליין, קוקט די אַרויסגעטריבענע נאָך און וויינט און קלאָגט: „ווער וועט מיך זען, ווער וועט איבער מיינע פּירות אַ ברכה מאַכן?" — קלאָגט יעדער בלאַט, יעדער בוים. פאַרשטיינערט איז שוין געוואָרן זיין צער, און קיין וואָרט האָט ער נישט פאַר איר צו זאָגן. אָנגעקומען איז ער מיט דער נאַכט צו די טויערן פון ירושלים. צעבראָכן זיינען זיי געווען. ירושלים איז הפקר: ווער עס וויל, קאָן דערין אַריין. פאַר דעם צעבראָכענעם טויער האָט ער אַ פרוי געטראָפן. אַרויסגעקומען איז זי פון דעם פאַרנעפּלטן פאַרנאַכט און געגאַנגען אויף איר וועג אַליין. אין שוואַרץ איז זי געווען געהילט. איר שטאָלצער בליק האָט פון אונטער איר טונקעלן שלייער אַרויסגעקוקט. געאיידלט איז איר געזיכט געווען, ווי פון די אידישע קעניגס־טעכטער, און ווי ביי אַ נביא, האָבן אירע אויגן געשיינט. צעלאָזט זיינען אירע שוואַרצע האָר איבער איר טונקל געוואַנד געהאָנגען. דער חסד־חן פון אונזערע מאַמעס ביי ליכט־צינדן איז אויף איר געווען אויסגעגאָסן, און די שבת־קרוין, אין טרויער איינגעהילט, האָט אויף איר קאָפּ גערוט. אַזוי איז זי טרויעריק און שטאָלץ אַליין אויף איר וועג געגאַנגען. קיין טרער האָט זיך אין אירע אויגן נישט באַוויזן, קיין קרעכץ, קיין געוויין, נאָר ווי אַ אידישע קעניגן, אין טרויער געצירט, האָט זי זיך

אויף אַ שטיין ביים וועג געזעצט. דעם קאָפּ אויף אירע הענט גע־שטיצט — האָט זי מיט בענקענדיקע בליקן נאָך דעם וועג קיין בבל אויסגעקוקט.

— ווער ביסטו, וואָס דו טרויערסט אַזוי שטיל ? צו די מענטשן ביסטו גלייך און מענטשלעך איז דיין לייד, — דאָך ווי געטלעך דו ביסט, און ווי גאָט טראָגסטו צער.

שיין האָבן זיך אירע ליפּן געעפנט, ווי דאָס מויל פון אַ בלום אין אַ שיינער לבנה־נאַכט, און מיט ריח פון בית־המקדש איז די לופט געוואָרן אָנגעפילט, ווען זי האָט איר וואָרט געפירט אַזוי:

— איך בין די מוטער פון דעם קינד, און ווען איך געטלעך איך בין, דאָך מענטשלעך פיל איך די לייד, יעדן קרעכץ, יעדן גע־וויין. קיינער פילט נישט דעם צער פון קינד, ווי די מוטער ציון אַליין.

פאַרשעמט איז דער נביא געוואָרן פאַר דער מוטער ציון איבער זיינע פריערדיקע רייד. אַוועקגעזעצט האָט ער זיך לעבן איר אויף דעם שטיין, און אַזוי ווי זי, מיט בענקענדיקע בליקן, אויף דעם וועג קיין בבל נאָכגעקוקט.



# טרייסט

פיר גרויסע תנאים זיינען געגאַנגען אין וועג קיין רוים: רבן גמליאל, ר׳ אליעזר בן עזריה, ר׳ יהושוע און ר׳ עקיבא. נאָך געווען ווייט פון דער שטאָט אויף אַ שטרעקע פון הונדערט צוואנציק מייל, דערהערן זיי שוין דעם פריילעכן זינדיקן גאַסן־רויש פון רוים. הויבן אָן די ערשטע דריי צו וויינען, נאָר איין ר׳ עקיבא לאַכט.

— וואָס לאַכסטו ? — פרעגן זיי אים.

— און איר, וואָס וויינט איר ? — פרעגט ער זיי.

— ווי זאָלן מיר נישט וויינען, — זאָגן זיי — אַז מיר זעען ווי די היידן, וואָס בוקן זיך צו אָפּגעטער און רויכערן קטורת צו געצן, זיי זיצן זיך אַזוי רואיק און געזיכערט, און מיר — אונזער בית־

המקדש, דאָס פּיס־בענקעלע פון אונזער גרויסן גאָט, ליגט פאַר־ברענט אין אַש.

— דערפאַר טאַקע — זאָגט ר׳ עקיבא — לאַך איך. אויב זיי, די פאַרזינדיקטע פאַר גאָט, לעבט זיך אַזוי, ווי וועט שוין זיין מיט די, וואָס טוען זיין ווילן?

די זעלבע תנאים האָבן איינמאָל נאָכן חורבן, זיך געלאָזט גיין קיין ירושלים. געקומען צום הר־הצופים האָבן זיי אויף זיך קריעה געריסן. געקומען נענטער צום הר־הבית, דערזען זיי אַ שאַקאַל שפּרינגט אַרויס פון דעם אָרט, וואו ס׳איז געווען דער קדשי־קדשים, הויבן אָן יענע דריי צו וויינען, און רבי עקיבא לאַכט. פרעגן זיי אים: וואָס לאַכסטו?

— און איר, פאַר וואָס וויינט איר?

— ווי זאָלן מיר נישט וויינען, אַז דאָס הייליקסטע אָרט אונ־זערס, וואו קיין בן־אדם, אויסער דעם כהן גדול, האָט קיינמאָל נישט געטאָרט אַהין אַריינטרעטן, — דאָרטן שפּאַצירן איצט פריי אַרום שאַקאַלן.

— דערפאַר טאַקע לאַך איך, — זאָגט ר׳ עקיבא — צוויי נבואות פאַרבונדענע צוזאַמען זיינען געזאָגט געוואָרן, איינע פון שטראָף: „ציון וועט אויף פעלד צעאַקערט ווערן, פון ירושלים — וועלן וויסטע בערגלעך ווערן, און דער הר־הבית וועט מיט ווילדן וואַלד באַוואַקסן ווערן״; די צווייטע פון טרייסט: „עס וועלן נאָך זיצן זקנים און זקנות אין די גאַסן פון ירושלים, יעדער מיט זיין שטעקן אין האַנט, אָנגעלאָדענע מיט יאָרן; און יונגע קינדערלעך, אינגעלעך מיט מיידעלעך, וועלן אַקעגן זיי פריילעך זיך שפּילן און אָנפילן מיט זייער פריילעכן געלעכטער די גאַסן.״ איידער די ערשטע נבואה איז מקוים געוואָרן, האָב איך מורא געהאַט, טאָמער וועט די צווייטע אויך נישט מקוים ווערן, איצט אַז די ערשטע איז שוין דערפילט, מעג מען זיכער זיין, אַז די צווייטע וועט אויך דערפילט ווערן.

אויסגעהערט ר׳ עקיבאן, האָבן זיינע חברים אים געזאָגט מיט די ווערטער:

— עקיבא, דו האָסט אונז געטרייסט! עקיבא, דו האָסט אונז געטרייסט!

(פון „די אידישע אגדות״).

# „מנחם"

אינ׳ם טאָג פונ׳ם חורבן איז געבוירן געוואָרן דער גואל.

ערגעץ ווייט פון ירושלים איז געשטאַנען איינער א דאָרפסמאַן אין פעלד און געאַקערט. גיט זיין קו אַ ברום. דערהערט עס אַ פאַר־בייגייענדער אַראַבער, שטעלט ער זיך אָפּ און פרעגט דעם דאָרפס־מאַן: ווער ביסטו?

— אַ איד בין איך, — ענטפערט יענער.

— היי, דו איד, שפּאַן אויס דיין קו, בינד אָפּ דיין אַקעראייזן.

— וואָס איז דען?

— דער אידישער בית־המקדש איז ערשט חרוב געוואָרן.

— פון וואַנען וייסטו דאָס? — פרעגט דער איד אַ דער־שראָקענער?

— פון דיין קום ברום וויים איך עס.

דערווייל גיט די קו נאָך אַמאָל אַ ברום. רופט זיך אָן דער אַראַבער:

— היי, דו איד, שפּאַן־איין צוריק דיין קו, בינד צו ווידער דיין אַקעראייזן, ערשט איז דאָך געבוירן געוואָרן משיח, דער אידישער דערלייזער.

— ווי איז זיין נאָמען? פרעגט דער איד.

— מנחם הייסט ער.

— און זיין פאָטערס נאָמען?

— חזקיהו.

— און וואו געפינט ער זיך?

— אין דאָרף בירת־ערבא, נעבן בית־לחם יהודה.

גייט אַוועק דער איד, פאַרקויפט זיין קו, פאַרקויפט זיין אַקער־אייזן און ווערט אַ הענדלער פון געוואַנט פאַר קינדער. לאָזט ער זיך אין וועג, לאַנד־איין לאַנד־אויס, שטאָט־איין שטאָט־אויס, ביז ער קומט אַהין אין יענעם אָרט. קומען ווייבער פון אַלע אַרומיקע דערפלעך, איינקויפן ביי אים געוואַנט פאַר זייערע קינדער. נאָר איין פרוי, מנחמס מוטער, האָט גאָרנישט ניט געקויפט. הערט דער הענדלער ווי ווייבער שרייען אויף אַ קול: מנחמס מוטער, מנחמס מוטער! גיי קויף איין געוואַנט פאַר דיין זונדל.

— הלוואי וואָלט ער, שונאי-ציון, דערוואָרגן געוואָרן! — ענטפערט יענע.

— וואָס האָסטו צו אים? — פרעגן די ווייבער.

— אינ׳ם טאָג פון זיין געבוירן איז דאָך דער בית-המקדש חרוב געוואָרן.

רופט זיך אָן דער איד:

— גלויב מיר, טאָכטער, מיט אים איז ער חרוב געוואָרן און דורך אים וועט ער, אם ירצה השם, צוריק אויפגעבויט ווערן. נעם קויף פאַר אים.

— איך האָב אָבער קיין געלט נישט, — זאָגט די מוטער.

— עס מאַכט נישט אויס, נעם אויף באָרג; אַן אַנדערש מאָל, ווען איך וועל ווידער קומען, וועסטו מיר באַצאָלן.

אין אַ צייט אַרום קומט דער הענדלער ווידער אין יענעם אָרט. קלערט ער זיך: מען דאַרף גיין זען וואָס מאַכט יענעם קינד. קומט ער צו דער מוטער און פרעגט זי: וואָס מאַכט עפּעס דיין קינד?

— ניטאָ אים! — ענטפערט די מוטער — באַלד נאָך דיין אַוועקגיין זיינען אָנגעקומען אַזעלכע ווינטן און שטורעמס, ביי מיר פון די הענט אים ארויסגעכאַפּט, און מיט אים אינאיינעם פאַר־שוואונדן געוואָרן — און ניטאָ אים!

(פון „די אידישע אגדות״).





ש. ש. פרוג.

# דעם שמשס טאָכטער

(אַ פאָלקס־לעגענדע)

## א

שטיל און פינצטער איז געוועזן
אין דעם אַלטן, ענגן שטיבל,
וואו געלעגן און געשלאָפן
איז דער אַלטער גרויער שמש.

שטיל און רואיק שלאָפט דער שמש
און אין שלאָף דערהערט ער עפּעס
שווערע טריט, ווי פון אַ קרומען
וועלכער גייט אַרום אויף קוליעס.

און דערשראָקן און פאַרוואונדערט,
כאַפּט זיך אויף פון שלאָף דער שמש;
ער צינדט אָן דאָס אַלטע לעמפּל —
און וואָס זעט ער ? — גאָט, דו ליבער!

ער דערזעט: פון וואַנט צו וואַנט
גייט אַרום אַליין זיין שטעקן...
אוי, דאָס איז אַ שלעכטער סימן,
אז אַ גוסס איז אין שטעטל...

אין דעם אויגנבליק דערהערט ער,
שרייט זיין טאָכטער: „גיכער, טאַטע,
וועק דעם עולם! אונזער רבי,
אונזער רבי איז פאַרביי!..."

## ב

נאָך ביינאַכט פון שטוב צו שטוב
גייט און קלאַפּט דער אַלטער שמש.
אָבער וואָס איז דאָס מיט דבורהן,
מיט דעם אַלטן שמשס טאָכטער?

דבורה זיצט ביים טיש, און הייסע
טרערן קאַפּען פון די אויגן;
ביטער וויינט זי, וויינט און שעפּטשעט:
„אַך, דער רבי איז פאַרביי!...

הייל אים, העלף אים, גאָט דו ליבער!..."
היים און ערנסט ווי אַ טאָכטער,
האָט פון קינדהייט ליב דעם אַלטן,
קראַנקן רב די יונגע דבורה.

ווייל דער אַלטער מורה צדק
האָט דאָס קינד אויך ליב געהאַט
ווי אַן אייגענע: פלעגט רופן
אַלע שבת זי אין איינעם

מיטן שמש ברכה מאַכן;
האָט זי אויסגעלערנט דאַווענען,
אויך געלערנט שרייבן, לעזן;
ליבלעך זאָגנדיק דערביי:

„לערן, דבורהקע, לערן, טאָכטער,
און דו וועסט איה"ש
ווערן גרויס און קלוג ביי אידן,
גלייך מיט דבורה דער נביאה..."

און זי זיצט ביים טיש, און הייסע
טרערן טריפן פון די אויגן;
ביטער וויינט זי, וויינט און שעפּטשעט:
„הייל אים, העלף אים, ליבער גאָט!..."

ג

אין בית־מדרש שטייט דער עולם.
גרויס און קליין געקומען אַלע
תהילים זאָגן; וויינען, בעטן
צו דעם בורא... נאָר עס העלפט נישט.

שוין פון וואַקס אַ ליכט אַ גרויסע,
אַקוראַט די מאָס פון קראַנקן,
אויסגענאָסן, אין תכריכים
אָנגעטאָן און, ווי דער מנהג

איז ביי אידן פון פאַרצייטן,
זי באַגראָבן אין אַ קבר,
ווי אַ בר־מינן... עס העלפט ניט;
אַלץ געפּרואווט און אַלץ אומזיסט...

אמת, איינס נאָר איז געבליבן,
איינס נאָר: יעדער פון דעם עולם
זאָל אַוועקשענקען א חלק
פון זיין לעבן פאַר דעם חולה.

מענער, ווייבער, קינדער, זקנים,
ווער א טאָג און ווער אַ חודש —
דאָס פאַרשרייבט מען אויף אַ צעטל
און פאַרשליסט אין אָרון־קודש...

ד

אַז צום אַלטן שמשם שטיבל
איז מען מיט דעם כתב געקומען,
האָט זיין טאָכטער די גבאים
אָפּגעשטעלט, און שטיל און רואיק

זיי געזאָגט: „פאַרשרייבט, איך בעט אייך".
— „וויפל, דבורה, שענקסטו?" — „וויפל?
אַך, מיין גאַנצעס, גאַנצעס לעבן!...
יאָ, פאַרשרייבט: איך שענק אַוועק

אים מיין גאַנצעס לעבן!" — „דבורה, —
האָבן זיי זי אָנגעהויבן
אָפּצורעדן — „נאַריש קינד,
ווי געשיקט זיך?..." — אָבער אַלע

טענות האָבן ניט געהאָלפֿן,
ניט געהאָלפֿן האָבן דאָ
אויך דעם אַלטן טאַטנס בעטן,
זיינע רייד און זיינע טרערן.

און פֿאַרשריבן האָבן זיי
מיט איר חתימה אין דעם צעטל,
ווי זי האָט פֿון זיי געפֿאָדערט:
„דבורה שענקט איר גאַנצעס לעבן".

און בשעת דער שליח
האָט דעם כתב אין שול געבראַכט
און פֿאַרשלאָסן אים אין אָרון,
אין דעם זעלבן אויגנבליק —

איז דער חולה אויפֿגעשטאַנען
ווידער פֿריש, געזונט און יונג;
און די אומגליקלעכע דבורה,
דאָס אומשולדיק־ריינע קינד,

איז דעמזעלבן טאָג געקומען
אין איר רו... דער אַלטער טאַטע
האָט זי ערנסט, היים באַוויינט
און געזאָגט דעם ערשטן קדיש.

אויף איר הערלעכער לויה
איז געווען דער גאַנצער עולם
און געווינטשט פֿון פֿולן האַרצן
איר אַ ליכטיקן גן־עדן...

## ה

שטיל און רואיק גייט די צייט
אין דעם קליינעם, שטילן שטעטל.
מענטשן לעבן, האָבן קינדער,
קינדער — ווערן יונגעלייט,

וואַקסן, ווערן אַלט און שטאַרבן.
אויף דעם אַלטן בית הקברות
זיינען דאָ פיל נייע קברים...
וואָס־זשע מאַכט דער אַלטער רב?

דאַנקען גאָט, ער לעבט אין פרידן,
לערנט תורה, פסקנט שאלות,
און געדענקט דאָס ליבע קינד.
ער געדענקט די טויטע דבורה,

ער פאַרגעסט ניט יעדן יאָר־צייט
קויפן ליכט און זאָגן קדיש.
און אַזוי גייט שטיל און רואיק
טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר.

ו

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גייען פאַר, ער ווערט ניט עלטער;
אָבער טרויעריק ניט זעלטן
זעט ער אויס; דערציילט ניט קיינעם,

וואָס ער פילט און וואָס ער טראַכט.
און עס ווייסט פון דעם נישט קיינער,
אַז ביינאַכט, בשעת ער
זיצט און לערנט, ווי געוויינלעך,

הערט זיך אים אַ פרויען־שטימע.
זיסע לידער, ליבע לידער
קלינגען, פליסן פון דערווייטן,
און פאַר זיינע אַלטע אויגן

שטייט אַ בילד... אַך, ער דערקענט,
ער דערקענט דאָס זיסע פנים
פון זיין תלמידקע — פון דבורהן,
און ער בעט זי: — „זיי מיר מוחל!

זיי מיר מוחל, ליבע טאָכטער,
וואָס דורך מיר ביסטו געגאַנגען
פון דער וועלט... ווען דו וואָלסט לעבן,
וואָלסטו איצט געווען אַ כלה..."

ז

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גייען פאָר; און איינמאָל הערט ער
אַ געשריי פון אַ יולדת...
און ער וויינט, באַגיסט מיט טרערן

די גמרא... — „זיי מיר מוחל!
— בעט דער זקן — ליבע דבורה!
אַז דו וואָלסט געבליבן לעבן,
וואָלסטו איצט געווען אַ מוטער..."

און אַזוי אויך יעדע נאַכט
הערט זיך אים איר יונגע שטימע —
זיסע, ליבע וויגן־לידער
זינגט ביינאַכט די טויטע מוטער...

ח

דרייצן יאָר גייט פאָר... ער הערט
ווי איר זון, שוין אַ בר־מצוה,
זאָגט אַ גרויסע, שיינע דרשה...
— „ער וואָלט זיין אַ גרויסער למדן,

— טראַכט דער רב — און וויפל פרייד
וואָלט געהאַט פון אים די מאַמע!"
ווייטער הערט ער — קלעזמער שפּילן:
פידלען, טאַצן און קלאַרנעטן

קלינגען, זינגען פון דערווייטן...
„זי מאַכט חתונה אַ טאָכטער, —
טראַכט דער אַלטער — צו דער חופּה
פירט זי איצט די טויטע מאַמע..."

ט

און פון דעמאָלט אָן טאָג־טעגלעך
הערט און פילט און זעט דער זקן
יעדן צושטאַנד פון איר לעבן.
און ער וויינט מיט הייסע טרערן

און ער בעט דעם בורא עולם:
„גיב מיר, גאָט, איך זאָל דערהערן
איר געוויין, איר ביטער זיפצן,
אירע טרערן זאָל איך זען —

כאָטש די איינציקע נחמה
זאָל איך האָבן, אַז אין לעבן
וואָלט זי אויך געליטן צרות,
וואָלט זי אומגליק אויך געפילט.

און עס וואָלט ביי איר געווען
כאָטש איינאיינציקע מינוט,
ווען זי וואָלט די וועלט פאַרשאָלטן
און געוואונטשן זיך דעם טויט!..."

י

נאָר אומזיסט איז זיין בקשה:
זיסע לידער, ליבע לידער
הערט ער זינגען אין דער פינצטער:
גליקלעך וואָלט געווען איר לעבן, —

יענעם שטילעם פרויען־לעבן,
וועלכעם גלאַנצט ניט ווי די זון,
נאָר עס שיינט אָן ווינט און וואָלקן,
ווי דער העלער מאָרגנשטערן...

און עס גיסן זיך און גיסן
זיינע טרערן טעג און יאָרן.
— „ליבער גאָט! — איז ער מתפלל —
טו מיט מיר דיין גרויס גענאָד!

אַך, באַפריי, באַפריי, מיין אַלטע,
מיין פאַריאָמערטע נשמה!
שטאַרבן, שטאַרבן העלף מיר גיכער,
ליבער פאָטער, גרויסער גאָט!..."

## יא

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גייען פאָר. דאָס קליינע שטעטל
איז שוין לאַנג אַ שטאָט געוואָרן,
אַ באַקאַנטע, רייכע שטאָט.

הונדערט מענטשן, צענדליק זקנים,
וועלכע ער געדענקט אַלס קינדער,
ליגן שוין אויף דעם בית־עלמין;
ער נאָר איינער לעבט און לעבט.

נייע צייטן, נייע מענטשן,
נייעס לעבן און מנהגים;
פרעמד און איבעריק, ווילד און עלנט
איז דער זקן צווישן זיי.

טונקל זיינען זיינע אויגן,
אויסגעדאַרט דער גאַנצער קערפּער;
און ער קלאָגט צום בורא עולם,
וויינט און בעט אויף זיך דעם טויט...

## יב

איין געדאַנק און איין געפיל
איז דעם זקן נאָר געבליבן:
שטאַרבן! שטאַרבן!... און צולעצט
האָט זיך גאָט אויף אים דערבאַרימט.

פינצטער איז געווען די נאַכט,
שרעקלעך האָט געררישט דער שטורעם;
ווי אַ קינד געקלאָגט, געיאָמערט
האָט די קאַלטע, שוואַרצע נאַכט.

אָפּגעװאױנט שױן לאַנג פֿון אַלע
לעבנס־פֿרײדן, לעבנס־שמערצן,
זיצט דער זקן אין בית־מדרש...
מיט אַמאָל דערהערט זיך אים —

אַ געװײן, אַ קלאָג פֿון קינדער...
פֿושקעס קלאַפּן אין די גאַסן
און מען זינגט „אל מלא רחמים..."
„דאָס װאָלט זי געשטאָרבן איצט!" —

האָט מיט פֿרײד געזאָגט דער זקן —
„אױס, אַ סוף צו מײנע שמערצן!...
נעם מיך מיט, מײן ליבע דבורה,
אױף דער רײנער, װאָרער װעלט!..."

שטיל און רױיק האָט באַפֿרײט זיך
פֿון דעם קערפּער זײן נשמה...
און אױף מאָרגן האָט דער עולם
הײם און ערנסט אים באַװײנט.



# אליהו און אחאב

(יהואָשס איבערזעצונג)

1. און עס איז געװען נאָך די דאָזיקע געשעענישן: נבות דער יזרעאלי האָט געהאַט אַ װײנגאָרטן, װאָס איז געװען אין יזרעאל לעבן דעם פּאַלאַץ פֿון אחאב דעם מלך פֿון שומרון. 2. האָט אחאב געזאָגט צו נבותן, אַזױ צו זאָגן: גיב מיר דײן װײנגאָרטן, כדי ער זאָל מיר זײן פֿאַר אַ גאָרטן פֿון גרינס, װײל ער איז נאָענט לעבן מײן הױז, און איך װעל דיר געבן אָנשטאָט אים אַ װײנגאָרטן אַ בעסערן פֿון אים. אָדער אױב אין דײנע אױגן איז בעסער, װעל איך דיר געבן געלט אין מקח פֿון דעם. 3. האָט נבות געזאָגט צו אחאבן: באַהיט מיך גאָט, איך זאָל אָפּגעבן די נחלה פֿון מײנע עלטערן.

4. איז אחאב געקומען אין זיין הויז צעטראָגן און פאַרבייזערט איבער דעם וואָרט, וואָס נבות דער יזרעאלי האָט צו אים גערעדט, אַז ער האָט געזאָגט: איך וועל דיר ניט אָפּגעבן די נחלה פון מיינע עלטערן. און ער האָט זיך געלייגט אויף זיין בעט, און האָט אומגע־דרייט זיין פּנים, און ניט געגעסן קיין שפּייז.

5. איז צוגעקומען צו אים זיין ווייב איזבל און האָט צו אים געזאָגט: וואָס איז דאָס דיין געמיט צעטראָגן, און דו עסט ניט קיין שפּייז? 6. האָט ער צו איר געזאָגט: ווייל איך האָב גערעדט צו נבות דעם יזרעאלי, און איך האָב צו אים געזאָגט: גיב מיר דיין ווייַנגאָרטן פאַר געלט, אָדער אויב דו ווילסט, וועל איך דיר געבן אַן אַנדער ווייַנגאָרטן אָנשטאָט אים; און ער האָט געזאָגט: איך וועל דיר ניט אָפּגעבן מיין ווייַנגאָרטן.

7. האָט זיין ווייב איזבל צו אים געזאָגט: פירסט דו אַצינד די מלוכה איבער ישראל? שטיי אויף, עס שפּייז, און זאָל דיין האַרץ זיין פריילעך. איך וועל דיר געבן דעם ווייַנגאָרטן פון נבות דעם יזרעאלי.

8. און זי האָט געשריבן בריוו אין אחאבס נאָמען, און פאַר־זיגלט מיט זיין זיגל און האָט געשיקט די בריוו צו די עלטסטע און צו די אדללייט וואָס אין זיין שטאָט, וואָס האָבן געוואוינט מיט נבותן. 9. און זי האָט געשריבן אין די בריוו, אַזוי צו זאָגן: רופט אוים א תענית און זעצט אַוועק נבותן אויבנאָן פון פאָלק. 10. און זעצט אַוועק צוויי מענטשן, נידערטרעכטיקע יונגען, אַקעגן אים, זיי זאָלן עדות זאָגן אויף אים, אַזוי צו זאָגן: האָסט געלעסטערט גאָט און דעם מלך. און פירט אים אַרויס, און פאַרשטיינערט אים, און ער זאָל שטאַרבן.

11. האָבן די מענטשן פון זיין שטאָט און די עלטסטע און די אַדללייט, וואָס האָבן געוואוינט אין זיין שטאָט, געטאָן אַזוי ווי איזבל האָט צו זיי געשיקט, אַזוי ווי עס איז געווען געשריבן אין די בריוו, וואָס זי האָט צו זיי געשיקט. 12. זיי האָבן אויסגערופן א תענית און האָבן אַוועקגעזעצט נבותן אויבנאָן פון פאָלק. 13. און די צוויי מענטשן, נידערטרעכטיקע יונגען, זיינען געקומען און האָבן זיך געזעצט אַקעגן אים; און די נידערטרעכטיקע יונגען האָבן עדות געזאָגט אויף אים, אויף נבותן, פאַרן פאָלק, אַזוי צו זאָגן: נבות האָט געלעסטערט גאָט און דעם מלך. און מען האָט אים אַרויסגעפירט אויסן שטאָט און אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער, און ער איז געשטאָרבן. 14. און זיי האָבן געשיקט צו איזבלן, אַזוי צו זאָגן: נבות איז פאַרשטיינט געוואָרן און ער איז טויט.

15. און עס איז געווען, ווי איזבל האָט געהערט, אַז נבות איז פאַרשטיינט געוואָרן און ער איז טויט, אַזוי האָט איזבל געזאָגט צו אחאבן: שטיי אויף, ירשע דעם וויינגאָרטן פון נבות דעם יזרעאלי, וואָס ער האָט דיר ניט געוואָלט געבן פאַר געלט. וואָרום נבות לעבט ניט, נייערט ער איז טויט.

16. און עס איז געווען, ווי אחאב האָט געהערט, אז נבות איז טויט, אַזוי איז אחאב אויפגעשטאַנען אַראָפּצונידערן צו דעם וויינגאָרטן פון נבות דעם יזרעאלי, כדי אים צו ירשען.

17. איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען צו אליהו דעם תשבי, אַזוי צו זאָגן: 18. שטיי אויף, נידער אַראָפּ אַנטקעגן אחאב דעם מלך פון ישראל וואָס אין שומרון; אָן איז ער אין דעם וויינגאָרטן פון נבותן, וואָס ער האָט אַהין אַראָפּגענידערט, כדי אים צו ירשען. 19. און זאָלסט רעדן צו אים, אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט גאָט גע־זאָגט: האָסט געהרגעט, און ווילסט אויך ירשען? און זאָלסט רעדן צו אים, אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: אויף דעם אָרט וואו די הינט האָבן געלעקט דאָס בלוט פון נבותן, וועלן די הינט לעקן דיין בלוט.

20. האָט אחאב געזאָגט צו אליהון: האָסט מיך אָנגעקריגן, שונא מיינער? האָט ער געזאָגט: איך האָב דיך אָנגעקריגן, ווייל דו האָסט זיך אָפּגעגעבן צו טאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט. 21. זע, איך ברענג אויף דיר אַן אומגליק, און איך וועל דיך אויסראַמען, איך וועל פאַרשניידן פון אחאבן יעטוועדער מאַנספּאַר־שוין און קינד און קייט צווישן ישראל. 22. און איך וועל מאַכן דיין הויז אַזוי ווי דאָס הויז פון ירבעם דעם זון פון נבטן, און אַזוי ווי דאָס הויז פון בעשה דעם זון פון אחיהן, פאַר דער דערצערענונג וואָס דו האָסט דערצערנט און געמאַכט זינדיקן ישראל. 23. און אויך אויף איזבלן האָט גאָט גערעדט, אַזוי צו זאָגן: די הינט וועלן עסן איזבלן אין דעם פעסטונג־גראָבן פון ישראל. 24. דעם וואָס שטאַרבט פון אחאבן אין שטאָט, וועלן די הינט אויפעסן, און דעם וואָס שטאַרבט אין פעלד, וועלן די פויגלען פון הימל אויפעסן.

25. פאַרוואָר, עס איז ניט געווען אַזאַ ווי אחאב וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן צו טאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, ווייל אים האָט אָנגערעדט זיין ווייב איזבל.

26. און ער האָט זיך באַגאַנגען זייער אומווערדיק צו גיין נאָך די אָפּגעטער, אַזוי ווי אַלץ וואָס די אמורים האָבן געטאָן, וועמען גאָט האָט פאַרטריבן פון פאַר די קינדער פון ישראל.

27. און עס איז געווען, ווי אחאב האָט געהערט די דאָזיקע

ווערטער, אַזוי האָט ער צעריסן זיינע קליידער און אָנגעטאָן זאַק־קלייד אויף זיין לייב און האָט געפאַסט; און ער איז געלעגן אין זאַקקלייד און איז אַרומגעגאַנגען שטילערהייט.

28. איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען צו אליהו דעם תשבי, אַזוי צו זאָגן: 29. האָסטו געזען ווי אחאב איז געוואָרן אונטער־טעניק פאַר מיר? ווייל ער איז געוואָרן אונטערטעניק פאַר מיר, וועל איך ניט ברענגען דאָס בייז אין זיינע טעג; אין די טעג פון זיין זון וועל איך ברענגען דאָס בייז אויף זיין הויז.

(מלכים א׳, כ״א).



# אליהו אויפן באַרג

(יהואָשס איבערזעצונג)

1. און אחאב האָט דערציילט איזבלן אַלץ וואָס אליהו האָט געטאָן, און אַלצדינג ווי אַזוי ער האָט געהרגעט אַלע נביאים מיטן שווערד. 2. האָט איזבל געשיקט אַ שליח צו אליהון, אַזוי צו זאָגן: זאָלן די געטער טאָן אַזוי און נאָך מער, אויב איך וועל מאָרגן אין דער צייט ניט מאַכן דיין לעבן אַזוי ווי דאָס לעבן פון איינעם פון זיי!

3. און ווי ער האָט דאָס געזען, איז ער אויפגעשטאַנען און איז אַוועק אום זיין לעבן, און איז געקומען קיין באר־שבע וואָס געהערט צו יהודה, און ער האָט דאָרטן איבערגעלאָזט זיין יונג. 4. און ער אַליין איז געגאַנגען אין מדבר אַ טאָג וועגס, און איז געקומען און האָט זיך געזעצט אונטער אַ בעזעמבוימל, און ער האָט געבעטן אויף זיך דעם טויט, און האָט געזאָגט: גענוג! אַצינד, גאָט, נעם צו מיין זעל, וואָרום איך בין ניט בעסער פון מיינע על־טערן.

5. און ער האָט זיך געלייגט און איז איינגעשלאָפן אונטער אַ בעזעמבוימל. ערשט אַ מלאך רירט אים אָן און זאָגט צו אים: שטיי אויף, עס. 6. האָט ער זיך אומגעקוקט, ערשט אים צוקאָפּנס איז אַ קוכן געבאַקן אויף אָנגעברענטע שטיינער און אַ קרוג וואַסער. האָט ער געגעסן און געטרונקען און האָט זיך ווידער געלייגט.

7. און דער מלאך פון גאָט איז געקומען אַ צווייט מאָל און האָט אים אָנגערירט און געזאָגט: שטיי אויף, עס, וואָרום דער וועג איז צו ווייט פאַר דיר.

8. איז ער אויפגעשטאַנען און האָט געגעסן און געטרונקען און איז געגאַנגען מיט דעם כוח פון דעם דאָזיקן עסן פערציק טעג און פערציק נעכט, ביז דעם באַרג פון גאָט, חורב. 9. און ער איז דאָרטן אַריינגעגאַנגען אין דער הייל און האָט דאָרטן גענעכ־טיקט. ערשט דאָס וואָרט פון גאָט איז צו אים און ער האָט צו אים געזאָגט: וואָס טוסטו דאָ אליהו?

10. האָט ער געזאָגט:

אָנגעמען האָב איך זיך אָנגענומען
פון וועגן יהוה דעם גאָט פון צבאות;
ווייל פאַרלאָזן דיין בונד האָבן די קינדער פון ישראל,
דיינע מזבחות האָבן זיי צעשטערט,
און דיינע נביאים האָבן זיי געהרגעט מיטן שווערד;
און איך אַליין בין איבערגעבליבן,
און זיי זוכן מיין לעבן צו נעמען.

11. האָט ער געזאָגט: גיי אַרויס, און זאָלסט זיך שטעלן אויפן באַרג פון גאָט.

ערשט גאָט גייט פאַרביי, און אַ גרויסער און שטאַרקער שטורם רייסט בערג און ברעכט פעלזן פאַר גאָט — ניט אין שטורם איז געווען גאָט; און נאָך דעם שטורם אַן ערדציטערניש — ניט אין דער ערדציטערניש איז געווען גאָט; 12. און נאָך דער ערדצי־טערניש אַ פייער — ניט אין פייער איז געווען גאָט; און נאָך דעם פייער אַ קול פון אַ דינער שטילקייט. 13. און עס איז געווען, ווי אליהו האָט דאָס דערהערט, אַזוי האָט ער איינגעוויקלט זיין פנים אין זיין מאַנטל, און ער איז אַרויסגעגאַנגען, און האָט זיך גע־שטעלט אין איינגאַנג פון דער הייל.

ערשט אַ קול איז געקומען צו אים, און האָט געזאָגט: וואָס טוסטו דאָ, אליהו?

14. האָט ער געזאָגט:

אָנגעמען האָב איך זיך אָנגענומען
פון וועגן יהוה דעם גאָט פון צבאות;
ווייל פאַרלאָזן דיין בונד האָבן די קינדער פון ישראל,
דיינע מזבחות האָבן זיי צעשטערט,
און דיינע נביאים האָבן זיי געהרגעט מיטן שווערד;
און איך אַליין בין איבערגעבליבן,
און זיי זוכן מיין לעבן צו נעמען.

(מלכים א׳, י״ט).

# מתן תורה

קיין פויגל האָט ניט געצווישערט, קיין פליגל זיך ניט גערירט, קיין ווע‍לע אין ים זיך ניט באוועגט, מלאכים האָבן אין הימל די שירה איבערגעריסן, שרפים — דעם „קדוש" ניט פארענדיקט, די גאַנצע וועלט דעם אָטעם פאַרכאַפּט, — אין דער מינוט, ווען גאָטס שטימע האָט אַ דונער געטאָן פון איין עק וועלט ביזן אנדערן: „אָנכי ה' אלהיך".

* *
*

די צען געבאָט, אַרויסגייענדיק פון גאָטס מויל, האָבן זיך צעשפרייט אויף גאַר דער וועלט, און מיט יעדן פון זיי האָט זי זיך אָנגעפילט מיט א זיסן ריח פון בשמים, — יעדעם געבאָט מיט זיין באַזונדערן ריח. און פון איין עק וועלט ביזן אנדערן האָט געהילכט גאָטס שטימע, צעברעקלט זיך אויף זיבעציק טיילן און אויף אַלע זיבעציק לשונות זיך הערן געלאָזט.

פאַרציטערט זיינען געוואָרן אַלע אומות פון דער וועלט, און דערשטוינט זיינען שטיין געבליבן די מלכים אין זייערע פּאַלאַצן. און פון אַלע עקן איז מען געקומען צו בלעמען, דער נביא פון די אומות אין יענער צייט, און דערשראָקענע האָט מען אים געפרעגט: וואָס באַדייט עס, אפשר וויל גאָט ווידער אַ מבול ברענגען אויף דער וועלט?

ענטפערט ער זיי: גאָט האָט שוין איינמאָל געשוואוירן, אז ער וועט די וועלט מער ניט פארפלייצן.

— אפשר פארפלייצן — נישט, אבער אן אומקומעניש דורך פייער — יאָ?

— ניין, די וועלט ווערט ניט חרוב, — שטאַרקער און מעכ־טיקער ווערט זי.

— „אַ גרויסע מאכט גיט גאָט צו זיין פאָלק".

האָבן זיי אַלע געענטפערט: „בענטש גאָט זיין פאָלק מיט פרידן".

* *
*

אַז משה איז אַרויף אויפן הימל, זיינען די מלאכים געקומען צום אויבערשטן און געזאָגט:

— וואָס טוט אַ ילוד־אשה דאָ צווישן אונז?

זאָגט ער זיי: די תורה נעמען.

פרעגן זיי:

— אַ טייערער שאַץ ליגט ביי דיר פארבאָרגן נאָך מיט תתקע״ד דורות פריער איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, איצט ווילסטו עס אוועקגעבן די מענטשן־קינדער, און ניט אונז, דיינע טרייע קנעכט?

— זאָגט גאָט צו משהן: גיב דו זיי אַ תשובה.

ענטפערט משה:

— איך האָב מורא, זיי וועלן מיך פארברענען מיטן הויך פון זייער מויל.

זאָגט גאָט: האַלט זיך אָן ביים כסא־הכבוד און גיב זיי אַן ענטפער.

זאָגט משה:

— ריבונו־של־עולם! וואָס שטייט דען אין דיין תורה? — „איך בין גאָט דיין גאָט, וואָס האָט דיך ארויסגענומען פון מצרים", — זענט איר דען, מלאכים, אין מצרים געווען, פרעהן געדינט? דאָס צווייטע געבאָט: „זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער", — וואוינט איר דען צווישן גויים געצנדינער? ווייטער: „שווער ניט פאַלש מיט גאָטס נאָמען", — האַנדלט איר דען? „האַלט ערליך פאָטער און מוטער", — האָט איר דען עלטערן? ווייטער: „לא תרצח", „לא תגנוב", — איז דען קנאה־שנאה ביי אייך דאָ, האָט איר דען אַ יצר־הרע?

באַלד זיינען די מלאכים געוואָרן משהס גוטע פריינט און יעדער האָט אים געגעבן אַן אַנדער מתנה.

* *

*

אַז משה האָט זיך אראָפגעלאָזט פונ'ם הימל, איז דער שטן געקומען פאַר גאָט ברוך־הוא און געפרעגט: האַר פון דער וועלט, וואו איז דיין תורה?

— דער ערד האָב איך זי אפגעגעבן, — האָט גאָט אים גע־ענטפערט.

איז דער שטן אוועק צו דער ערד און געפרעגט ביי איר: וואו איז די תורה?

— „איין גאָט ווייסט קלאָר איר וועג".

גייט ער צום ים פרעגן.

— ניטאָ ביי מיר, — ענטפערט אים דער ים.

לאָזט ער זיך צום אָפּגרונט אראָפּ.

— „ניט ביי מיר איז זי“, — ענטפערט דער אפּגרונט.

קומט דער שטן צוריק פאר גאָט און זאָגט: ריבונו־של־עולם, איך האָב זי אויף דער גאַנצער ערד אויסגעזוכט און נישט געפונען.

— גיי צו עמרמס זון! — האָט אים גאָט געענטפערט.

גייט ער צו משהן און פרעגט אים: די תורה, וואָס גאָט האָט דיר געגעבן, וואו איז זי?

— מיר? — האָט משה געזאָגט — וואָס בין איך דען, אז גאָט זאָל מיר געבן זיין תורה?

— משה, — זאָגט גאָט — דו פארלייקנסט גאָר?!

— ריבונו־של־עולם, — ענטפערט משה — דיין טייערער אוצר, אין וועלכן דו שפּיגלסט זיך אַלע טאָג, זאָל איך אים פאר מיינעם רעכענען?

— פאר אזא ענוות — זאָגט גאָט — קומט דיר, אז די מתנה זאָל זיך אָנרופן אויף דיין נאָמען — „תורת משה“ וועט זי הייסן ביים גאַנצן פאָלק.

(פון „די אידישע אגדות“).



פּ. הירשביין.

# משיח דער דערלייזער

## א

די גאָרע וועלט וואַרט, אַז עס זאָל קומען משיח און אויסלייזן די וועלט פון צרות. אַז משיח דער דערלייזער וועט קומען, וועלן ניט זיין קיין אָרעמע און רייכע, קיין שוואַכע און שטאַרקע, קיין באַצווינגער און אונטערדריקטע. וועלן אַלע טויטע — לעבעדיק ווערן, אַלע טרערן — אָפּגעווישט ווערן, אַלע וויטאָקן — געגעזן ווערן. אַז משיח דער דערלייזער וועט קומען, וועלן אַלע פּוסטע בוימער פרוכט געבן, אַלע וויסטע ערטער — מיט בלומען בליען, אַלע טאָג — די זון שיינען. אַז משיח דער דערלייזער וועט קומען, וועט דער לייב ווי די קו עסן גראָז, און דער וואָלף וועט זיך פיטערן צוזאַמען מיטן שעפּל, און אַ קליין אינגל וועט זיי אין פעלד ארומ־פירן. משיח וועט ברענגען דאָס גליק אויף דער ערד.

וואַרט די גאַרע וועלט, אַז משיח זאָל קומען. קומט ער ניט היינט — וועט ער קומען מאָרגן. און אויב ער קומט מאָרגן אויך ניט, היט מען דאָך די גאָלדענע האָפנונג אין הארצן און מען וואַרט מיט געדולד, מיט געדולד.

# ב

האָבן צוויי בחורים געלעבט אויף דער וועלט און זיי האָבן קיין געדולד ניט געהאַט. יונגע זיינען זיי געווען, הייסע הערצער האָבן זיי געהאַט. דאָס גליק פון דער וועלט האָט פאַר זיי אין חלום, ווען זיי זיינען געשלאָפן, און אין דמיון, ווען זיי האָבן געוואכט, מיט אַזעלכע בלאַנקע פאַרבן געשיינט, מיט אַזאַ שטאַרקן כישוף די נשמות זייערע געפאַנגען, אַז זיי האָבן דעם אומגעדולד זייערן ניט געקענט גובר זיין. זיי האָבן ניט געוואָלט וואַרטן.

— זאָל שוין קומען דער שיינער, דער ליכטיקער משיח, און מיט אים צוזאַמען — דאָס גליק פון דער ערד! — האָבן זיי געוואָלט.

— סיידן ער האָט זיך פאַרגעסן, אַז דאָ ליידט מען צרות אויף דער ערד, — זיינען זיי ברוגז געווען.

אויב ער אַליין קומט ניט, און מענטשן ווייסן דעם וועג ניט, ווי צו אים צוצוקומען, דאַרף מען זיך לאָזן זוכן! — האָבן זיי באַשלאָסן.

האָבן די בחורים פאַרלאָזן טאַטע-מאַמע און קרובים, רבי און חברים, היים און בית-מדרש, און זיינען אַוועק זוכן דעם וועג צו משיחן, ברענגען אים, ווייל ס׳איז שוין צייט, די וועלט זאָל פון צרות דערלייזט ווערן.

# ג

זיינען די בחורים אַוועק, זיינען זיי געגאַנגען איבער וועגן און שטעגן, און ניט מיד געוואָרן; פאַרביי שטעט און פאַרביי דער־פער — און זיך ניט אָפּגעשטעלט; דורך פעלדער און דורך וועל־דער — און זיך ניט אָפּגעשראָקן. וואו זיי האָבן געטאָגט — האָבן זיי ניט גענעכטיקט. און וואו זיי האָבן גענעכטיקט — האָבן זיי ניט געטאָגט. ביז זיי זיינען אַדורך אַלע וועגן און שטעגן, אַלע פעלדער און וועלדער, אַלע שטעט און דערפער, און געקומען צו דעם גרויסן ווייסטן מדבר. און דאָ איז קיין וועג ניט געווען, דאָ האָט קיין

מענטש ניט געלעבט, און ביי וועמען צו פרעגן, ווי ווייטער צו גיין, האָבן די בחורים ניט געהאַט. נאָר איין דאַרער בוים איז געשטאַנען, מיט צעבראָכענע צווייגן און מיט צעפּלאַצטער קאָרע.

האָט די וויסטעניש דעם ווילן פון די בחורים ניט אָפּגעשראָקן, די היץ פון זייער האַרצן ניט אויסגעקילט. אומקערן זיך אַהיים אָן משיחן האָבן זיי ניט געוואָלט; זען טאַטע-מאַמע, איידער די וועלט איז דערלייזט, האָבן זיי ניט געטראַכט.

## ד

האָבן די בחורים זיך צו דעם דאַרנבוים געווענדעט:

— בוים, דו בוים! דיך באַשווערן מיר, דו זאָלסט אונז זאָגן, דו זאָלסט אונז ווייזן דעם וועג צו משיחן!

האָט דער בוים געטאָן אַ קנאַק מיט די דאַרע צווייגן, אַ ציטער — מיטן טרוקענעם שטאַם און אָנגעהויבן רעדן:

— די אומברחמנותדיקע זון האָט מיך געברענט, דער בייזער ווינט האָט אויף מיר זאַמד געשאָטן, דער וואָלקן האָט מיר קיין רעגן ניט געשיקט, דער פאַרנאַכט — קיין טוי ניט געבראַכט. בין איך פאַרדאַרט געוואָרן, צעטריקנט שטיין געבליבן. איך אַליין וואַרט אויף משיחן, ער זאָל קומען, אַלדאַס בייז פון דער וועלט אָפּ-רוימען, אַלדאָס גליק אויף דער וועלט ברענגען, אַלע קראַנקע היילן, אַלע טויטע לעבעדיק מאַכן. נאָר דעם וועג צו אים ווייס איך ניט. גייט רעכטס, נאָכדעם לינקס, וועט איר קומען צו אַ קוואַל. דאָרט פלייצן פרישע וואַסערן פון דער ערד, וואַקסן גרינע גראָזן, בליען שיינע בלומען, דאָרט איז לעבן. אפשר ווייס דער קוואַל עפּעס, וועט ער אייך זאָגן.

## ה

זיינען די בחורים געגאַנגען — רעכטס, נאָכדעם לינקס, ווי דער בוים האָט זיי געזאָגט. זייערע פּיס האָבן געזונקען אין טיפע זאַמדן, און זייערע לייבער האָבן זיי פאַרוואונדעט אָן שאַרפע דערנער, נאָר זייער ווילן איז ניט געמינערט געוואָרן, ביז זיי זיינען געקומען צו אַ קוואַל, וואו ס'האָבן געפלייצט פרישע וואַסערן פון דער ערד, און בלומען האָבן געבליט, און פייגל האָבן געזונגען. האָבן די בחורים געזאָגט צו דעם קוואַל:

— קוואַל, דו קוואַל! מיר באַשווערן דיך, דו זאָלסט אונז זאָגן, דו זאָלסט אונז ווייזן דעם וועג צו משיחן!

האָט דער קוואל געטאָן אַ ציטער מיט זיין גלאַטקייט און אַ שעפּטשע — מיט זיינע כוואַליעס, און אָנגעהויבן רעדן:

— שלאַנגען און עקדישן האָבן זיך באַזעצט אויף מיין גרונט און צעבויטן מיר מיין ריין וואַסער פון אונטן, און די ווינטן פון דער מדבר פאַרשיטן מיך מיט שטויב און זאַמד, באַטריבן מיר מיין ריין וואַסער פון אויבן. און דער רויבער דער שפּאַרבער וואַשט זיין פאַרבלוטיקטן שנאָבל אין מיר בייטאָג, און די רויבערן די סאָווע — איר פאַרבלוטיקטן שנאָבל ביי דער נאַכט. בין איך טונקל, בין איך טריב, בין איך אומריין. איך אַליין וואַרט אויף משיחן, ער זאָל קומען, אַלדאָס אומריינקייט פון דער וועלט אַפּרוימען, אַלדאָס שיינ-קייט אויף דער וועלט ברענגען, אַלע טריבע — לויטער מאַכן. נאָר דעם וועג צו אים ווייס איך ניט. גייט רעכטס, נאָכדעם לינקס, וועט איר קומען צו אַ באַרג, דאָרטן הויבן זיך פעלזן ביזן הימל, טיפן זיך טאָלן ביזן אָפּגרונט, ציען זיך היילן ביז דעם האַרצן פון דער ערד. דאָרט שוועבן אַלע סודות אין די שאָטנס — אפשר ווייס דער באַרג עפּעס, וועט ער אייך זאָגן.

## ו

זיינען די בחורים געגאַנגען — רעכטס, נאָכדעם לינקס, ווי דער קוואַל האָט זיי געזאָגט. זייערע פיס האָבן געשטרויכלט אין גריבער און זיך צעשלאָגן אָן שטיינער, נאָר זייער ווילן איז ניט שוואַכער געוואָרן, און זייער גרייטקייט אַלץ איבערצוטראָגן איז געוועזן גאַנץ און פריש, ווי אין דעם ערשטן טאָג, וואָס זיי זיינען אַרויס פון דער היים. זיינען זיי געקומען צו אַ הויכן באַרג, וואָס איז געשטאַנען אויפן גרענעץ פון דער מדבר. ביזן הימל האָבן זיך געהויבן די שפּיצן פון דעם באַרג, און ביזן אָפּגרונט האָבן זיך גע-טיפט זיינע טאָלן. האָבן די בחורים צו אים געזאָגט:

— באַרג, דו באַרג! מיר באַשווערן דיך, דו זאָלסט אונז זאָגן, דו זאָלסט אונז ווייזן דעם וועג צו משיחן.

האָט דער באַרג אויסגעגלייכט זיין שטאָלצן רוקן, אַראָפּגע-שאַרט די וואָלקנס פון זיין פּנים און אָנגעהויבן רעדן:

— אויף דער ברוסט פון דער ערד שטיצן זיך מיינע קנעכלעך, אין האַרצן פון הימל איז איינגעשפּאַרט מיין קאָפּ. אַלע סודות פון הימל און פון ערד זיינען באַהאַלטן אין מיינע אינגעווייד. אַלע וואונ-דער הויערן אויף מיינע וועגן. איך עפן זיי פאַר אייך. גייט, זוכט, פאָרשט, נישטערט. ווער עס האָט מוט, יענער קאָן אין מיר גע-פינען אַלץ, וואָס ער דאַרף.

## ז

זיינען די בחורים געגאַנגען, האָבן געקלעטערט, זיך געדראַפּעט באַרג אַרויף און טאָל אַראָפּ; איבער שטייפע פעלזן, איבער טיפע אָפּגרונטן, איבער גלייכע ווענט. האָבן זיך צעריסן די פּיאַטעס און די קני און די הענט אָן שאַרפע שטיינער. נאָר זייער מוט איז ניט געפאַלן, און זייער ווילן — ניט קלענער געוואָרן. זיי זיינען געגאַנגען אַלץ ווייטער, געקלעטערט אַלץ העכער, פאַרגאַנגען אַלץ טיפער און אַלץ ווייטער, און אַלע וועגן זיינען זיי דורכגעגאַנגען, און אויף איינעם פון די וועגן געפונען אליהו הנביא.

האָבן די בחורים זיך געבוקט פאַר אליהו הנביא און געזאָגט:

— אליהו, אליהו! מיר באַשווערן דיך, דו זאָלסט אונז זאָגן, דו זאָלסט אונז ווייזן דעם וועג צו משיחן!

האָט אליהוס פּנים אָנגעהויבן שיינען מער ווי די זון. ער האָט געזאָגט:

— דריי טויזנט יאָר זיץ איך איבער דעם שפּיץ פון דעם באַרג. איך קוק אַראָפּ אין דער נידער צו דער ערד, זע די צרות פון דער וועלט, הער די זיפצן פון די, וואָס וואַרטן אויף דערלייזונג, און קיינעמס האַרץ צעפלאַמט זיך ניט מיט אומגעדולד, און קיינעמס ווילן צינדט זיך ניט אָן מיט מוט, און קיינעמס מוט — מיט העזה און מיט וואָגן, צו לאָזן זיך אין די וועגן און אין די אומוועגן, וואָס פירן צו משיחן און צו דער דערלייזונג פון דער וועלט.

— דריי טויזנט יאָר זיץ איך איבער דעם שפּיץ פון דעם באַרג און וואַרט אויף אייך, איר יונגע, איר הייסע, איר אומגעדולדיקע; איר ערשטע, באַגייסטערטע, מוטיקע. ווייל איך איז געווען מיין חלום; נאָך אייך — מיין בענקשאַפט; צו אייך — מיין ליבשאַפט. איר די ערשטע, וואָס האָבן געוואָגט צו לאָזן זיך איבער די אומעוועגן, וואָס פירן צו משיח, דעם דערלייזער פון דער וועלט.

— אויף אייך — מיין ברכה, ליבע, טייערע, — זייט מיר געבענטשט!

## ח

און אליהו האָט די בחורים באַוויזן דעם וועג און געלערנט, וואָס זיי זאָלן טאָן. און די בחורים זיינען אַוועק און געגאַנגען און געקומען צו דעם אָרט. דאָס איז געווען עק וועלט. דאָ איז געשטאַנען אַ מירמלענער פּאַלאַץ מיט קריסטאַלענע פענצטער, מיט

גילדערנע טירן. און דאָ האָט נאָר די זון געשיינט, און דער טאָג געהעלט. קיין ווינט האָט ניט געבלאָזן צו שטערן די רו, קיין שטויבעלע האָט זיך ניט באַוועגט צו וועקן די שטילקייט, און קיין פליגעלע איז ניט געפלויגן איבערצורייסן דעם טיפן שלאָף, וואָס משיח, דער אויסלייזער פון דער וועלט, איז געשלאָפן.

אויף אַ העלפאַנטביינערנעם בעט איז ער געלעגן. זיין קערפּער איז געווען שטאַרק, זיין פּנים יונג, און זיין שלאָף לייכט. און זיינע שיך — לעבן די פיס, און זיינע קליידער — ביי דער זייט, און זיין שטעקן — ביי דער האַנט, — גרייט צום רוף פון וואַכעדיקן לעבן אויפצוכאַפּן זיך, אַנצוטאָן זיך און אין וועג צו לאָזן זיך, די וועלט צו דערלייזן. נאָר מען זאָל אים וואַסער אויף די הענט גיסן, די אומריינקייט פון פאַרכישופטן שלאָף פון זיינע אויגן אַראָפּצוואַשן.

## ט

האָבן די בחורים אָפּגעעפנט די גילדערנע טירן און זיינען אריין אין פּאַלאַץ. ווי נאָר די טיר האָט זיך אויף די האָקנס אַ קער געטאָן, און ווי נאָר די זוילן פון די בחורימס פיס האָבן די ערד פון דעם זאַל באַרירט — האָט זיך משיח אויף זיין געלעגער אויפגעזעצט. זיין פּנים האָט אָנגעהויבן שטראַלן מיט דערוואַכונג, זיינע אויגן — ברענען מיט דערלייזונג. ער האָט זיינע שלאַנקע, ווי פון זילבער אויסגעגאָסענע, הענט אויסגעשטרעקט.

אַ קריסטאָלענער קרוג איז געשטאַנען לעבן בעט, אַ פולער מיט וואַסער. דריי טויזנט יאָר האָט זיך פון אים קיין טראָפּן ניט אויסגעדעמפּט, און קיין שטויבעלע אין אים ניט געפאַלן. דריי טויזנט יאָר איז ער גרייט געשטאַנען אויף די הענט פון משיחן אויפצוגיסן. נאָר די בחורים האָבן אים ניט געזען.

דער גלאַנץ פון משיחן, דער שיין פון זיין דערהויבנקייט און די פּראַכט פון דער נאָענטער דערלייזונג, האָבן די בחורים די אויגן פאַרבלענדט. זיי זיינען געשטאַנען פאַרגאַפטע און זיך פון אָרט ניט גערירט.

און אַז די בחורים זיינען אַזוי געשטאַנען, האָט זיך משיח צוריק אַוועקגעלייגט און צוריק די אויגן פאַרמאַכט. און נאָר אַ זיפץ, אַ שווערער זיפץ, האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין האַרצן...

אַלע פענצטער האָבן אַ ציטער געטאָן, די ערד ביי די בחורים

י

אונטער די פים האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן פון דעם זיפץ, וואָס משיח האָט געטאָן, ווען ער איז צוריק איינגעשלאָפן. און אַ ווינט האָט זיך פון דעם זיפץ אויפגעהויבן און האָט די בחורים אין זיין גע־ווירבל פאַרדרייט, ווייט, ווייט אַוועקגעטראָגן, און ביים ברעג פון דעם מדבר אַראָפּגעוואָרפן.

אַ גרויסע פאַרצווייפלונג האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון דער פריערדיקער דרייסטקייט אין זייערע הערצער, דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען אַזוי נאָענט צו דער דערלייזונג, און האָבן דאָך זייער ציל פאַרפעלט. זייער געמיט איז אַזוי שווער געווען, אַז זיי האָבן שוין וויינען געוואָלט.

נאָר אליהו הנביא האָט זייער טרויער פון אויבן דערזען און זיך אויף אַ שטראַל פון דער זון צו זיי אַראָפּגעלאָזן און זיי געקושט און געגלעט און געטרייסט:

— דער וועג צו משיח דעם דערלייזער האָט איר דאָך געפונען; אַ וועג צו משיח דעם דערלייזער האָט איר דאָך געעפנט. זייט געבענטשט, זייט געבענטשט, יונגע אומגעדולדיקע, דרייסטע!



א. רייזען.

# דער קראַנקער פינגער

## א

ביי זעליקן, אַ בלאַסער אַכצניעריקער פועל, וועלכער אַרבעט שוין ביי לייזער דעם שניידער צוויי יאָר און באַקומט שכירות פופ־ציק רובל אַ יאָר מיט קעסט, האָט אָנגעריסן אַ פינגער, און אַקוראַט יענער פינגער, אָן וועלכן די נאָדל קאָן ניט אויסקומען, מוז אים נויטיק האָבן. ערב רייסן האָט זעליק קיין יום־טוב דערפון ניט גע־מאַכט. ער האָט אַפילו געוואוסט, אַז דעם יום־טוב פון פינגער־רייסעניש וועט ער מוזן פייערן, עס העלפט ניט קיין חכמות. ער האָט אָבער געמאַכט עטלעכע טעג „נדחה״, אָפּגעלייגט אויף מאָרגן, איבערמאָרגן און ווייטער אויף מאָרגן. דעם לעצטן פרימאָרגן איז ער אָבער אויפגעשטאַנען מיט אַ פינגער, וואָס האָט געהאַט דעם

אויסזען פון אַ גלאָז, און מיט אַ שטעכעניש, וואָס איז אַזש אין די שפּיץ פינגער פון די פיס פאַרגאַנגען. אַז ער האָט געדאַרפט אָנ־טאָן דאָס רעקל, און דער קראַנקער פינגער האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן דעם צעריסענעם אונטערשלאַק פון אַרבל, האָט ער זיך שמערצ־לעך פאַרקרימט און געגעבן אַ קרעכץ ווי אין דער היים פאַר דער מאַמען:

— אָי!

דאָ אָבער, ביים שניידער, האָט עס קיינער נישט געהערט און זעליק האָט זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבן, וואָס צו טאָן, ווי אַזוי מעלדעט מען עס פאַרן באַלעבאָס און פאַר דער באַלעבאָסטע. מען דאַרף האָבן דערצו אַ כּוח פון אַ... ער ווייס אַליין נישט וואָס פאַר אַ כּוח — ער ווייס נאָר, אַז ער וועט עס ניט קענען מעלדן.

און זעליק באַשליסט זיך שווייגן, זיצן אָן אַנגעטאָנענער און שווייגן אין געהאַקטע וואונדן; זאָל זיין וואָס עס וועט זיין; וועט אויסקומען צו דערציילן, וועט ער דערציילן.

די צוויי איבעריקע פּועלים האָבן זיך שוין אָנגעטאָן און האָבן זיך געזעצט צו דער אַרבעט. זעליק האָט אויף זיי געקוקט מיט קנאה. אַט זיינען זיי גליקלעכע מענטשן, זיי האָבן געזונטע מיטל־סטע פינגער און וועלן זיך זעצן ביז אָנבייסן און נייען, און נאָכדעם וועלן זיי זיך „איינרייבן" די גוטע קאַרטאָפל מיט די אוגערקעס, מיט דעם טייערן מילכיקן קרופּניק פאַרזופּן און זיך ווייטער זעצן נייען, ביז מיטאָג; שיין און פיין. וואָס וועט זיין מיט אים?...

— וואו איז דאָס זעליק ערגעץ? — קייקלט זיך אַ קול פון לייזערן, וועלכער שטייט ביים גרויסן טיש און צייכנט אָן אַ סור־דוט מיט קרייד, וואו די קנעפּ איינצונייען.

— איך בין דאָ... — שטאַמלט זעליק, שטייענדיק אין ווינקל, ווייסט ניט וואָס צו ענדיקן און בלייבט אַנטשוויגן.

לייזער ווערט נשתומם פון ענטפער, גיט אַ קוק אין זעליקס ווינקל און וויצלט זיך:

— ביסט דאָ? יישר כּוחך! ווילסט זיך דורכגיין אפשר אַביסל שפּאַצירן? אין דער פרי שאַדט עס נישט. עס וועט זיך עסן גע־שמאַקער...

— אַ פינגער רייסט... — מאַכט זעליק אַ טריט נענטער צום טיש, און שטרעקט אויס דעם קראַנקן פינגער, מיט אַ מינע פון אַ גנב, ווען ער איז זיך מודה, אַז ער האָט געגנבעט.

— וואָס? — דערהערט ניט, אָדער מאַכט זיך לייזער ניט הערנ־דיק — וואָסער ציג?

— אַ פינגער אָנגעריסן, ווי אַ גלאָז! — ווערט שוין זעליק דרייסטער און האָט אַ העזה אונטערצורוקן דעם גלעזערנעם פינגער גלייך דעם באַלעבאָס אין די אויגן אַריין און שמייכלט, ווי גערעדט: נאַ, האָב פון מיר נחת!...

— ביסט אַ חכם! — שרייט אוים לייזער, קוקנדיק מיט אַ דאָק־טערשן בליק אויפן פינגער — האָסט געפונען אַ צייט ווען יום־טוב צו מאַכן.

— וואָס קאָן איך העלפן? — פאַרענטפערט זיך זעליק און שמייכלט, דאַכט זיך, מיט אַ טרער — דאָס איז דאָך ניט מיט אַ כיוון...

— ניט מיט אַ כיוון, יאָ מיט אַ כיוון, — חקרנט זיך לייזער בייז־לעך — די אַרבל, וואָס דו האָסט צו מאַכן, וועלן אָבער דערפון ניט ווערן פאַרטיק.

„גוט אָפּגעשפּילט! דאַנקען גאָט!" — טראַכט זעליק נאָך דעם באַלעבאָסעס ווערטער און וואָלט שוין זיין גאָר צופרידן, ווען ער וואָלט געהאַט אַזאַ ווינקל, וואו צו באַהאַלטן זיך, אַז קיינער זאָל אים ניט זען, ער זאָל זיך קענען זיצן שטילערהייט און צוהערן זיך צום וויי־טיק און פּאַמעלעך קרעכצן: אַי — אַי...

אַזאַ אָרט איז אָבער ניטאָ, סיידן אין קיך; אין קיך קאָכט אָבער ציפּע אָנבייסן און זי איז ביים קאָכן זייער בייז און וועט אים געוויס ניט לאָזן זיצן רואיק.

ער שטייט אין מיטן שטוב און ווייסט זיך ניט צו וואָס צו כאַפּן.

— אוי, עס נעמט! עס נעמט! — פּרואווט ער אַרויסרופן ביי לייזערן מיטלייד צו אים, אויסשטרעקנדיק אין דער הויך דעם פינגער.

די צוויי פּועלים גיבן אויף אים אַ קוק, ווי גערעדט: ברודער, וואָס קענען מיר דיר העלפן?... ווייסט דאָך...

נאָר זעליקן איז זייער בליק ניט וויכטיק: אים איז נויטיק פון דעם באַלעבאָס אַ וואָרט... לייזער אָבער שווייגט.

— ער מוז זיין אין כעס! שרעקט זיך זעליק און פּרואווט פאַרגרינגערן לייזערס כעס מיט אַ קרעכץ. עס טוט טאַקע וויי, עס שניידט ווי מיט מעסער.

— אַי, ווי עס רייסט!

— נו, ברודער! — ווענדעט זיך לייזער צו אים, קיין קימ־פּעטאָרן ביסטו דאָך ניט, קיין סכנות שטעקט ניט, סיידן פאַר מיין קעשענע. קרעכצן גיי אין בעט...

זייער ניט גוט, דער באַלעבאָס איז טאַקע אין כעס. קרעכצן דאַרף מען ניט. וואו דען טוט מען זיך אַהין?

זעליקן פאַלט גאָר איין צו זאָגן דעם באַלעבאָס, אַז מאָרגן וועט דער פינגער זיכער בעסער ווערן.

— מאָרגן וועל איך מסתמא קענען נייען... — שטאַמלט ער אַרויס.

— איך בין גליקלעך! — ענטפערט לייזער איראָניש.

— ע, דאָס איז שוין אַן עוולה, — טראַכט זעליק — איך קוק ניט, וואָס דער פינגער שטעכט מיר ווי מיט נאָדלען, און וויל זיך סטאַרען מאָרגן נייען, און דו — גאָרנישט. ביסט אַ שלעכטער.

און זעליק באַשליסט, אַז ער וועט גאָרניט באַשטיין אַן אים. וואָס שרעקט ער זיך אַזוי? אַ נײַס, אַז עס רייסט אַן ביי אַ שניי-דער־יונג אַ פינגער, מע נייט אַזוי פיל! אַ קלייניקייט! אַ פינגער איז דאָך ניט פון אײַזן, רייסט ער אַן אַמאָל, איז וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק! עס איז אַ העזה צו זיין אין כעס! זעליק ווערט שטאַרק ברוגז: לאָ די וואָס דער באַלעבאָס טרייסט אים ניט, קרימט ער זיך נאָך. וואָס קרימסטו זיך?

און זעליק פּראָטעסטירט שטאַרק אין האַרצן קעגן באַלעבאָס און רוקט זיך אָפּ מיט האַלב־זיכערע טריט צום בעט, וואו ער זעצט זיך אַוועק, קוקט אויפן פינגער, בלאָזט אויף אים און פאַרגינט זיך אַרויסלאָזן אַ קרעכצעלע און איז זיך גאָר מחיה... מורא האָבן וועל איך, וואָס? טראַכט ער ביי זיך דרייסט און נעמט זיך קרעכצן אָפטער און העכער, און ער פילט, אַז ער איז גאָר ניט אַזאַ ציטע-ריקער, ווי מע מיינט...

נישקשה, אַז ער דאַרף און ער וויל קען ער קרעכצן... ער לאַכט זיך פון אים אויס!...

## ב

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז ציפּע אַריין פון קיך אין שטוב און אַ פאַרשוויצטע, מיט אונטערגעקאַשערטע עקן פון טיכל אויף די אויערן, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און מיט אַ שטרענגן פנים, האָט זי אָפּגעגעבן אַ ראַפּאָרט:

— דער אָנבייסן איז שוין פאַרטיק! מען דאַרף גרייטן צום טיש.

זעליק, וועלכער פלעגט אַלע טאָג דעם ראַפּאָרט אָפּוואַרטן מיט גרויס אומגעדולד און אויסהערן ניט אָן פרייד, האָט איצט דער-

פילט זיך ווי פאַרלוירן, ער האָט אַראָפּגעלאָזט די בליקן צום פינגער, ווי ער וואָלט אים אַן עצה געפרעגט:

— קען איך גיין צום טיש עסן? גענייט האָב איך היינט ניט... ווי זאָגסטו? — עס פּאַסט?

דער פינגער האָט אָבער נאָך שטרענגער געקוקט, גלייך אַ שטאַרקן שטאָך געטאָן און גאַרנישט געענטפערט.

זעליק האָט געזען, ווי ציפּע שפּרייט אויס איבערן האַלבן טיש אַ טישטוך, לייגט אַוועק אַ לאַבן ברויט מיט אַ מעסער און זי לאָזט זיך גיין צוריק אין קיך. ווידער זעט ער, ווי די צוויי פּועלים איידער זיי גייען זיך וואַשן, ברעכן אָפּ צו ביסן ברויט עד לחשבון און קייען מיט אַפּעטיט. דער פינגער שטעכט אים וואָס אַ רגע מער, ער איז אַן אמתער חולה. דער קאָפּ אפילו טוט אים אויך ווי, און דאָך, ווי צו להכעיס, ווילט זיך אים היינט מער עסן ווי אַלע טאָג, און גאָט ווייסט, צי וועט ער האָבן כוח איינזיצן אַזוי אויפן בעט און ניט גיין עסן...

צוצוגיין אָבער צום טיש דאַרף מען האָבן אויך אַ כוח, וואָרזשע נעמט מען אים? מה דאָך, אַז ער נייט אויף אינדערפרי אַ פּאָר הויזן און פאַרדינט זיכערע 3-2 גילדן, זעצט ער זיך עסן ווי אַן אָרעם בחור און עסט אַלעמאָל ווייניקער וויפל ער וויל, ווייל אים דאַכט זיך אַלץ, אַז לייזער קוקט אים אין מויל אַריין און רעכנט זיך, צי לוינט אים צו האַלטן אַזאַ עסער, אַ פּשיטא שוין היינט, וואָס ער האָט גאַרניט ניט פאַרדינט...

און די פראַגע „עסן צי ניט" פּילט אַן זעליקס מח און ער פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע דעם ווייטיק.

אָט זיצט שוין לייזער ביים טיש, ביי די זייטן — די צוויי פּועלים. זיי קוקן צו דער קיך־טיר, פון וואַנען ציפּע דאַרף עפּעס אַריינטראָגן. עס געדויערט עפּעס צופיל. לייזער ווערט בייז און גיט אַ ברום:

— וואָס פאַרקעסטו זיך דאַרטן? דיינע שיינע מאכלים!

זעליק דערשרעקט זיך פאַרן באַלעבאָסעס שלעכטן הומאָר. צוגיין צום טיש איז איצטער אַ סכנה. ער זעט ווי די פּועלים, וואָס האָבן געזונטע פינגער און האָבן ערלעך דעם גאַנצן פרימאָרגן געאַרבעט, ציטערן אויך ווי אַ פיש אין וואַסער, קייען די שטיקלעך ברויט און קענען, דאַכט זיך, ניט אַראָפּשלינגען... און זעליק בעט גאָט, אַז מע זאָל נאָר ביים טיש פאַרגעסן, אַז עס עקזיסטירט דאָ ערגעץ אין שטוב, אויפן בעט ערגעץ, נאָך אַ פּועל, וואָס מען רופט

אים זעליק... זאָל מען אים לאָזן זיצן רואיק, זאָל ער ניט דאַרפן באַגעגענען זיך מיט לייזערס בליקן...

נאָר עס געראָט ניט. אַז ציפּע טראָגט אַריין די גרויסע שיסל מיט קאַרטאָפל און די טעלער מיט די זויערע אוגערקעס, ווערט לייזער ווי ווייכער, ער זאָגט מבינות אויף די קאַרטאָפל און עסט מיט גרויס אַפּעטיט. זעליק וואַרט אויף עפּעס, און דאָס האַרץ וואַרפט זיך, ווי ער וואָלט דערוואַרטן דעם באַשלוס וועגן זיין ווייטערדיקן לעבן.

— וואו איז דאָס ערגעץ זעליק? — פרעגט פּלוצים ציפּע, וועלכע זיצט שוין אויך ביים טיש.

זעליק רעכנט ניט פאַר איבעריק צו געבן אַן ענטפער דורך אַ קרעכץ, און זאָל מען שוין דאָרט ביים טיש דערקלערן, וואָס מיט אים איז... ער שטרענגט אָן די אויערן.

— זעליק איז אַ חולה! — הערט ער לייזערס איראָנישן טאָן.

— זעליק! — רופט ווידער לייזער.

— האַ! — רעדט זעליק שוואַך אַרויס און וואַרט אויף אַן איינלאַדונג צום טיש.

— פונדעסטוועגן גיי צום טיש! — רופט לייזער פון יוצא וועגן.

„פונדעסטוועגן" — וואָס עפּעס „פונדעסטוועגן"? — קריטיקירט ער אין געדאַנק דעם באַלעבאָסעס טאָן, און ער איז זיך נוקם און שווייגט, כאָטש ער ווייס, אַז די נקמה איז אַ געפערלעכע. יעדע מינוט, יעדע רגע ווערט אין שיסל וויניקער.

— וואָס? אַ פינגער רייסט אים מסתמא? — פרעגט ציפּע קאַלט, ווי איר גייט די גאַנצע מעשה ניט אָן.

— וואָס דען? — ענטפערט נאָך קעלטער לייזער — ווען זאָל רייסן אַ פינגער, אַז ניט אים? זעליק, גיי צום טיש...

זעליק גיט אַ קלער אַהין און אַהער, אַהער און אַהין, און ווי ער וואָלט אויף זיך אַליין קיין דעה ניט האָבן, גייט ער צו צום טיש, זעצט זיך אויף דעם שפּיץ בענקל און ער הויבט ניט אויף די אויגן.

— לייג אים אַריין אין טעלערל אַ פּאָר קאַרטאָפל, — ווענדעט זיך לייזער צו ציפּען. ציפּע רוקט אים אונטער אַ טעלערל מיט עטלעכע קאַרטאָפלעס, און זעליק מאַכט זיך האַרץ און עסט אויף איינע. ער וויל נעמען אַ שטיקל ברויט. נאָר קיין אָנגעשניטענע אויפן טיש איז ניטאָ. יעדער האַלט לעבן זיך אַ שטיקל, און ער אַליין זאָל נעמען צו זיך דאָס לאַבן און אָפּשניידן, האָט ער היינט ניט קיין העזה און ער עסט אָן ברויט.

— ווייז, ווייז דעם פינגער! — רייסט איבער אין מיטן ציפּע. זעליק לאָזט דאָס עסן און כאַפּט זיך מיט אימפּעט ווייזן דעם קראַנקן פינגער. זאָל זי טאַקע זען, זאָל זי ניט מיינען...

— אַ פינגער ווי אַ באַרג! — זאָגט ציפּע און קערט גלייך אָפּ דעם קאָפּ — ער וועט צערייבן אַ וואָך, אויב ניט מער.

לייזער גיט אַ קרומען בליק אין זעליקס ווינקל. זעליק ווערט צעטומלט, און פאַר צעטומלונג נעמט ער נאָך אַ קאַרטאָפל, נאָר אַראָפּשלינגען קען ער בשום אופן ניט, ער ווארגט זיך מיט איר. די אויגן ווערן אָנגעלאָפן מיט בלוט, אין די שלייפן האַקט, און דער פינגער קערט ממש וועלטן, ער שטעכט און רייסט און בריט...

זעליק דערשלינגט ווי עס איז די קאַרטאָפל און אַ קרעכץ געבנדיק הויבט ער זיך אויף און גייט אַוועק צום בעט, און באַשליסט, אַז ביז וואַנען דער פינגער וועט זיך ניט אויסהיילן, וועט ער צום טיש, עסן אפילו, ניט צוגיין.

צוקומענדיק צום ווינקל בעט, וואַרט ער דאָך, אַז מען וועט אים איינלאַדן צום קרופּניק, און עס קען זיין, אַז ער וואָלט אפשר גע־בראָכן דאָס וואָרט און געגאַנגען... ציפּע איז זייער אַ שלעכטע באַלעבאָסטע, קרופּניקעס אָבער, אַ מכה איר, קאָכט זי זייער גוטע. צום קרופּניק אָבער לאַדעט מען שוין אים ניט, און זעליק האָט חרטה, וואָס מיט די פאָר קאַרטאָפל האָט ער זיך נאָר מיאוס געמאַכט, און ער זאָגט זיך אַליין מוסר:

— פרעסער! אַז מען נייט ניט, עסט מען ניט, ליגט מען אין געהאַקטע וואונדן...

און דער פינגער שווייגט אויך ניט. ער הויבט אָן וואָס אַ מינוט שאַרפער און שאַרפער צו שניידן. אָבער זעליק שטאַרקט זיך: ער קרעכצט ניט. ער באַשליסט אפילו זיך זעצן צו דער אַרבעט און זאָל געשען מיטן פינגער, וואָס עס זאָל געשען: ער מעג אים אפילו פאַרלירן. צו אַלדי שוואַרצע יאָר מיטן פינגער, מיט דער גאַנצער האַנט!...





ש. אַנסקי.

# דער שניידער

די שטוב איז קליין, די שטוב איז אַלט,
אין יעדעם ווינקל מיסט און קויט,
ס'איז פינצטער, אומעטיק און קאַלט,
אַ קראַנקער שניידער זיצט און נייט.

דער שניידער נייט,
די נאָדל גייט,
דער מוח דרייט:
ס'איז גרוים די נויט,
נישטאָ קיין ברויט,
נישטאָ קיין ברויט!

דאָס פּנים געל, פאַרצאָגט, פאַרטראַכט,
די נאָדל רודערט טאָג און נאַכט!
פון צייט צו צייט אַ פּוסטער הוסט
האַלט אויף די האַנט, רייסט אויף די ברוסט.

אין שטוב איז אומעטיק און פּוסט,
פון בעט אַ זיפץ, פון וויג אַ הוסט,
אַ קליינער לעמפּל ברענט זיך שוואַך,
אַ דראָבנער רעגן קלאַפּט אין דאַך.

— „וואָס טוסטו, שניידער, אויף דער וועלט?״ —
— „איך לעב״... — אַ שווידערלעכע קעלט
נעמט אָן ביים האַרץ. פאַרפלוכטע נויט!
אַז דאָס הייסט לעבן, — וואָס איז טויט?!

דער שניידער נייט,
די נאָדל גייט,
דער מוח דרייט:
ס׳איז גרויס די נויט,
נישטאָ קיין ברויט,
נישטאָ קיין ברויט!





מ. גאָרקי.

# די קינדער פון פּאַרמאַ

אויף אַ קליינעם פּלאַץ אַרום וואָקזאַל אין גענואַ האָט זיך צונויפגעקליבן אַ געדיכטער עולם מענטשן. דאָס רוב זיינען דאָ אַרבעטער. נאָר צווישן זיי זיינען פאַראַן אויך אַ סך בכבודיק-גע-קליידטע מענטשן, וואָס האָבן אַ צופרידענעם אויסזען. בראש פון דעם עולם זיינען די מיטגלידער פון דער מוניציפּאַליטעט. איבער זייערע קעפּ פלאַטערט די שווערע שיינע מיט זייד אויסגענייטע פאָן פון שטאָט, און לעבן איר ווייען די פאַרשיידנקאָלירטע פאָנען פון אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס. עס גלאַנצט דאָס גאָלד פון די קו-טאַסן, פרענדז און שנורן, די שפּיצן פון די פאָן-שטעקנס; עס

שורשעט דאָס זיידנס, און ווי אַ כאָר, וואָס זינגט מיט אַ האַלבער שטים, רוישט דער יום-טובדיק-געשטימטער עולם.

איבערן המון שטייט אויף אַ הויכן פּיעדעסטאַל די שיינע פיגור פון קאָלאָמבוס, דעם טרוימער, וועלכער האָט פיל געליטן דער־פאַר, וואָס ער האָט געגלויבט, און געזיגט, ווייל ער האָט געגלויבט. ער קוקט אויך איצט פון אויבן אַראָפּ אויף די מענטשן, ווי ער וואָלט מיט די מירמלשטיינערנע ליפּן גערעדט:

— זיגן קאָנען נאָר די, וואָס גלויבן.

ביי זיינע פיס, אַרום פּיעדעסטאַל, האָבן די מוזיקאַנטן צע־לייגט זייערע מעשענע טרומייטן, און דאָס מעש בלישטשעט אויף דער זון ווי גאָלד.

האַלב-קיילעכדיק פאַרבויגן שטייט די מירמלשטיינערנע גע־ביידע פון וואָקזאַל, צעשפּרייט אירע פליגלען, פּונקט ווי זי וואָלט די מענטשן אַרומנעמען געוואָלט.

פון האַפן קלינגט אַרויף דאָס שווערע אָטעמען פון די דאַמ־פערס, דאָס פאַרשטיקטע אַרבעטן פונ׳ם שרויף אין וואַסער, אַ קלינג־געריי פון קייטן, פייפערייען און געשרייען. אויפן פּלאַץ איז שטיל. די לופט שטיקט. אַלץ איז מיט הייסער זונענשיין באַגאָסן. אויף די באַלקאָנען און ביי די פענצטער פון די הייזער שטייען ליכטיקע פרויען, מיט בלומען אין די הענט. יום-טובדיק-אָנגעטאָנענע פיגורן פון קינדער ווי בלומען.

ס׳פייפט, צוליופנדיק צו דער סטאַנציע, אַ לאָקאָמאָטיוו — דער עולם האָט ווי אַ ציטער געטאָן, פּונקט ווי שווארצע פויגלען האָבן אַ פלי געטאָן איבער די קעפּ. די מוזיקער נעמען די טרו־מייטן. עטלעכע עלטערע מענטשן טרעטן, פּוצנדיק זיך, פאָרויס, ווענדן זיך מיטן פּנים צום עולם, רעדן עפּעס, מאַכנדיק מיט די הענט אויף רעכטס און אויף לינקס. שווער און נישט געאיילט האָט דער עולם אָפּגעטראָטן, אָפּגערייניקט אַ ברייטן דורכגאַנג אין גאַס.

— וועמען באַגעגנט מען?

— די קינדער פון פּאַרמאַ!

עס איז אַ סטרייק אין פּאַרמאַ. די באַלעבאַטים גייען נישט אויף קיין הנחות. די אַרבעטער איז שווער געוואָרן, און אָט האָבן זיי צונויפגעקליבן זייערע קינדער, וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן קראַנק ווערן פון הונגער, און אָפּגעשיקט זיי צו די חברים קיין גענוא.

פון הינטער די קאָלאָנעס פון וואָקזאַל גייט אַ לאַנגע פּראָ־צעסיע פון קליינע מענטשעלעך. זיי זיינען האַלב אָנגעטאָן און זעען אויס אין זייערע שמאַטעס ווי האָריקע, משונהדיקע חיהלעך. זיי גייען, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, צו פינף אין אַ ריי, — גאָר קליינינקע, פאַרשטויבטע, זעט אויס, איינגעמידטע. זייערע פּנימער זיינען ערנסט, נאָר די אויגן בלישטשען לעבעדיק און ליכטיק. און אַז די מוזיק שפּילט זיי אַ קבלת־פּנים דאָס ליד פון גאַריבאַלדי, לויפט דורך איבער די דאַרינקע, שפּיציקע און הונגעריקע פּנימלעך אַ פריילעכער קנייטש, אַ פאַרגעניגן־שמייכל.

דער המון באַגריסט די מענטשן פון דער צוקונפט מיט אַ פאַר־טויבנדיקן געשריי. פאַר זיי לאָזן זיך אַראָפּ די פאָנען, ס'ברומט דאָס מעש פון די טרומייטן, פאַרטויבנדיק און פאַרבלענדנדיק די קינ־דער. זיי זיינען אַביסל איבעררראַשט פון אַזאַ אויפנאַם, טרעטן אָפּ אַ ווײַלע אויף צוריק, און פּלוצלונג — זיי האָבן זיך אַלע ווי אויס־געצויגן, אויסגעוואַקסן, צונויפגעדריקט זיך אין איין קערפּער, און מיט הונדערטער שטימען נאָר מיט אַ קול פון איין ברוסט אויס־געשריען:

— עוויוואַ איטאַליאַ!

— לעבן זאָל די יונגע פּאַרמאַ! — שרייט דער המון, אַרויפ־וואַרפנדיק זיך אויף זיי.

— עוויוואַ גאַריבאַלדי! — שרייען די קינדער, רייסן זיך אַריין אין המון און ווערן פאַרשוואונדן אין אים.

אין די פענצטער פון די האָטעלן, אויף די דעכער פון די היי־זער, פלאַטערן טיכער ווי ווייסע פייגלען. פון דאָרטן שיט זיך אויף די מענטשנס קעפּ אַ רעגן פון בלומען און פריילעכע, הילכיקע גע־שרייען.

אַלץ זעט אויס יום־טובדיק. אַלץ האָט אויפגעלעבט, אַפילו דער גרויער מירמלשטיין האָט זיך צעבליט מיט פאַרביקע פלעקן.

ס'וויגן זיך די פאָנען. ס'פליען היט און בלומען. איבער די קעפּ פון די דערוואַקסענע זיינען אויסגעוואַקסן קליינע קינדערשע קעפּלעך. ס'שימערירן קליינינקע, טונקעלע הענטעלעך, כאַפּן בלו־מען און באַגריסן, און אין דער לופט הילכט אַלץ אָן אויפהער אַ מעכטיקער געשריי:

— עס זאָל לעבן דער סאָציאַליזם!

כמעט אַלע קינדער האָט מען געכאַפּט אויף די הענט. זיי

זיצן ביי די דערוואַקסענע אויף די אַקסלען, צוגעדריקט צו די ברייטע בריסט פון שטרענגע, באַוואַקסענע מענטשן. די מוזיק הערט מען קוים אין טומל; געלעכטער און געשרייען. דאָ און דאָרט שווימען אַרוים פרויען פון המון, כאַפנדיק די אויסנגעבלי־בענע געסט, און שרייען איינע צו דער צווייטער:

— איר נעמט צוויי, אַניוטע?

— יאָ, איר אויך?

— און פאַר דער אַנפּוסיקער מאַרגאַריטע איינעם...

אומעטום איז אַ פריילעכע אויפרעגונג, יום־טובדיקע פּנימער, פייכטע, גוטע אויגן, און ערגעץ־וואו קייען שוין די קינדער פון די סטרייקער ברויט.

— אין אונזער צייט האָט מען וועגן דעם ניט געטראַכט! — זאָגט אַן אַלטינקער מיט אַ נאָז פון אַ פויגל און מיט אַ שוואַרצן ציגאַר אין מויל.

— און דאָס איז אַזוי פּשוט...

— יאָ, דאָס איז פּשוט און קלוג.

דער אַלטינקער האָט אַרויסגענומען דעם ציגאַר פון מויל, אַ קוק געטאָן אויפן שפּיץ, און זיפצנדיק אָפּגעטרייסלט דעם אַש; און דערנאָך דערזען לעבן זיך צוויי קינדער פון פּאַרמאַ, ווייזט אויס, ברידער, האָט ער געמאַכט אַ שטרענג געזיכט, זיך אָנגעברוגזט (זיי האָבן געקוקט אויף אים ערנסט), אָנגערוקט דאָס היטל אויף די אויגן און אָנגעהויבן מאַכן מיט די הענט. די קינדער האָבן זיך צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן, אָנגעדרודלט; אָפּטרעטנדיק, האָט דער אַלטינקער פּלוצים זיך צוגעזעצט אויף די קני און הויך, גאָר ענלעך זיך צעקריט ווי אַ האָן. די קינדער האָבן זיך צעלאַכט, טופּנדיק מיט די באָרוועסע פּיאַטקעס איבער די שטיינער; און ער איז אויפגעשטאַנען, צורעכט געמאַכט דעם הוט, און מיינענדיק, אַז ער האָט שוין אָפּגעטאָן אַלץ, וואָס מען האָט געדאַרפט, איז ער אָפּגעטראָטן, וואַקלענדיק זיך אויף די ניט־זיכערע פיס.

אַ הויקערדיקע גרויע פרוי, מיט אַ פּנים פון אַ מכשפה און שטעכיקע גרויע האָר אויף דער שפּיציקער מאָרדע, שטייט ביים פוס פון קאָלאָמבוסעס סטאַטוע און וויינט, ווישנדיק די רויטע אויגן מיטן עק פון דער אָפּגעקראָכענער שאַל.

אַ שוואַרצע, אַ מיאוסע, איז זי אַזוי מאָדנע עלנט צווישן דעם אויפגערעגטן עולם.

אונטערשפּרינגענדיק גייט אַ שוואַרצהאָריקע געגועזערן, פירנדיק פאַרן האַנט אַ מענטשן פון אַ יאָר זיבן, אין הילצערנע שיך און אַ גרויען הוט ביזן אַקסל. ער שאָקלט מיטן קאָפּ, כדי אַראָפּצו־וואַרפן דעם הוט אויפן קאַרק, און ער פּאַלט אים אַלץ אויפן פּנים. די פרוי רייסט דעם הוט פון דעם קליינעם קאָפּ אַראָפּ, זינגט עפּעס און לאַכט. הויך אונטערוואַרפנדיק דעם הוט, פאַרריסן דעם קאָפּ, קוקט אויף איר דער יונג — אינגאַנצן אַ שמייכל, דערנאָך שפּרינגט ער אונטער, וויל דערלאַנגען דעם הוט, און ביידע ווערן זיי נעלם.

אַ וואוקסיקער מענטש אין אַ לעדערנעם פאַרטוך, מיט נאַקעטע גרויסע הענט, האַלט אויפן אַקסל אַ מיידעלע פון אַ יאָר זעקס, אַ גרויאינקע ווי אַ מייזעלע, און רעדט צו דער פרוי, וואָס גייט לעבן אים און פירט פאַר דער האַנט אַ אינגעלע מיט פייער־רויטע האָר.

— פאַרשטייסט, אויב דאָס וועט זיך צונעמען... וועט שווער זיין אונז בייצוקומען, האַ?

און פול, הילכיק־זיגעריש לאַכט ער און שרייט אויס, אונ־טערוואַרפנדיק זיין קליינע מאַסע אין דער בלויער לופט: עוויוואַ פאַרמאַ!

די מענטשן צעגייען זיך, פירן און טראָגן אַוועק מיט זיך די קינדער. אויפן פּלאַץ בלייבן צעטראָטענע בלומען, פּאַפּירלעך פון צוקערקעס און איבער זיי די איידעלע פיגור פון דעם מענטשן, וועל־כער האָט אַנטדעקט די נייע וועלט.

און פון די גאַסן גיסן זיך שוין, אַזוי ווי פון גרויסע טרו־מייטן אַרויס, פריילעכע געשרייען פון מענטשן, וואָס גייען אַנט־קעגן דעם נייעם לעבן.

א. רייזען.

# צום מלוה

(פון תומש)

ווען דיין ברודער, אַ געדריקטער,
איינגעהויקערט, איינגעבויגן;
מיט אַ דאַרן, בלאַסן פּנים,
מיט פאַרווײנטע, רויטע אויגן —

קומט צו דיר אָן עפּעס לייען
פאַר זיין הויזגעזינט אויף ברויט:
זיי־זשע, מלוה, ניט קיין מערדער,
שינד פון אים ניט אָפּ די הויט.

ווען עס וועט די נויט אים צווינגען,
ווי עס טרעפט אין בייזן לעבן,
דיר, אָ, מלוה, אַלס אַ משכון
ס'לעצטע בגד אַוועקגעבן, —

זאָלסטו נאָר דאָס בגד האַלטן
ביז די זון וועט אונטערקומען,
דען דאָס בגד איז זיין קאָלדרע,
און דו האָסט זי צוגענומען.

אָ, זיין איינציק לעצטן בגד,
זאָלסט אים, מלוה, ווידערקערן:
ביינאַכט וועט ער צו מיר וויינען,
כ'וועל ניט שווייגן זיינע טרערן...

ש. פּרונ.

# צום ברודער

מיין ברודער! שלעבט איז דיר, איך ווייס;
נאָר גיי און טראָג דעם יאָך דעם שווערן.
שטיי שטאָלץ און קרעפטיק אויף דיין אָרט:
עס מוז, עס וועט דאָך ליכטיק ווערן!

ניט שרעקלעך איז די פינצטערניש —
ס'וועט אָנהויבן צו טאָגן;
די שטראַלן וועלן פון דער וועלט
די שוואַרצע נאַכט פאַריאָגן.

עס וועלן אויפוואַכן פון שלאָף
גאָר נייע לייט מיט נייע מוחות;
זיי וועלן ברענגען אויף דער וועלט
פיל נייע, פרישע, שטאַרקע כוחות.

פיל העלע שטראַלן, גרויסע ליכט
וועט דאמאלסט ווערן אָנגעצונדן;
דער שלאָפער וועט באַקומען קראַפט,
און ליכטיק ווערן וועט דעם בלינדן.

דאָס מוז זיין, ברודער!... אָבער איצט,
דערווייל — איז גאָט צו דאַנקען, כ'לעבן,
פאַר יעדן שטראַל, פאַר יעדן פונק,
וואָס צינדט זיך אָן אין אונזער לעבן!

א. ראַבאָי.

# דיקס זעלבסטמאָרד

דער מאָגערער, הויכער און לאַנגביינערדיקער דיק, מיט זיין שאַרפער איינגעפאַלענער פלייצע, פון וועלכער עס האָבן געהאנגען זיינע ריפּנביינער און אַרומגערינגלט זיין ליידיקן, פלאַטשיקן בויך, ווי מיט אייזערנע רייפן, האָט זיך געלאָזן איינשפּאַנען און געדרייט זיין הויכן, משונהדיקן קאָפּ צום וואָגן און אַוועקגעלייגט זיינע אויערן און זיי צוריק אויפגעשטעלט.

זיין באַלעבאָס האָט אים אָנגענומען ביים צוים נאָענט פון זיינע ליפּן, עפּעס אַ ברום געטאָן, ווי ער וואָלט זיך שעלטן און אָנגעהויבן צו גיין באַרג-אַרונטער אין וואַלד אַריין. דיק האָט אַ טראַכט געטאָן, ער זאָל זיך אַוועקשטעלן אָט דאָ ביים הויז, איינגראָבן זיינע פאַרערשטע פיס אין דער ווייכער ערד און ניט גיין. אָבער ער האָט זיך איבערגערעכנט, אַז דעם מיטל וועט ער דאָך ניט אָנווערן אין וואַלד צו באַווייזן: דערווייל ווייסט ער נאָך אַליין ניט, צו וואָס זיין באלעבאָס נעמט אים אין וואַלד אַריין.

דיק האָט דערפאַר אָנגעבויגן זיין הויכן קאָפּ, אַרויסגעשטעקט זיין בלאַס-ראָזעווען לאַנגן צונג אין אַ זייט פון צווישן זיינע גרויסע ליפּן און נאָכגעגאַנגען זיין באַלעבאָס.

אַן אָסיען-פליג האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דיקן אויפן קרייז און אָנגעהויבן בויערן אַ לעכל אין זיין דאַרער פעל. האָט דיק אויפגעהויבן זיין קורצן, צעפלאָנטערטן עק און מיט אים געוואָלט אַרונטערטרייבן די פליג. האָט זיין עק ניט געקענט דערלאַנגען יענעם אָרט, און דיק האָט געוואָלט אַ שפּרונג טאָן מיט זיינע אונטערשטע פיס. נאָר זיין באַלעבאָס האָט אים איבערגעשלאָגן מיט אַ געשריי:

„האָ, דיק!"

דערווייל איז מען געקומען צו אַ קופּקע מיט קורצע קלעצער אין וואַלד. דער באַלעבאָס האָט געמאַכט מיט דיקן אַ קרייז און אים גענומען שטופּן אויף צוריק. דיק האָט קוים געפּלאָנטערט מיט זיינע לאַנגע, דאַרע פיס, עטלעכע מאָל זיך אַליין אָנגעטראָטן מיט איין פוס אויפן צווייטן, אַזש עס האָט אים אין האַרץ פאַרקלעמט. דער בא

לעבאָם האָט אַ ברום געטאָן: האַ, דיק! אָפּגעלאָזן די צוים און אַוועק צו דער קופּקע קלעצער.

דיק האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז דאָ האָט מען אים אַריינ־געגנאַרט אין די שעפּטן, ווייל ער האָט באַלד דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ פון אַ קלאָץ אין דנאָ פון וואָגן, פון וואָס ער האָט זיך דער־שראָקן, אָבער באַלד זיך באַרואיקט און אָנגעהויבן צו מאַכן פּלענער, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דעם וואָגן, וועלכן זיין באַלעבאָס לאָדט אָן מיט קלעצער.

עס האָט ניט גענומען לאַנג, און זיין באַלעבאָס איז צוגעקומען, אים אַ גלעט געטאָן, אויסגעהוסט זיך און דיקן ווייטער אַ גלעט גע־טאָן ביים האַלז.

— גלעט מיך, גלעט מיך, — טראַכט זיך דיק און לייגט זיינע אויערן אַוועק און הויבט זיי צוריק אויף.

דער באַלעבאָס נעמט אָן דיקן ביים צוים נאָענט פון זיינע ליפּן, טוט אים אַ שלעפּ און אַ הויכן ברום: קום, דיק! האָט דיק אָבער איינגעגראָבן זיינע פאָדערשטע פיס אין דער ווייכער ערד און ניט גערירט זיך פון אָרט. טוט דער באַלעבאָס נאָך אַ העכערן ברום און אַ קלאַפּ מיט זיין פרייער האַנט דיקן אין די ליפּן אַריין. דיק האָט אַ טרייסל געטאָן מיט זיין קאָפּ, איבערגעדרייט עטלעכע מאָל מיט זיינע אויגן און אויסגעשטרעקט זיינע פיס ווי צוויי לאַנגע קלעצער: עס גייט ניט, פּעטערל!

ווערט דער באַלעבאָס פול מיט כעס און לאָזט אָפּ דיקס צוים, לויפט אַוועק און זוכט אויף אַ לאַנגן, גראָבן צווייג, קומט צוריק גיך און הויבט אָן צו „שניידן" דיקן איבערן רוקן און איבערן האַלז און איבער די פיס און איבער די דאַרע ביינער פון דיקס בויך.

דיק האָט פאַרקלעמט זיינע ציינער, געטאָן אַ שפּרונג אונטער מיט זיינע אונטערשטע פיס, אָנגעקלאַפּט אין וואָגן. דער באַלעבאָס האָט זיך דערשראָקן, נאָר באַלד געקומען צו זיך און אנגעהויבן ווייטער צו הרגענען דיקן, אַוואו דער שווערער צווייג האָט נאָר געקענט דערלאַנגען. דיק האָט אַ קרעכץ געטאָן, צוזאַמענגענומען זיינע כוחות, זיך אַ הויב געטאָן מיט זיינע אונטערשטע פיס און איינס נאָך אַנאַנדער געשפּרונגען און געקלאַפּט אין וואָגן, צעבראָכן אַ ברעטל און איבערגעבראָכן אַ שעפּט; איבערגעריסן אַ קייט, וועלכע האָט אים צוגעבונדן צום וואָגן, און זיך אַ דריי געטאָן אויף אַ זייט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דער גאַנצער וואָגן האָט זיך אַ הויב געטאָן אויף אַ זייט.

דער באַלעבאָס האָט זיך דערשראָקן, גיך אַ כאַפּ געטאָן דיקן פאַר די לייצעס, פאַר זיין נאָז און אים גענומען באַרואיקן. אויף דיקן האָט אָבער געציטערט די גאַנצע פעל פאַר כעס, און ער האָט געוואָרפן מיט זיינע פיס, און אַ רויך האָט געזעצט פון זיינע נאָז־לעכער. דער באַלעבאָס האָט געזען, אַז מיט גוטן און אויך מיט בייזן וועט ער גאָרנישט ניט קענען מאַכן, האָט ער גיך אויסגע־שפּאַנט דיקן; זיינע הענט האָבן געציטערט פון זיין אינערלעכער אויפרעגונג, און עס האָט אים לאַנג גענומען דאָס אויסשפּאַנען. אויס־געשפּאַנט, איז דיק אַוועק אַ פרייער, און דער באַלעבאָס האָט גיך געכאַפּט דעם גראָבן צווייג און אָנגעהויבן צו יאָגן דיקן. ער האָט אים געיאָגט און געיאָגט, ביז עס איז אים נמאס געוואָרן. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט אַזוי צו דעם לויפנדן דיק, אַ שפּיי געטאָן און געזאָגט: „דו וועסט שוין, דיקעלע, צו מיר אין שטאַל מער אין דיין לעבן ניט אַריינקומען״. דאַן האָט דער באַלעבאָס אַוועקגעוואָרפן דעם צווייג און גיך אַהיימגעגאַנגען. דעם טויער און פלויט האָט ער גוט פאַרמאַכט.

די ערשטע נאַכט, ווען עס איז נאָר פינצטער געוואָרן, האָט דיק געוואַרט ביים טויער, געהירזשעט און געוואַרט און געזען, אַז עס קומט קיינער ניט עפענען דעם טויער, איז ער זיך צוריק אין וואַלד אַוועק, זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ ווייכן אָרט און געקרעכצט פון די ווייטאָגן, וואָס ער האָט דערפילט אין זיינע ביינער. און עס האָט געקלעמט זיין האַרץ נאָך אַביסעלע שטרוי (קיין האָבער האָט אים דער באַלעבאָס סיי ווי ניט געגעבן). דעם צווייטן טאָג האָט דיק פאַרבראַכט אין וואַלד, אויפגעקליבן די פאַרטריקנטע גראָזן, געביסן יונגע צווייגלעך פון נידעריקע ביימער און געטרונקען אַ סך וואַסער, זיך אַלע מאָל דערמאָנט אָן דער היים, איז צוגעקומען צום טויער, געהירזשעט מיט אַ שוואַכער שטימע, נאָר קיינער האָט ניט געעפנט דעם טויער, איז ער געגאַנגען מיט אָן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ אין וואַלד אַריין.

נאָר אין אָוונט, אַז עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן פינצטער, האָט זיך דיק אַוועקגעשטעלט ביים טויער, געקוקט צום הויז פון זיין באַ־לעבאָס, געקוקט צו זיין שטאַל. איז עמעצער פון הויז אַרויסגעגאַנ־גען, האָט דיק אַ שוואַכן הירזשע געטאָן און געקוקט, טאָמער קומט מען צו עפענען.

מען האָט דעם טויער ניט געעפנט. עס איז שטאָק־פינצטער געוואָרן, און אַ קאַלטע נאַכט האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד.

דיק האָט גענומען ארומגיין אַלע פּלויטן, אפשר וועט ער געפינען אַ פּלאַץ אַן אָפּענעם, וואו ער וועט זיך קענען דורכשטופּן. די פּלויטן זיינען אָבער אַלע גאַנץ געווען און שטאַרקע אויך. ער האָט גע־פּרואווט הויבן זיינע פאָדערשטע פיס, אפשר וועט ער קענען אַרי־בערשפּרינגען דעם פּלויט, האָט ער אָבער נאָר געקענט שפּרינגען מיט זיינע אונטערשטע פיס.

דיק איז אַ פאַרצווייפלטער נאָכאַמאָל צוגעקומען צום טויער, זיך אוועקגעשטעלט און געקוקט צום ליכט, וואָס האָט פון אַ פענצ־טער פון זיין באַלעבאָסעס הויז דורכגעבויערט די פינצטערע נאַכט. ער האָט שוין ניט געקענט הירזשען, זיינע ציינער האָבן זיך צוזאַ־מענגעדריקט. ער האָט געטראַכט: געאַרבעט אַזוי פיל יאָרן, און עס האָט ניט ווער צו עפענען דעם טויער פאַר מיר...

נאָכדעם ווי דיק איז אַזוי אָפּגעשטאַנען אַ לאַנגע צייט ביים טויער, און מען האָט דאָס ליכט אין הויז אויך אויסגעלאָשן, איז ער אַוועק אין וואַלד. ער האָט קוים געפּלאָנטערט מיט זיינע פיס און איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין זיינע געדאַנקען, אַז ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל אָנגעשטויסן אָן בוימער. ער האָט פּלוצים דערפילט אַזוי שוואַך, נאָר צום פאַלן. אַוועקלייגן זיך האָט ער אָבער מורא געהאַט, טאָמער וועט ער שוין מער ניט קענען אויפהויבן זיך פון דער ערד. דאָס האָט ער געוואוסט,אַז פון צייט צו צייט איז אים שווערער זיך אויפצוהויבן אויף די פאָדערשטע פיס.

האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט מיט זיין קאָפּ אָן אַ בוים. דער בוים איז געווען פון שטאַם צעטיילט אין צוויי גראָבע, לאַנגע צווייגן. רוקט ער אַריין זיין קאָפּ צווישן די צווייגן. זיינע פאָדערשטע פיס נעמען זיך אים בויגן, און ער שפּאַרט זיך אָן אויף זיין האַלז. עס האָט אים גענומען וואַרגן אין האַלז. פּרואווט דיק אַ שלעפּ טאָן זיין קאָפּ פון צווישן די צווייגן און ער ווערט פאַרכאַפּט און קען שוין זיין קאָפּ ניט אַרויסציען.

ער האָט איינגעגראָבן מיט זיינע לעצטע כוחות די פאָדערשטע פיס אין דער ווייכער ערד, זיינע אונטערשטע פיס האָבן זיך איינ־געבויגן, און מיט דעם געוויכט פון זיין מאָגערן קערפּער האָט ער אַ שלעפּ געטאָן זיין קאָפּ, וועלכער איז נאָך טיפער אַריין צווישן די צוויי צווייגן און איז אינגאַנצן געבליבן הענגען.



מאַני לייב.

# די ווינטער נויט

נאָך שלאָפט די גרויע גאַס אין קעלט און שניי געשמידט.
דער ווינט, וואָס האָט קיין היים ניט, — אים נאָר שלאָפט זיך ניט.
און ווי די גאַנצע נאַכט, טרייבט ער אין גאַס זיך אום
און וויִט מיט שניי און שטויב און פייפט זיך בייז און שטום.

און אין די מויערן — די מענטשן ווערן וואַך,
און קליינע פייערלעך אין פענצטער פינקלען שוואַך,
און אויף די מויערן — צעציט זיך ווי אַ שטריק
דער ערשטער הייזעריקער פייף פון אַ פאַבריק.

ווער איז דאָס יענער ערשטער אין דעם נייעם טאָג,
וואָס איז געבליבן שטיין אַ רגע אויפן ראָג,
און קוקט זיך אום אַרום מיט אויגן — סם און האַס
און שפּאַנט אַוועק אַ מידער אין דער לענג פון גאַס?

דאָס איז די אַלטע, קאַלטע גרויע ווינטער נויט;
זי כאַפּט זיך אויף די ערשטע שעלטנדיקערהייט,
זי קומט אין גאַס די ערשטע — שעלט אַזוי און שפּאַנט,
און טראָגט אַן עמער קוילן אין איר דאַרער האַנט.

ת. כיסין.

# דער ברונעם אין ראשון לציון

(פון טאָגבוך פון א בילוער)

זינט אונזער קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרן, האָבן זיך ביי אונז אָפט געביטן מאָמענטן פון פרייד און פון צער. אָבער די גאַנצע צייט האָט געהאנגען איבער אונזערע קעפּ א שווערער וואָלקן: דער ברונעם האָלט שוין דרייסיק מעטער די טיף, און קיין וואסער זעט מען נאָך אַלץ ניט.

די שווערע וואסער־פראַגע האָט אונז ניט געלאָזט רוען: די סאַמע עקזיסטענץ פון אונזער קאָלאָניע הענגט דאָך אָפּ אָן דעם. טאָג ווי נאַכט האָט אונז געעקבערט אין מוח די פראַגע: וועלן מיר טאַקע מוזן זיך פאַנאַנדערגיין און ווידער לאָזן וויסטעוועון אָט די פעלדער, וואָס מיר האָבן מיט אונזער שווערער מי צו תחית־המתים אויפגעוועקט? אָט די נייע הייזער אונזערע, פול מיט לעבן — זאָלן זיי ווערן וויסטע חורבות, וואָס זאָלן יעדן פאַרבייגייער דערציילן די טרויעריקע געשיכטע פון אונזער זיין דאָ?

טאָג נאָך טאָג איז זיך דער עולם צונויפגעקומען ביים ברונעם, איז געשטאַנען, געוואַרט אויף דער פריילעכער בשורה און האָט זיך אהיימגעקערט מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ. וואָס טיפער מען גראָבט, אַלץ פאַמעלעכער ווערט די אַרבעט.

די אַרבעט איז דערווייל איבערגעריסן געוואָרן ביז ס'איז אָנגעקומען דער עקבער פון פאַריז. האָט מען זיך ווידער גענדאַרפט נעמען צו דער אַרבעט. א פּאָר קאָלאָניסטן האָבן זיך געוואָלט אראָפּלאָזן, נאָר ווען זיי האָבן זיך שוין געפונען איבערן טיף־אָפענעם גרוב, האָט זיך זיי פאַרדרייט דער קאָפּ. מען האָט גענדאַרפט דריי מענטשן אין דער נידער: צוויי צו דרייען דעם עקבער און איינעם זיי צו פאַרבייטן. איך און נאָך צוויי האָבן זיך פרייגעוויליקט.

די אַרבעט אין ברונעם איז געווען זייער א שווערע. מען פלעגט אונז אַראָפּדערלאַנגען אונזער עסן אין גרוב אַריין, און מיר זיינען דאָרט געבליבן דעם גאַנצן טאָג. ווען מיר פלעגן אָוונט־צייט אַרויפקומען, פלעגן די קאָלאָניסטן אונז אַרומרינגלען און אונז פאַר־

ווארפן מיט נייגעריקע פראגן. מען פלעגט אויפמערקזאם באַטראַכטן יעדעס ביסל ערד, וואָס האָט זיך אָנגעקלעפּט אינ׳ם עקבער. אומזיסט האָבן מיר געזוכט וועלכע ס׳ניט איז סימנים אָן דער ערד. מיר האָבן שוין אויפגעגראָבן נייע צען מעטער די טיף, און ס׳קומט נאָך אַלץ אַרויף דערזעלבער זאמד, וואָס זאָגט נאָך אַלץ גאָרניט ניט צו...

איינמאָל, ווען מיר האָבן שוין געהאַט אויפגעגראָבן אַ דרייצן מעטער, האָבן מיר פּלוצלונג דערפילט ווי דער עקבער לאָזט זיך לייכט אַראָפּ אַלץ טיפער און איז מיט אַמאָל אריין אַ נייעם האַלבן מעטער אָן דער געוויינלעכער אָנשטרענגונג פון אונזער זייט. האָבן מיר אים געוואָלט אַרויפציען, לאָזט ער זיך ניט. ס׳האָט זיך איבערגעריסן דער שטריק. האָבן מיר אָנגעקניפּט אַ נייעם שטריק און דער עקבער איז קוים, קוים אַרויף. ס׳איז געווען אויף אים נאָך אַ צוויי-דריי סענטימעטער זאמד. האָבן מיר אים ווידער אַרונטערגעלאָזט, און ער האָט זיך יעצט אָפּגעשטעלט ביי די ערשטע דרייצן מעטער, גלייך ווי דער האַלבער מעטער, וואָס ער האָט ערשט געהאַט אויפגעגראָבן, איז ווידער פאַרשטאָפּט געוואָרן. מיר זיינען שטאַרק פאַרוואונדערט געווען און האָבן ווייטער געגראָבן. דער עקבער איז לייכט אריינגעזונקען, און ווען ער איז שוין געווען אַ נייע אנדערהאַלבן מעטער אין דער טיף, האָבן מיר אים ווידער אַרויסגעשלעפּט. צו אונזער גרויסער פאַרוואונדערונג איז ער ווידער געווען ליידיק. בלויז אַ קליין ביסל זאמד האָט זיך אויף אים געוויזן! ס׳האָט ביי מיר אויפגעבליצט אַ געדאַנק: „רבותי, — האָב איך אויסגעשריען — דאָ איז פאַראַן וואַסער!”

— וואו? ווען? וואָס פעלט דיר איין?

— די ערדשיכט, וואו דאָס וואַסער געפינט זיך שוין, איז דאָך געווים זייער ווייך, דערפאַר איז דער עקבער אין איר אַזוי לייכט אריין. ווען מיר האָבן אים אַרויפגענומען, האָט די פייכטקייט פון אים אָפּגערונען, און דער זאמד האָט זיך אין אים אַריינבאַקומען פון רייבן זיך אָן די זייטן. נאָך עפּעס: צוויי מאָל איז דער עקבער שווערלעך אַרויפגעקומען; דאָס איז זיכער צוליב דער בלאָטע, וואָס האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט ביי די זייטן.

מיינע חברים האָבן זיך קוים געקענט גלויבן אַזאַ גרויס גליק.

— פאַרוואָס-זשע איז דער עקבער גאָרניט ניט פייכט? ניין,

מיר מוזן זיין פּאָרזיכטיק. פאַרוואָס זאָלן מיר פאַרפירן די מענטשן מיט פוסטע האָפנונגען?

דערווייל האָט זיך אויבן צוזאַמענגעקליבן אַ געדיכטער עולם, וואָס האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך באַמיט אויפצוכאַפּן כאָטש אַ פּאָר ווערטער פון אונזערע רייד. איך האָב שוין ניט געקענט צוריקהאַלטן די בשורה, וואָס איך בין מיט איר אזוי זיכער געווען, האָב איך מיטן גאַנצן כוח אויסגעשריען: „וואַ—אַ—ס—ער!"

מיינע חברים זיינען אויך געוואָרן פעסטער אין זייער איבער־צייגונג און האָבן נאָכגעשריען: „וואַ—ס—ער! וואַ—ס—ער! לאַנג לעבן זאָל ראשון לציון!"

משוגענע פרייד־געשרייען האָבן אָפּגעהילכט אין דער לופטן.

— וואַסער! וואַסער! — האָט אָפּגעקלונגען איבערן ברונעם.

ווי אַ בליץ איז דורכגעפלויגן די פריילעכע בשורה איבער דער גאַנצער קאָלאָניע. אַלע זיינען זיך שנעל צוזאַמענגעלאָפן פון די פעלדער. ס'איז ניט געבליבן אפילו קיין קינד אין וויג. אַלע, פון קליין ביז גרויס, האָבן זיך געריסן און געצויגן צום ברונעם, צום לעבעדיקן קוואַל. אין דער לופטן האָבן זיך געטראָגן די טויב־מאַכנ־דיקע שיסערייען און די אויסגעשרייען: הידד! וואַסער! מען איז געשפּרונגען; מען האָט געטאַנצט און געדאַנקט גאָט; מען האָט זיך אַרומגענומען און געוויינט פאַר פרייד ווי קליינע קינדער. ס'איז ניט געווען איינצושטילן די צעהוליעטע מענטשן. מען האָט אונז אַרונטערגעוואָרפן אַ צעטעלע, מען האָט זיך געבעטן רחמים: „נאָר איין טראָפּן וואַסער!" מיר האָבן אַריינגעדרייט דעם עקבער און האָבן אַרויפגעבראַכט נאָר אַביסל פייכטן זאַמד. — גרויסער גאָט! וואָס טוען זיי דאָרט אויבן מיט דער בלאָטע? מען צעכאַפּט זי איי־נער ביים אַנדערן, מיט אַן אומבאַשרייבלעכן גליק...

דער עולם האָט געפאָדערט אַז מיר, די העלדן פון טאָג, זאָלן אַרויפקומען, און ווען איינער פון אונז האָט זיך געוויזן איבערן ברונעם, האָט מען אים אַרומגענומען, געקושט, אים געוואָרפן אין דער לופטן משוגענערווייז.

אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען זיך צוזאַמענגעקומען געסט און אונז וואָרעם באַגריסט.

מיר האָבן דאָן פאַרבראַכט אַ זעלטענעם טאָג.

(פון „יומן אחד הבילוים")

מ. כאַריזמאַן.

# דאָס ערשטע אַקערן

שלמה שפּי, אַ ניי-צוגעקומענער חבר אין דער אַרבעטער קבוצה אין עין-זוהר, איז איין הערבסט-פרימאָרגן געשיקט געוואָרן מיט אַ פּאָרל מוילאייזלען און אַן אַקער אין פעלד אַריין צו פאַרענדיקן אויפ-אַקערן אַ קליין שטיקל פעלד.

ניטאָ קיין לייכטערע און ליבערע אַרבעט ווי אַקערן — ווען דער באָדן איז ווייך און פלאַך, די בהמות זיינען רואיק, און דער פּויער איז געניט אין דער אַרבעט. דו בינדסט דיר צו די עקן פון די לייצעס צום הענטל פון אַקער פון איין זייט, די בייטש שטעקסטו דיר אַריין אין דעם לעכל פון׳ם הענטל פון דער אַנדערער זייט, דו פאַרלייגסט זיך די הענט אויפן האַרצן און דו גייסט דיר געמיטלעך נאָכן אַקער, אַט ווי מען גייט שפּאַצירן. ביסטו מיד געוואָרן גייענדיק, גיסטו די בהמות אַ צייכן, בלייבן זיי שטיין, זעצסטו זיך צו און רוסט זיך דיר אָפּ. אַז דו ווערסט דורשטיק, וואַרט שוין אויף דיר ערגעץ אין מיטן פעלד, אין שאָטן פון אַ געדיכטן סיקאָמאָר, אַ קריגל קאַלט וואַסער, איבערגעדעקט מיט אַ לימאָן אָדער גאָר מיט אַ פרישן בלאַט פון אַ נוסבוים. דו קענסט זיך אַפילו אַביסל צוזעצן אין שאָטן און פאַררויכערן, אָדער סתם אַזוי זיך זיצן און זיך פאַרקוקן — אויפן הימל, אויף די בערג, אויף די פויגעלעך, ווי זיי פליען און שוועבן איבער גאָטס לופט, און זיך פאַרטראַכטן... דו דאַרפסט זיך גאָר ניט איילן: דער טאָג איז לאַנג, די זון באַקט, און סיי דער מענטש, סיי די בהמה דאַרפן זיך אַביסל אָפּרוען. אַמאָל דערטראָגט זיך צו דיר פלוצלונג, דורך דער שטילער לופט, דער אָפּקלאַנג פון אַ גלעקלגעקלאַנג. קוקסטו זיך אום, דערזעסטו פון וויטן אַ קאַראַוואַן קעמלען ציט זיך פּאַמעלעך ווי פאַרחלומטע, ווי אַ וואָלקן-קייט, וואָס בלאָנדזשעט אום אויפן הימל-ברעג; זיי גייען און פאַרשווינדן שטילערהייט אין די בלויע בערג-קייטן.

דער שטיק באָדן, וואָס איז שלמהן אויסגעקומען אויפצואַקערן, איז אָבער געווען אַ שטיינערדיקער, באַרג-אַראָפּ און באַרג-אַרויף. ווי איינצואָרדנען דעם אַקער האָט ער נאָך אויך ניט געוואוסט, און ווי צו-להכעיס האָט ער געקראָגן אַ פּאָר פּרדות, וועלכע זיינען פּונקט אַזוי וויניק געוואוינט צום אַקערן, ווי זייער אָנטרייבער, און דערצו זיינען זיי אויך, לויט זייער נאַטור, געווען פאַרעקשנטע און האָבן געהאַט זייער אַ מאָדנעם גאַנג...

איין אייזל, מיטן נאָמען זרקה, איז געווען כיטרע ווי אַ שלאַנג און גאָרניט קיין פריינדלעכע. די צווייטע, תבורה, פאַרקערט, האָט געהאַט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ און איז דערצו געווען מוראַדיק פאַר־עקשנט; האָט זי זיך אָוועקגעשטעלט, איז ניט געווען זי צו רירן פון אָרט, אָבער אַז זי האָט זיך שוין אַ ריר געטאָן, האָט זי זיך גע־טאָן פלוצים אַ צעפלאַשע מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז ס׳איז גאָרניט ניט געווען דער כוח אין דער וועלט, וואָס זאָל זי קענען איינהאַלטן.

שוין באַלד אַ שעה, אַז שלמה קעמפט מיט זיינע בהמות אין פעלד, שרייט אויף זיי, זידלט זיי, שמייסט זיי מיט דער בייטש — נאָר גאַנץ אומזיסט. זרקה דרייט זיך אַפיר פון הינטער די לייצעס, דריגעט אין דער לופטן מיט אירע הינטערשטע פיס און לאָזט אַרויס פון מויל אַזעלכע משונהדיק־גרילצנדיקע צוויטשערייען, ווי אַ רויב־פויגל. תבורה אָבער בויגט אָן איר שווערן קאָפּ, טוט אַ פּאָר קלעפּ מיט אירע קאָפּיטעס אָן דער ערד און גיט עפּעס אַ פאַרדעכטיקן צי מיט די ברייטע נאָזלעכער. לאַנג געדויערט אָט דער מאָדנער קאַמף מיט די אייזלען. שלמה ווערט שוין גאָר פאַרצווייפלט, און באַ־שליסט באין־ברירה זיך אָפּשטעלן, וואַרטן און זען, וואָס דאָ וועט ווערן. פלוצלונג, פלי, פלי! די אייזלען שלעפּן שלמהן ווי דער וויכער, זיין קאָפּ־צודעק פליט אום אין דער לופטן, און זיין אַקער שפּרינגט אַרום אויף דער האַרטער ערד, ווי ס׳שפּרינגט דער בויגן איבערן פידל ביי אַ ניט־געניטן שפּילער.

מיט גרויס מי איז דעם אָרעמען שלמהן קוים געלונגען צו באַ־רואיקן די פּרדות, און זיי האָבן כלומרשט אָנגעהויבן גיין גלייך. אָבער אין אַ פּאָר מינוט אַרום — נאַ דיר אַ נייע צרה! דער פלאָקן, וואָס האַלט דעם אַקער אין פלאַץ, איז פונ׳ם שטאַרקן לויפן לויז געוואָרן, און די מעסערדס האָבן גענומען צו טיף זיך איינ־גראָבן אין דער ערד. קריכט שוין שלמה אַראָפּ און נעמט זיך צורעכט מאַכן דעם אַקער און צוטרעפן צו דער געניויער מאָס טיפ־קייט, נויטיק פאַרן אַקערן — אָבער אָנשטאָט אַביסל אויפצוהויבן די מעסערס, האָט ער זיי נאָך טיפער אַרונטערגעלאָזט.

שלמה פּאָרעט זיך נאָך דאָ און דאָרט, באַמיט זיך צו טרעפן וואָס ער דאַרף דאָ טאָן. און דאָ, מעשה שטן, האָבן זיך אָנגע־הויבן צו קלייבן וואָלקנס איבערן הימל. זיי הורדען זיך צונויף און פאַרשפּרייטן זיך מיט אַ פחדימדיקער שנעלקייט איבער דעם גאַנצן הימל. ס׳ווערט גוט טונקל, און ס׳הויבט פלוצלונג אָן גיסן אַ שטאַר־קער רעגן און דערביי הויבט זיך אָן צו קייקלען אַ לאַנג אויסגעצויי־גענער דונער, ווי דאָס ברומען פון אַ ריזיקער חיה.

ס׳איז שלמהן יעצט אויסגעקומען, אַז גאָט, די נאַטור — אַלע האָבן זיך אויף אים פלוצלונג פאַרלייגט. ער האָט אַראָפּגעקניט און האָט זיך אַוועקגעזעצט אונטערן בויך פון איינער פון די פּרדות, זיך ווי ס׳איז אביסל צו באַשיצן פונ׳ם רעגן. די ערד אונטער אים האָט אָפּגעציטערט פונ׳ם אָפּקלאַנג פון די ווייטע, שטאַרקע דונערן און די גאַנצע לופט איז געוואָרן איין גרויס שטיק מאויםדיק פינצ־טערניש. אין מיטן פון דער חשכות האָט ער געקענט זען נאָר איין תבורהן, וועלכע האָט אים באַשיצט מיט איר ווייסן בויך. דאָס נאָענט זיין לעבן דער בהמה אין מיטן פון דער גרויסער איינזאַמקייט אויף דער שטורעמדיקער נאַטור, האָט אים אַביסל אונטערגעגעבן מוט. ער האָט זיך אַלץ נענטער צוגעדריקט צום וואַרעמען בויך פונ׳ם אייזל, וואָס איז געשטאַנען איבער אים. ס׳האָט זיך אים דאַן אויסגעדאַכט, אַז די בהמה איז זייער נייגעריק אים גוטס צו טאָן. זי איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פאַרטיפט אין שטילן צער. ווען ער איז געלעגן און באַטראַכט די בהמה, האָט זיך אין אים דערוועקט אַזאַ שטאַרקע, גרענעצלאָזע ליבשאַפט און רחמנות, וואָס ער האָט שוין ניט געפילט צו אַ בעל־חי זייט יענער צייט, ווען ער איז נאָך גאָר אַ קליין קינד געווען.

— — — — — — — — — — — — — —

דער ווייטער אָפּקלאַנג פון בהמישע טריט האָט אים אויפגע־וועקט. ער האָט זיך אויסגעריבן די אויגן און האָט זיך ארומגע־קוקט. וואו איז ער? האָט ער ווירקלעך איינגעדרימלט? די דונערן זיינען איינגעשטילט געוואָרן; דער רעגן גייט שוין מער ניט. די שטראַלן פון דער זון קוקן שוין דורך ערטערווייז דורך אָפּגערי־סענע שטיקער וואָלקן. אַ לייכטינקע נעץ פון וואַסער־טראָפּן, לווי־טערע ווי פרימאָרגן־טוי, איז נאָך קרומלעך געהאַנגען אין דער ריי־נער לופט; די לופט איז פאַרקלונגען געווען פונ׳ם צווישערן פון ווייטע פויגעלעך. דאַן האָט שלמה דערזען זיין פּאָר פּרדות. זיי זיינען געשטאַנען ניט ווייט פון אים און האָבן לייכט געגריזשעט דאָס פרישע גראָז. זיי זיינען ביידע געווען ריין אָפּגעוואַשן און האָבן יעצט אויסגעזען לייכט און צאַרט, ווי אַ שיין פּאָרל פויגעלעך. ער איז צו זיי צוגעגאַנגען, האָט זיי געגלעט ליבלעך און האָט זיי גוט באַטראַכט. אויך זיי האָבן זיך צו אים צוגעלאָזט מיט אויס־געשטרעקטע העלזער, האָבן אים אָנגעקוקט, און האָבן אים גע־שמעקט מיט זייערע נאָזלעכער.

אַ וואַרעמער, ליכטיקער שטראָם האָט זיך צעגאָסן איבער זיין

גאַנצן גוף און אַלעס, וואָס איז געשען ביז איצט, האָט זיך אויסגע־מעקט פון זיין האַרץ און איז צונישט געוואָרן.

יענעם טאָג איז שלמה שפּי שטאַרק צוגעבונדן געוואָרן צו דער נאַטור, צו די בעלי־חיים און איז געוואָרן אַן ערד־אַרבעטער אויף די גליל־בערג.



ש. ש. פּרוג.

# ליד פון אַרבעט

פאַר אייך, מיינע אָרעמע ברידער און שוועסטער,
וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט אויף דער וועלט,
וואָס קריכן און בלאָנדזשען אויף טויזנטער וועגן,
אין רעגן, אין שטורעם, אין היץ און אין קעלט.

פאַר דיר, אוי, דו אייביקער קרעכצער און זיפצער,
פאַרשוואַרצטער, פאַרקלאָגטער, פאַריאָמערטער איד,
טוט שאַלן און זינגען און הילכן און קלינגען
מיין פרישעם, מיין לעבעדיק־פריילעכעם ליד.

אין טויזנטער שטראָמען גיסט זיך דאָס לעבן
און קומט פאָרט צום אַלטן, צום אייביקן ברעג....
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער, אַ זומפּיקער וועג.

אָ, לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זיינגט, גריסט זי פון האַרצן ליבנד און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

געבענטשט זאָלן זיין דער וואַרשטאַט, דאָס שפּינדל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם א בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער און זומפּיקער וועג.

געשמאַק זיינען, ברידער, דעם שררהס מאַכלים!
געשמאַקער פון אַלעם — דאָס שטיקעלע ברויט,
וואָס ציט זיך פון איינענער, ערלעכער אַרבעט
מיט שוויים און מיט מי, אַבי נאָר אָן נויט.

געשמאַק איז דעם שררהס שלאָף אין זיין צימער,
אויף ווייכינקע קישעלעך, וויסע ווי שניי;
געשמאַקער — אַ שלומער פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט
אין פעלד אויף אַ קאָפּיצע פרישינקע היי.

דער סערפּ איז פון שטאָל, די סאָכע — פון אייזן:
קיין צירונג קיין גרויסע זיינען זיי ניט —
אין זיי אָבער ליגט אונזער קראַפט, אונזער לעבן,
אָן זיי איז אוממעגלעך איין איינציקער טריט.

טאָ לויבט־זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון הארצן ליבנד און היים!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאַזאָליעם,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!



בעל־מחשבות.

# די וויכטיקייט פון ליטעראַטור

מיר ווילן דאָ אין קורצע ווערטער אָנווייזן, ווי נויטיק און וויכטיק עס איז די שיינע ליטעראַטור, די פּאָעזיע פאַר יעדער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

נאָך ביז היינטיקן טאָג קוקן אַ סך לעזער אויף אַ פּאָעטיש ווערק, אויף אַ גוט ליד, אַ גוטע דערציילונג, — ווי אויף אַ פּוסטער זאַך, מיט וואָס מען צעשלאָגט זיך נאָר די צייט.

דאָס איז אַ שרעקלעכער טעות! מען דאַרף וויסן, דאָס דער אמתער

פּאָעט האָט אין זיין דערציילונג אָדער אין זיין ליד אויסגעגאָסן אַ טייל פון זיין נשמה. גוטע ראָמאַנען, גוטע פּאָעזיע שרייבט מען נאָר מיט בלוט און מיט נערוון. דער גוטער קינסטלער, וואָס שילדערט און צעגלידערט דאָס מענטשלעכע לעבן, זעט קלאָרער און פילט טיפער, ווי דער געוויינלעכער לעזער. אין דער שיינער ליטעראַטור איז ניט דאָס מעשהלע, ניט דער אינהאַלט וויכטיק, נאָר די געשטאַלטן, אָדער די סיבות אַרום, וואָס האָבן געבראַכט דערצו. יאָרנלאַנג קוקט זיך צו דער פּאָעט צו די פאַרבאָרגענע ליידן און פריידן, צו די באַהאַלטענע סיבות פון מענטשלעכן מזל, און דאָס, וואָס ער זעט, שילדערט ער אָפּ אין קלינגענדיקע, אָפּגעטאַקטע ווערטער. דאָך צווישן די שורות פילט מען, ווי עס קלאַפּט און עס קאָכט אַ לעבעדיק האַרץ, דאָס האַרץ פון פּאָעט. און די אייגענע געפילן, מיט וועלכע עס ווערט געשריבן אַ גוט ווערק, ווערן אויך דערוועקט ביים מיטפילנדן לעזער.

די ווירקונג פון פּאָעט אויף די, וועלכע לייענען אים מיט כוונה, איז ניט אָפּצושאַצן: די פאַרשלאָפענע פאַנטאַזיע הויבט אָן צו אַרבעטן; זאַכן, וואָס זיי האָבן קיינמאָל אין לעבן ניט באַמערקט, כאָטש זיי ליגן ביי דער האַנט, ווערן מיט אַמאָל פאַר זיי קלאָר און לעבעדיק; פאַרשיידענע געפילן הויבן אָן אין זיי זיך צו רירן, און ניט וויסנדיק ווי אַזוי, הויבן זיי אָן צו זען, צו פילן און צו דענקען מיט די אויגן, מיט דעם האַרצן און מיט דעם מוח פון דעם פּאָעט.

דער בליק פון אַ פּאָעט איז שאַרפער, ווי דער בליק פון׳ם געוויינלעכן לעזער, זיין האַרץ איז ציטעריקער און פילט ריינער, איידעלער און הייליקער. דורך זיין קונסט מאַכט ער דעם לעזער זעענדיקער, ריינער און איידעלער. דער פּאָעט האָט ליב אַלצדינג, וואָס לעבט און שטרעבט צו פרייער לופט און צו ליכטיקייט. ער האָט פיינט אַלץ, וואָס איז טויט, מאַט און פאַרפוילט. עס פאַרנעמט אים דאָס האַרץ, ווען ער זעט ווי אַלטע פאַרפוילטע בוימער לאָזן ניט אויפקומען דורך זייערע שאָטנס יונגע נייע פלאַנצן, און ער וועקט אויף ביים לעזער די אייגענע ליבשאַפט צום לעבן, די אייגענע שנאה צו די שלעכטע סיבות און מונטערט אויף ביי אים אַ לוסט אַרויסצוגיין אויף אַ מלחמה אנטקעגן די בייזע קרעפטן, וואָס שטיקן און דריקן דאָס מענטשלעכע לעבן.

דערפון זעט מען, דאָס צוליב דעם פּאָעט וועקן זיך אויף ביים פאָלק אַ סך איידעלע און טיפע געפילן, די קרעפטן צו אַרבעטן פאַר אַ בעסערער צוקונפט שפּאַנען זיך אָן, ער שפּרייזט צו די וויכטיקע צילן מיט מער מוט און מיט מער כוח. און דעריבער שעצן די געבילדעטע פון פאָלק אַזוי הויך דעם פּאָעט, האַלטן גרויס זיין נאָמען ביי זיך אינדערהיים און שטאָלצירן מיט אים אין דער פרעמד. (אויסצוג פון עסיי איבער פּרצן).

י. אַדלער.



# מיר ווען קיין קאָרן...

מיר וועלן קיין קאָרן, קיין ווייץ און קיין גערשטן ניט האָבן,
די פעלדער די ברייטע — זיי שטייען אין גריבער צעגראָבן.
מיר וועלן קיין שאָף און קיין רינד אויפן פעלד מער ניט האָבן,
די פעלדער — זיי זיינען פאַרנומען מיט מתים און ראָבן...
די בוימער — זיי שטייען באַלאָדן מיט עפל און באַרן —
זיי וועלן אַזוי אויף די צווייגן פאַרפוילן, פאַרדאַרן...
די אינגסטע, די קרעפטיקסטע מענטשן — זיי שטייען אין פלאַקער —
ניטאָ, ווער ס'זאָל זייען און פלאַנצן און פירן דעם אַקער.
די פעלדער — זיי זיינען פאַרנומען מיט מתים און ראָבן —
מיר וועלן קיין קאָרן, קיין ווייץ און קיין גערשטן ניט האָבן...



ש. אַש.

# מלחמה

## א

די זון האָט זיך אָנגעהויבן צו זעצן ביים עק הימל. די לאַנד-שאַפט איז געווען אַ גלייכע, אַ ברייטע, און דער הימל איבער דער לאַנדשאַפט איז געלאָפן רונדיק אַרום, און דער גאַנצער זוים פון הימל איז געווען באַגאָסן מיט אַ רויטן ליכט, וואָס האָט זיך רויטלעך אָפּגעשפּיגלט אומעטום.

דאָס לאַנד האָט זיך ביים עק הימל געבלייכט. עס האָט זיך עפּעס וואָס געוויזן, וואָס מען האָט נישט געקענט פון דערווייטנס אונטערשיידן, צי דאָס זיינען הייזער, בערג אָדער ווייטער וואַלד. וואָס נענטער מען איז געקומען, האָט זיך דייטלעכער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זיינען וואָלקנס רויך, וואָס גייען אויף פון דער ערד אין הימל אַריין. די סאָלדאַטן האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָרטן איז עס. ביי אַ טייל האָבן די הערצער אָנגעהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן, אַ טייל זיינען שוין גלייכגילטיק געוואָרן. דער וועג איז יעצט גראַדע געווען אַ בעסערער, די גריבער האָבן זיך שוין מער ניט געוויזן, אויך די לאַנגע שורות אויפגעגראָבענע ערד האָבן זיך געזען זעל-טענער, נאָר פון צייט צו צייט איז אויסגעקומען איבערצושפּרינגען אַ טויטן זעלנער, וואָס איז געלעגן אַ פאַרלאָזענער אין פעלד. דער טויטער זעלנער, מיט דער ביקס אין דער האַנט און דאָס, וואָס מען האָט אים אָנגעטראָפן אַזוי פּלוצלונג, אומדערוואַרטעט — דאָס האָט נאָך מער אָפּגעשראָקן, ווי די שוואַרצע גריבער. די פאַנטאַזיע ביי יעדן סאָלדאַט האָט געאַרבעט: איך קען אויך אַזוי זיין ווי ער...

דער וועג איז שווערער געוואָרן, די ערד שרעקלעך צעטראָטן און צעפאָרן. די זעלנער זיינען געגאַנגען אין טיפער זאַמדיקער ערד דורכגעפלאָכטן מיט אַזאַ מין גראָז, ווי קאָנישינע, וואָס האָט זיך געבונדן אָן די פיס. עס איז אויך טונקעלער געוואָרן. עס איז אָבער געווען פיל היימישער און פריילעכער. מען האָט אָנגעטראָפן פיל, פיל וועגן, פערד, אויטאָמאָבילן. הויכע „נאַטשאַלסטווע״ איז געשטאַנען אויף אַ בערגל און גערעדט. מען האָט זיך מיט אַמאָל אַרומגעזען, אַז מען איז זייער, זייער פיל, און נישט זיי אַליין גייען,

נאָר פון אַלע זייטן קומען אָן פּאָלקן, סאָלדאַטן און סאָלדאַטן: אינ־פאַנטעריע, רייטערס, אַרטילעריע. זיי האָבן ניט געוואוסט, פון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען מיט אַמאָל אַזוי פיל סאָלדאַטן, נאָר זיי האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט און די גאַנצע ערד איז פול מיט זיי, וואָרום וואו דאָס אויג האָט נאָר געקענט דערגרייכן, האָט מען געזען און געהערט אונזעריקע. פּאַקלען האָבן געברענט. ליכט־וואַרפער האָבן געשיינט, באַלויכטן אַמאָל דאָ און אַמאָל דאָרטן, און וואו זיי האָבן געוואָרפן זייער ליכט, זיינען באַלויכטן געוואָרן סאָלדאַטן. פון דערווייטנס האָט זיך געהערט אַ באַשטענדיקעס שיסן: קראַך, קראַך, קראַך, נאָר עס האָט שוין קיינער דאָס ערשט נישט באַמערקט און נישט געהערט. דאָס שיסן איז פאַרטויבט געוואָרן אין דעם רעש פון די סאָלדאַטן. פון די וועגן און פערד, פון די אויטאָמאָבילן, וואָס זיינען פאַרבייגעפלויגן ווי די טייוואָלים, איז פריילעך געווען, און מען האָט שוין גאַרנישט נישט זיך גע־שראָקן און מורא געהאַט. אַזוי פיל אַנדערע!

נאָר זיי האָט מען נישט אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוט. זיי זיינען דורך אין דעם רעש, צווישן דעם געיעג פון די סאָלדאַטן, איבער־געגאַנגען אַ דאָרף, וואו די הייזער זיינען געווען צוגעשלאָסן, די לאָדן פאַרהאַקט, קיין מענטש האָט זיך נישט געזען, נאָר אין עק האָט זיך דער שפּיץ פון דער קירכע געברענט און קיינער האָט נישט געלאָשן.

זיי זיינען אָנגעקומען הינטער דעם דאָרף — האָבן זיי פּלוצלונג דערזען פאַר זיך אַ שוואַרץ פעלד, באַוואַקסן מיט עפּעס: עפּעס שטייט פאַר זיי, ווי בוימער אָדער ווי מענטשן. נאָר עס איז אַזוי טונקל, אַז מען זעט נישט.

פּלוצלונג פאַלט איבערן קאָפּ דער שיין פון אַ ליכט־וואַרפער. עס באַלייכט זיך אַ וואַלד אין גרינעם, מען זעט אינ׳ם ליכט, ווי די בלעטער רוישן, איינצלנע סאָלדאַטן שטייען איבער דער לאַנקע. באַלד ווערט ווידער פינצטער, און פּלוצלונג פליט עפּעס פאַרביי אין דער לופטן איבער די קעפּ.

עס רוישט און קאַכט אויף די לופט און וויל דעם קאָפּ אַרונ־טעררייסן. מען הערט, ווי עס פאַלט און גיט אַ טעמפּן קלאַפּ אָן דער ערד. בוימער פאַלן...

מען גייט ווייטער. אָן אויטאָמאָביל פליט פאַרביי, ווי אַ שד וואַלט געריטן... טריט פון פערד הערן זיך נאָענט, מען זעט נישט ווער, מען ווייס נישט וואָס... עס איז פינצטער. די פיס קלאַפּן זיך

אַן עפּעס אַן, מען ווייס נישט אין וואָס. אין אַ שטיין? ניין, עס איז ווייך, עפּעס אַן אומבאַקאַנטע זאַך...

עס איז פינצטער. מען גייט ווייטער. פּלוצלונג פאַלט אַ ליכט איבערן קאָפּ. מען זעט די חברים ווי בייטאָג. די אויגן ווערן פאַרבלענדט. מיט אַמאָל אַ ווינט איבערן קאָפּ. און עפּעס פאַלט...

עס ווערט אַ קליינער רעש. זעלנער פאַלן אין אַ גרוב אַריין. חברים לעבן דיר פאַלן, די פיס גליטשן זיך, נאָר מען גייט ווייטער. ווידער גיט עס אַ בליץ אין די אויגן און אַ ווינט איבערן קאָפּ. דער קאָפּ וויל פון קערפּער אַראָפּפליען און עפּעס פאַלט אַריין. חברים ווערן אַריינגעזויגן, מען הערט רופן: גאָט, ראַטעווע... נאָר מען גייט ווייטער, ווייטער, — ביז מען קומט אָן צו גריבער. דאָרט געפינען זיך שוין אונזערע. מען הייסט זיך לייגן אין די גריבער, גראָבן נייע, און אַלע׳סאָלדאַטן וואַרפן זיך אויף דער ערד.

אַרום איז שטיל. מען הערט יעצט שאַרף אין דער שוואַרצער נאַכט דאָס קראַכן פון שיסן, און איבער די קעפּ פליט ליכט פאַרביי און נאָך דעם — אַ רוישן, ווי מען וואָלט די לופט אויפגעוואַכט.

לאַנג זיינען די זעלנער אין די גריבער געלעגן, באַשיצנדיק זיך די קעפּ מיט זאַמד. פונדערווייטנס האָבן זיך געזען קליינע, קליינע פייערלעך — דאָרט איז דער פיינט. נאָר מען האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל נישט שיסן, ביז מען וועט נישט הייסן, וואָרום עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסנאַרן דעם שונא פון זיין פאַרפעסטיקטער פּאָזיציע. מען האָט געדאַרפט, דער שונא זאָל גלויבן, אַז אונזערע, אויף וועלכע ער האָט בייטאָג אָנגעשטעלט זיין שווערע אַרטילעריע, האָבן אָפּגעטראָטן. דערוויל האָבן אונזערע ביינאַכט שטילערהייט פאַרמערט זייערע קרעפטן, כדי אַזוי ווי דער שונא וועט נאָר וואַגן אַרויסצוטרעטן פון זיין פּאָזיציע צו מאַכן אַ טריט נענטער, זאָלן זיי אים נעמען אויף די באַיאָנעטן, וואָרום אין אַזאַ קאַמף האָבן זיך אונזערע געפילט אַ סך שטאַרקער. אָבער די סאָלדאַטן האָבן זיך דאָך נישט געקענט איינהאַלטן און איבערגעטוישט זיך מיטן פיינד מיט איינצלנע שאָסן, וואָס האָבן ווי טויטע עכאָס אָפּגעקלונגען אין דער פינצטערער נאַכט.

## ב

אַז אָסנת האָט זיך געפונען אין זיין גרוב, האָט ער דערפילט עפּעס ווייכעס אונטער זיך. ער איז אין דער ערשטער מינוט אויפגעשפּרונגען פאַר שרעק, דערנאָך האָט ער דערהערט אונטער

זיך אַ קול: „האָב רחמנות, ברודער!" ער האָט זיך צוגעבויגן און דערזען אַ סאָלדאַט אונטער זיך:

— גיב צו טרינקען, ברודער, — האָט יענער געקרעכצט — איך שטאַרב פאַר דורשט.

ער האָט אים דערלאַנגט זיין פלאַש, פון וועלכער דער קראַנקער זעלנער האָט געטרונקען.

— וואָס איז דיר, ביסט פאַרוואונדעט? — האָט אים אָסנת געפרעגט — פאַרוואָס האָבן זיי דיך פון דאַנען ניט אַוועקגענומען?

— נישטאָ קיין צייט, קיינער איז נישט געקומען פרעגן. אַלע אונזערע דאָ אין גרוב זיינען טויט אָדער פאַרוואונדעט — אַ גאַנצן טאָג זיינען די באָמבעס געפאַלן, ווי די דונערס פון הימל. גאָטס קללה, ברודער, גאָטס קללה איז אויף דער וועלט אויסגעגאָסן געוואָרן.

— און ווי אַזוי האָט מען אונז אַריינגעלאָזט טרעטן אויף מענטשן, אויף לעבעדיקע מענטשן? — האָט אָסנת אויסגעשריען.

— מיר האָבן אויך געטראָטן אויף מענטשן. נאַ זע, אונטער מיר ליגט אויך ווער. אַ גאַנצן טאָג איז ער נאָך וואַרעם געווען, דאָס וואַסער מיינס האָט ער אויסגעטרונקען. דאָס גאַנצע העמד האָב איך אים אין דער וואונד פאַרשטעקט. יעצט איז ער שוין קאַלט, דאָס בלוט איז אים אויסגערונען. פון פאַרנאַכט אָן איז ער קאַלט, גאָט האָט אויף אים רחמנות געהאַט. אַ קאַטאָליק געווען, וואַלענטין סטעפּאַוויטש האָט ער געהייסן, פון 87טן שיסער פּאָלק, גערענק עס גוט. ער האָט מיך געבעטן פאַרן טויט, אַז איך זאָל זיין נאָמען גערענקען און איבערגעבן אין פּאָלק, אַז מען זאָל זיין מוטער שרייבן. יעצט וועל איך דיר דעם נאָמען איבערגעבן: גערענק אים, איך האָב אים געהזרט אַ גאַנצן טאָג. און מיינעם גערענק: איוואַן מאַלאַדעץ, פון פערצנטן שיסער פּאָלק, זעקסטע ראָטע. גערענק אים גוט, גערענק אים...

— דו וועסט נאָך לעבן, ברודער! אונזערע זיינען געקומען, פיל, זייער פיל, מיר וועלן פאַר אייך אַלע נקמה נעמען!

— ניין, ליבער ברודער, ניין. איך וועל עס שוין ניט דורכ־לעבן, — קרעכצט דער קראַנקער סאָלדאַט — דו אפשר יאָ, איך שוין ניט! דאָס גאַנצע בלוט רינט אַרויס. אָט לויפט עס פון דער זייט איבער דער האַנט, ווי אַ וואַרעם טייכל. און קיין וואַסער איז שוין נישטאָ. דיינס איז אויסגעטרונקען און עס דורשט שוין ווידער.

— לאָז, וועל איך אים אַרויסטראָגן פון גרוב, וועט דיר באַקוועמער זיין צו ליגן, — זאָגט אָסנת.

— ניין, ברודער, טו דאָס ניט, דאָ איז ער זיכערער! אין דרויסן וועלן אים די גראַנאַטן צעהאַקן, אַז גאָט וועט אים ניט דערקענען. גאָטס געזיכט וועלן זיי צעשטערן. אין הימל וועט ער נישט קענען אַרויפקומען. לאָז אים ליגן. עס איז אַ רחמנות.

— וואו האָסטו די וואונד? גיב אַהער, איך וועל זי דיר פאַרבינדן, — זאָגט אָסנת.

— שוין ניטאָ מיט וואָס: אַלעס וואָס איך האָב געהאַט, האָב איך צוגעלייגט. נאָס, דאָס בלוט לויפט. אַלעס איז שוין פאַרנעצט.

— איך האָב ביי מיר אַ האַנטוך, — זאָגט אָסנת און ציט אַרויס דאָס היימישע האַנטוך, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך די ברוסט צו פאַרבינדן — גיב אַהער.

דאָס האַנטוך האָט אָבער ניט געהאָלפן. דאָרט, וואו די וואונד איז געווען, איז אַרום און אַרום, אויף דער ערד, אויף די קליידער און אויפן קערפּער געוואָרן אַ פאַרגליווערטע מאַסע, וואָס האָט פאַרבונדן דעם קערפּער מיט דער ערד. אין אַ מינוט אַרום האָט שוין דאָס האַנטוך געהערט צו דער פאַרגליווערטער מאַסע.

אָסנת האָט זיך דערפילט מיט דעם פרעמדן סאָלדאַט פאַרבונדן דורך דעם, וואָס ער האָט אים אָפּגעגעבן זיין האַנטוך. און דאָס געפיל האָט אים גוט געטאָן.

אַזוי איז ער אָפּגעלעגן אַ האַלבע נאַכט אין גרוב, פאַרבראַכט אין די געדאַנקען און געקוקט אין דער שוואַרצער נאַכט, און די פייערלעך קעגנאיבער. דער קראַנקער סאָלדאַט האָט ניט אויפגעהערט צו קרעכצן און צו בעטן וואַסער. אָסנת האָט שוין איבערגענומען די פלעשער וואַסער פון זיינע שכנים, נאָר דאָרטן האָבן זיי אויך געהאַט קראַנקע חברים, וועלכע זיינען געשטאָרבן פון דאָרשט. אַ געוויסע צייט איז דער קראַנקער גאָר פאַרשטילט געוואָרן: עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז איינגעשלאָפן. אָסנת האָט אים ניט געוואָלט וועקן. פּלוצלונג, אין אַ צייט אַרום, רופט ער זיך אָפּ:

— ברודער, איך פיל, עס איז שלעכט: צלם מיך פאַרן טויט.

אָסנת האָט געקלערט אַ מינוט, געצלמט דעם קראַנקן און זיך אָנגערופן:

— איך בין ניט קיין קריסט, נאָר דאָך...

אַ מינוט האָט דער סאָלדאַט געשוויגן.

— וואָס, אַ מוסולמאַן? — פרעגט פלוצים דער קראַנקער סאָלדאַט.

— ניין, אַ איד — האָט אָסנת אָפּגעענטפערט.

— אַ איד, — האָט דער קראַנקער סאָלדאַט געזאָגט ווי פאַר זיך — נו, אַלץ איינס. איין גאָט איז דאָ אויף דער וועלט. קוש דיך מיט מיר. עס טוט באַנג אַליין צו שטאַרבן.

אָסנת האָט זיך צעקושט מיט אים.

— און פאַרגעס ניט, וואַלענטין סטעפּאַנאָוויטש אַ קאַטאָליק, און איוואַן מאַלאַדעץ אַ פּראַוואָסלאַווער, חזר איבער, וועסט פאַרגעסן.
— און אָסנת מאיר אַ איד — האָט אָסנת געזאָגט פאַר זיך.

דערויף איז דער סאָלדאַט שטיל געוואָרן.

אין אַ האַלבע שטונדע אַרום האָט אסנת דערפילט אַ קעלט. ער האָט זיך איבערגעדרייט און אָנגעשטויסן אויפן קראַנקן סאָלדאַט, נאָר דער לעצטער האָט זיך שוין גאַרניט אָפּגערופן. אָסנת האָט אים געשטופּט מיט דער האַנט און געפרעגט: „וואָס איז דיר? דו הערסט?" ער האָט ניט געענטפערט. אָסנתן האָט אַ שרעק אַרומגענומען. ער האָט זיך אינסטינקטיוו אָפּגערוקט פון דעם טויטן, אָבער ליגן רואיק האָט ער שוין ניט געקענט. עס האָט זיך אים זייער געוואָלט זען דאָס געזיכט פונ'ם סאָלדאַט. דורך דער גאַנצער צייט, וואָס יענער האָט גערעדט מיט אים, האָט ער גע־האַלטן זיין פּנים איינגעגראָבן אין דער ערד, אָבער אָסנת האָט מורא געהאַט צוצוקוקן זיך צו אים, כאָטש ער איז געווען זייער נייגעריק. אַ צינדהעלצל אָנצינדן האָט ער נישט געטאָרט: מען האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל זיך ניט דערוועגן אָנצוצינדן קיין ליכט, כדי דער שונא זאָל ניט וויסן, וואו זיי געפינען זיך. צום סוף האָט ער דאָך אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון טויטן חבר און געקוקט אים טיף אין פּנים אַריין ביים שוואַכן ליכט פון די שטערן. ביינאַכט, אינ'ם אומקלאָרן ליכט, האָט ער אויסגעזען ווי אַרבוזאָוו פון זייער ראָטע, און עס האָט זיך אָסנתן געדאַכט, אַז דאָס ליגט אַרבוזאָוו לעבן אים...

די רעשט נאַכט האָט ער פאַרבראַכט אין קעלט און אין געפיל פון פאַרלאָזנקייט...

(פון „דער אידישער סאָלדאַט")

א. רייזען.

# אָ, גיבער משיח!

אָ, גיבער משיח, אָ גיבער שוין, קום!
עס רינגלט די גאַנצענע וועלט שוין אַרום,
ווי גיפטיקע שלאַנגען דער הונגער און נויט,
און הפקר און פחד, און אַנגסטן און טויט.
עס וויל שוין ניט אַלעמען שפּייזן די ערד —
אָ, קום שוין, משיח, אויפן ווייסינקן פערד.

אָ, קום שוין, משיח, אויפן ווייסינקן פערד.
די קייטן פון קנעכטשאַפט אַרום און אַרום.
עס האָט שוין קיין אָרט דאָס אומשולדיקע בלוט,
וואָס שפּריצט און וואָס גיסט זיך פון אונטער דער רוט.
עס ראָסטעט פון מענטשלעכן בלוט שוין די שווערד —
אָ, קום שוין, משיח, אויפן ווייסינקן פערד!...



י. ל. פּרץ.

# ביים גוסס צוקאָפּנס

אין אַ פינצטערער, פאַרגאָסענער האַלבער נאַכט, צווישן געריש, געשריי און געפילדער אין גיהינום, שניידט זיך דורך אַ שאַרף־שניידנ־דיקער באַפעל:
— נחמנקע פון זבאראַש גייט אויס... ער פלעגט זיך שניידן די נעגל נישט איבערגעהיפּט, אָוועקוואַרפן... נישט איין מאָל פאַרגעסן מנחה צו דאַוונען, — ווער גייט נאָך זיין נשמה?
— איך! — רופט זיך אָן אַ מלאך־חבלה!
— גרייט דערווייל צו אַ קאָכנדיקן קעסל סמאָלע.
ער שפּרינגט אונטער און פליט אַרויס פון גיהינום.
געשווינד פליען שלעכטע מלאָכים, צום גליק אָבער גוטע אויך;

די גוטע זיינען אפשר ווייטער פון אונז, נאָר דאָס גרעסטע רחמנות טראָגט זיי...

און אַז דער מלאך־חבלה איז צום קראַנקנס בעט געקומען, האָט ער שוין צוקאָפּנס אַ ווייסן גוטן מלאך געטראָפן. ער איז געזעסן און האָט געטרייסט:

— שרעק זיך נישט, אָרעמער מענטש, פאַרן טויט... עס איז נאָר אַ בריק, אַ קורצע גרענעץ צווישן פינצטערקייט און ליכט... פון זאָרג און אומרו אַן איבערגאַנג צו רו און גליק...

נאָר דער קראַנקער, דאַכט זיך, הערט נישט. ער איז פאַרטראָגן, און די פלאַמענדיקע אויגן בלאָנדזשען אַרום אויף די ווענט.

און דער שוואַרצער מלאך בלייבט שטיין ביי דער טיר און קוקט פאַרוואונדערט...

— האָסט נישט קיין טעות, חבר? — פרעגט ער דעם ליכטיקן מלאך.

— ניין! — ענטפערט דער גוטער — איך בין געשיקט געוואָרן נאָך דער נשמה, נאָך דער ריינער באָרעמהאַרציקער נשמה; דו קענסט איבער איר קיין שליטה נישט האָבן!

— ער האָט נישט על פּי דין די נעגל געשניטן!...

— איך ווייס, — האָקט אים איבער דער גוטער מלאך — נאָר דערפאַר קיין איינציקע רגע פאַר זיך נישט געלעבט... נאָר פאַר שוואַכע און קראַנקע, פאַר אַלמנות און יתומים, פאַר פאַרפינצטערטע, פאַרוואָגלטע, פאַרמאַטערטע...

— ביי אונז אין בוך איז פאַרשריבן, וויפל מאָל ער האָט מנחה פאַרפעלט...

— נאָר קיינמאָל נישט פאַרפעלט, ווען מען האָט געדאַרפט עמיצן העלפן; קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו טרייסטן, צו האַרציקן און צו קרעפטיקן דאָרט, וואו די פליגל זיינען אַראָפּגעפאַלן מיד, וואו די גאַל האָט געזאָלט די ריינסטע נשמה פאַרגיסן, וואו די לעצטע האָפנונג, האָט זיך געדאַכט, איז פאַרשוואונדן... ער האָט זיך קיין הויז נישט געבויט... דעם דאַך איבערן קאָפּ נישט פאַרריכט, זיין בעט זיך נישט ווייך געבעט, אויף קיין נחת פון קינדער נישט געהאָפט... נאָר אַלץ פאַר אַנדערע... ווייל אַלע אַנדערע האָט ער געהאַלטן בעסער פאַר זיך...

שוואַרצע וואָלקנס ציען זיך אין דרויסן איבערן הימל... אויף אַ רגע שניידט זיך דורך אַ בליץ, נאָר ער ווערט פאַרלאָשן, און נאָך פעסטער ציען זיך, נאָך ענגער שליסן זיך צוזאַמען די דיקע, פינצטערע וואָלקנס.

דער בליץ האָט צום לעצטן מאָל דעם גוסס געוועקט.

— ווער איז דאָ ביי מיר? ווער זיצט מיר צוקאָפּנס? — פרעגן די פאַרברענטע ליפּן.

— איך, איך, אַ ליכטיקער מלאך, פון זיין ליבן נאָמענס ליכ־טיקער פמליא... און פון זיין ליבן נאָמען נאָך דיין נשמה געשיקט!... קום מיט מיר!

— וואוהין? — פרעגט דער קראַנקער.

— צום הימל אַרויף, אין גן־עדן אַריין!

— הימל... גן־עדן... — שטאַמלט נאָך דער גוסס אין היץ — און ווי אַזוי לעבט זיך דאָרט אין הימל, אין גן־עדן דאָרט?

— גוט... פון גאָטס גענאָד באַשטראַלט, אין גלאַנץ פון כסא־הכבוד... מיט גאָלדענע קרוינען אויף די קעפּ...

— גלאַנץ... גאָלד... קרוינען... — שטאַמלט דער גוסס נאָך — וואָס וועל איך דאָרטן טאָן?

— וועסט נישט דאַרפן טאָן... דאָרט איז אייביק רו, אייביק ליכטיקער נחת, אַן אויפהער שטראַלנדיקער גליק... קום!

— אָבער וואָס וועל איך דאָרט טאָן? — דרייט זיך מיטן לעצטן כוח דער גוסס אוים צום מלאך — איז דאָרט דאָ וועמען צו העלפן, געפאַלענע אויפצוהויבן, קראַנקע צו היילן, הונגעריקע צו זעטיקן, דאָרשטיקע די ליפּן צו נעצן, פאַרלוירענע צו זוכן און געפינען? דאָס איז דאָך מיין גליק געוועןן!...

— ניין, דאָס נישט! — ענטפערט מיט אַ נישט־זיכער קול דער מלאך — דאָס איז דאָרט נישט פאַראַן, דאָרט וועט קיינער נישט דאַרפן דיין הילף...

— און וואָס וועל איך דאָרט טאָן, מלאך? דאָרט, וואו קיינער ברויך מיין נשמה נישט, מיין האַרץ נישט; נישט מיין רחמנותדיקע טרער אין אויג, נישט מיין וואָרט צו טרייסטן פון מויל, און נישט מיין האַנט, אויפגעהויבן צו ווערן פון גרוב?

דער שלעכטער מלאך הערט און שטעקט אַרוים די צונג און באַלעקט זיך... אַ חוזק־שמייכל לייגט זיך אים איבערן מויל פון אויער צו אויער... ער עפנט דאָס מויל, און צוויי שורות ווייסע ציין בליצן אויף אין דער פינצטערער שטוב...

און צערודערט זיצט דער ליכטיקער מלאך און ווייס נישט, וואָס צו ענטפערן דעם גוסס.

— וואָס פאַרט, מלאך! וואָס פאַרט?

און דער גוטער מלאך דרייט זיך אוים צום פענצטער און קוקט אַרוים צום הימל און וואַרט פון דאָרט אַן עצה און אַ ראַט... נאָר

פאַרשלאָסן איז דער הימל; אָן אַ וואָרט, אָן אַ שטראַל, אָן אַ פונק... און עס יאָגן אָן אַלץ נייע און נייע, אַלץ שווערערע און שווערערע וואָלקנס — אַ שאָטן פאַלט איבערן ליכטיקן מלאכס פּנים, דער הימל זעט אויס הארט און בייז, אָן רחמנות זעט ער אויס, ער האָט אים נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געזען... ער בלייבט פאַרציטערט.

מיט דער ווײַלע באַנוצט זיך דער שלעכטער מלאך און געגענט זיך צום בעט פון דער צווייטער זייט.

— קום בעסער מיט מיר! — רוימט ער איין דעם גוסס.

— וואוהין?

— דאָרט, וואו דיין האַרץ גלוסט... צו די אומגליקלעכע, הונגעריקע, לעכצנדיקע, דאָרשטיקע... צו די פאַרחלשטע און פאַרמאַטערטע, צו די פאַרלוירענע, פאַרשאָלטענע, צו די פון גאָט פאַרגעסענע... העלפן וועסטו נישט קענען, אָבער צוזאַמען ליידן, מיטפילן...

— איך גיי! איך גיי! — רופט דער קראַנקער אויס מיט קראַפט.

און דער ווייסער מלאך איז אַוועק מיט ליידיקע הענט.



א. רייזען.

# אין מינוטן ווײַסטע...

אין מינוטן ווײַסטע,
ווען אַרום איז שוואַרץ,
גאָט, מיט ליבע־קוואַלן
פיל מיר אָן מיין האַרץ...

אַלץ איז אַזוי עלנט,
ווייסט ניט וואָס צו טאָן:
גאָט, מיט ליבע־קוואַלן
פיל מיין האַרץ מיר אָן!

און די אָרעמס מיינע
ברייט און שטאַרק מאַך זיי,
אַז די וועלט אומאַרמען
זאָל איך מיט איר ווײַ!

פּ. דאָסטאָיעווסקי.

# דער אָדלער

ביי אונז אין קאַטאָרגע-תּפיסה האָט געלעבט אַ געוויסע צייט אַן אָדלער פון דעם מין סטעפּ-אָדלערס, ניט קיין גרויסער. עמיץ האָט אים צו אונז געבראַכט אַ פאַרוואונדעטן און אויסגעמאַטערטן. אַלע אַרעסטאַנטן האָבן אים אַרומגערינגלט. ער האָט נישט געקענט פליען. דער רעכטער פליגל איז ביי אים אַראָפּגעהאַנגען אויף דער ערד, איין פוס איז געווען אויסגעלינקט.

איך געדענק, ווי ער האָט שאַרף זיך אַרומגעקוקט. ער האָט אַרומגעקוקט דעם נייגעריקן עולם, צעשפּרייט זיין הויקערדיקן שנאָבל, גרייטנדיק זיך טייער צו פאַרקויפן זיין לעבן.

ווען מען האָט זיך שוין גענוג אָנגעקוקט און אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערצוגיין, האָט ער זיך אָפּגעטראָגן הינקענדיק אויף איין פוס, פאָכנדיק מיט זיין איינציקן געזונטן פליגל.

ער האָט זיך פאַרשטופּט אין אַ ווינקל און דאָרט זיך אויפגעהאַלטן.

ער האָט דאָרטן אין ווינקל אָפּגעלעבט אַ דריי חדשים, און די גאַנצע צייט קיין איינמאָל פון ווינקל נישט אַרויס. אָפטער איז מען געקומען געוואָר ווערן, וואָס ער מאַכט. מע פלעגט אָנרייצן אויף אים אַ הונט. דער הונט פלעגט זיך וואַרפן מיט אַ געבייזער, נאָר ער האָט דאָך מורא געהאַט נענטער צוצוקומען צום אָדלער.

דאָס האָט זייער געוויילט די אַרעסטאַנטן.

— אַ חיה — האָבן זיי געזאָגט — גיט זיך נישט אונטער.

נאָכדעם האָט דער הונט אָנגעהויבן מער צו באַליידיקן דעם אָדלער. די מורא פון הונט פאַרן אָדלער איז קנאַפּער געוואָרן. ער האָט אים איינמאָל אַפילו אָנגעכאַפּט פאַרן קראַנקן פליגל. דער אָדלער האָט זיך פאַרטיידיקט מיט אַלע כּוחות, מיט די נעגל און שנאָבל.

און שטאָלץ און ווילד, ווי אַ פאַרוואונדעטער קעניג, האָט ער באַקוקט דעם נייגעריקן עולם.

מען האָט זיך צו אים צוגעוואוינט. ער פלעגט שוין אַפילו נעמען עסן פון האַנט פון אַן אַרעסטאַנט.

אַז קיינער פלעגט נישט זען און ער פלעגט מיינען, אַז ער איז אַליין, פלעגט ער וואַגן אַרויסצוגיין אַ ביסל ווייטער, מאַכן אַ צען־צוועלף טריט, אָבער באַלד פלעגט ער זיך אומקערן צו זיך אין ווינקל.

ווי ער פלעגט מיך דערזען, פלעגט ער גלייך זיך גרייטן צו אַן אָנפאַל. קיינע צערטלעכקייטן האָבן אים נישט געקענט ווייכער מאַכן. ער האָט זיך געביסן, געשלאָגן, אַפילו נישט געוואָלט נעמען פלייש פון מיין האַנט. ער פלעגט שאַרף און בייז קוקן. איינזאַם און פאַרביטערט האָט ער דערוואַרט דעם טויט. ער האָט קיינעם נישט געטרויט און מיט קיינעם קיין שלום נישט געמאַכט.

צום סוף האָט עפּעס אַלע אַרעסטאַנטן אָנגענומען אַ רחמנות אויף אים. מען האָט גערעדט, אַז מען דאַרף אים אַרויסטראָגן אויף דער פריי.

— זאָל ער אַפילו אומקומען, אָבער נישט אין תפיסה, — האָבן אייניקע געזאָגט.

— פאַרשטייט זיך, אַ פייגל אַ פרייער, אַ שטרענגער, ער וועט זיך נישט צוגעוואוינען צו דער תפיסה, — האָבן געזאָגט אַנדערע.

—זעט אוים, אַז ער איז נישט אין אונז געראָטן, — האָט עמיצער באַמערקט.

— יאָ, דאָס איז אַ פויגל, און מיר זיינען מענטשן.

— דער אָדלער, ברודער, איז דער קעניג פון די וועלדער... — האָט געזאָגט אַן אַנדער אַרעסטאַנט.

איינמאָל נאָכמיטאָג, ווען די פּויק האָט געקלאַפּט און גערופן אַלע אַרעסטאַנטן צו דער אַרבעט, האָט עמיץ גענומען דעם אָדלער, צוגעמאַכט אים דעם שנאָבל מיט דער האַנט, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן ביטער צו שלאָגן, און אַרויסגעטראָגן אים פון תפיסה.

עס זיינען געווען אַ מאַן צוואַנציק, וועלכע האָבן געוואָלט זען, וואוהין דער אָדלער וועט אַוועק. מען איז דערגאַנגען ביזן וואַלד.

אַ מאָדנע זאַך: אַלע זיינען געווען מיט עפּעס צופרידן, ווי זיי וואָלטען אַליין באַקומען אַ ביסל פרייהייט.

— זעסט, אַ הינטישקייט!... — האָט עמיצער געזאָגט וועגן אָדלער — דו טוסט אים גוטס און ער בייסט זיך.

— לאָז אים גיין, גיב אים די פרייהייט, גיב אים די פרייהייט פון סטעפּ...

מען האָט דעם אָדלער אַ לאָז געטאָן אין סטעפּ. דאָס איז געווען

אין טיפן הארבסט, אין אַ קאַלטן טונקעלן טאָג. דער ווינט האָט געפייפט אין נאַקעטן, ליידיקן סטעפּ און געזשומעט איבער די פאַר־גלעטע און אויסגעטריקנטע גרעזער.

דער אָדלער האָט זיך אַ לאָז געטאָן, מאַכנדיק מיט זיין גרויסן פליגל, ווי ער וואָלט זיך איילן אַוועקצוגיין פון אונז, וואוהין די אויגן טראָגן.

די אַרעסטאַנטן האָבן געקוקט מיט נייגעריקייט, ווי אַזוי ס'האָט זיך באַוועגט זיין קאָפּ אין סטעפּ.

— קוקסט אים אָן... — האָט פאַרטראַכטערהייט געזאָגט איינער פון די אַרעסטאַנטן.

— און ער קוקט זיך גאָרניט אַרום, — האָט צוגעגעבן אַ צווייטער.

— ער האָט זיך, ברידערלעך, קיין איין מאָל נישט אַרומגעקוקט, ער פליט!...

— און דו האָסט געמיינט, ער וועט זיך אומקערן דאַנקען, — האָט געזאָגט אַ דריטער.

— אַ באַקאַנטע זאַך, פרייהייט... ער האָט פרייהייט דער־שמעקט...

— יאָ, פרייהייט... אָ... אָ... — האָט אַן אַנדערער געזאָגט.

— און מיר וועלן שוין די פרייהייט נישט אָנזען, ברידער... נישט אָנזען...

— וואָס שטייט איר דאָרטן!... מאַרש!... האָט אַ געשריי געטאָן דער טורמע־וועכטער — מאַרש צו דער אַרבעט!

און אַלע האָבן זיך אַוועקגעשלעפּט צו דער קאַטאָרגע־אַרבעט...



מ. סמילאַנסקי.

# די ערשטע טעג פון פּתח־תּקוה

(זכרונות)

## א

גאַנצע הונדערטער יאָרן איז דער טאָל פוןביידע זייטן פון דעם טייך ירקון געלעגן וויסט. די וואַסער־קוואַלן, פון וועלכע דער ירקון קומט אַרויס, זיינען ווי פון ששת ימי בראשית באַשטימט געווען אַנצוטרינקען די פעטע ערד פון אַרום און זי פרוכטבאַר צו מאַכן. נאָר ווען די מענטשן אין לאַנד זיינען געוואָרן וואָס וויני־קער, און די וויניקע זיינען געווען נאַכלעסיק און האָבן דאָס וואַסער ניט אָפּגעהיט, האָבן די וואַסערן פון די קוואַלן זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן טאָל, זיינען דאָרט געבליבן שטיין און האָבן אים פאַרוואַנדלט אין זומפּן, וועלכע פאַרפּעסטן די לופט. און ווען די פּאַסטוכער פון די דערפער, וואָס געפינען זיך ביי די זאַמד־בערגלעך צו צפון און צו דרום פון׳ם טאָל, פלעגן געבן זייערע טשערעדעס טרינקען פון די פאַרסמטע קוואַל־וואַסערן און לאָזן זייערע בהמות זיך פיטערן אויף די זומפּ־גראָזן, פלעגן געשוואָלן ווערן די בייכער ביי די שאָף און רינדער, און זיי פלעגן אויסשטאַרבן.

האָבן די פעלאַכן פון די דערפער באַטראַכט דעם טאָל פאַר אַ פאַרשאָלטענעם און האָבן זיך פון אים געהאַלטן פון וויטנס. נאָר די שמאָלע פאַסן לאַנד, צופוסנס פון די בערגלעך וואָס ביים עמק, פלעגן פאַראַקערט און פאַרזייט ווערן פון די פעלאַכן פון יהודיה, מגדל, בני־ברק און די איבעריקע דערפער פון אַרום.

אין יאָר תרל״ח (1878) האָבן זיך פון די הרי יהודה, פון ירושלים, אַראָפּגעלאָזט אַ מנין אידן. זיי איז נמאס געוואָרן „חלוקה“ ברויט, און זיי האָבן זיך געזאָגט: אין דער סאַכע ליגט די מזל־ברכה. זיי האָבן דאַריבער געזוכט אַ שטיק לאַנד צום באַזעצן זיך. זיי זיינען דורכגעגאַנגען די גאַנצע שפלה ביז צום ירקון, און ווען זיי האָבן געזען דעם עמק, איז ער זיי זייער געפעלן געוואָרן, האָבן זיי דאָרט אָפּגעקויפט דעם באָדן, האָבן זיך אויפגעבויט ליימענע הייזלעך ביים ברעג ירקון און זיי האָבן דעם אָרט אַ נאָמען געגעבן „פּתח־תקוה“.

אָבער דער מנין ירושלימער אידן האָט זיך דאָרט ניט געקענט באַפעסטיקן. קיין אַרבעטער און קיין דינסטן האָבן זיי ניט געהאַט; קיין ערד־אַרבעט און פּי־צוכט האָבן זיי ניט געקענט, און די פאַר־שיידענע קרענק האָבן זיי אויך ניט אויסגעמיטן.

## ב

ווינטער איז געקומען אין לאַנד אַריין. דאָס יאָר איז געווען אַ רעגנדיקס. אַ צאַרנדיקער רעגן האָט געהאַלטן אין איין גיסן, און די וואַסערן פון ירקון זיינען אַריבער די ברעגן. די קוואַל־וואַסערן האָבן פריי געגאָסן, און דער גאַנצער טאָל פון ביידע זייטן ירקון איז פאַרפלייצט געוואָרן. דאָס וואַסער האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט און האָט פאַרפלייצט די ליימענע שטיבלעך פון די נייע איינזידלער. האָבן די מענטשן געוואָלט אַרויס פון די הייזער און זיך ראַטעווען, האָבן זיי שוין ניט געקאָנט. דאָס וואַסער און די בלאָטע האָבן זיי צוריקגעהאַלטן. זיי האָבן געשריען נאָך הילף, אָבער ס'איז ניט געווען, ווער ס'זאָל זיי העלפן: די איינוואוינער פונ'ם געגנט זיינען אַנטרונען זיך אויסצובאַהאַלטן פונ'ם רעגן, פונ'ם האָגל און פון דער קעלט. זיינען זיי געבליבן פאַרשפאַרט אין זייערע הייזער ווי לעבעדיק באַגראָבענע.

דעם ערשטן טאָג האָבן די אומגליקלעכע נאָך געזוכט עצות, ווי זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן. זיי האָבן זיך מיט שטריק צוגע־בונדן איינער צום אַנדערן, האָבן גענומען זייערע קינדער אויף די הענט און האָבן געפּרואווט אַלע צוזאַמען זיך אַרויסרייסן פונ'ם וואַסער און פון דער בלאָטע. נאָר אומזיסט איז געווען זייער גאַנצע מי. יענעם פאַרנאַכט זיינען זיי זיך צוזאַמענגעקומען אין איין הויז און תפילה געטאָן. אָבער דעם צווייטן טאָג האָבן זיי שוין אפילו ניט געקאָנט אַרויסגיין פון זייערע הייזער, ווייל דאָס וואַסער איז געוואָרן צו שטאַרק. די פענצטער פון הימל זיינען געעפנט געוואָרן, און גאַנצע טייכן וואַסער האָבן אַראָפּגעשטראָמט אויף דער ערד. אַ שווערער האָגל האָט געשלאָגן אויף די דעכער. די דונערן האָבן פאַרטויבט די אויערן, און די בליצן האָבן געבלענדט די אויגן. אַ שטורעם־ווינט האָט צייטנווייז אויסגעבראָכן און האָט געקלאַפּט אָן די ליימענע הייזלעך, — גלייך ווי ער וואָלט נישט אַנדערש געוואָלט נאָר איבערקערן די אין בלאָטע פאַרזונקענע שטיבלעך. אויפן דריטן טאָג זיינען שוין אַלע געלעגן אין די הייזער ווי פאַרחלשטע. ערשט דעם פערטן טאָג האָט דאָס וואַסער אַביסל נאָכגעלאָזט. זיינען פריינט געקומען פון יפו זיי ברענגען הילף, און האָבן זיי קוים דאָס לעבן געראַטעוועט.

## ג

די איינזידלער האָבן זיך דאַן גענומען באַטראַכטן: וואָס טוט מען? זיינען געווען חילוקי דעות. איינינקע האָבן געזאָגט: לאָמיר

זיך אומקערן קיין ירושלים, — פאַרוואָס זאָלן מיר אומקומען אין די בלאָטעס? אַנדערע, ווידער, האָבן געזאָגט: בעסער דאָ אומקומען, אַבי ניט צוריקגיין. נאָר ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען באַטראַכטן זייערע הייזער און זיי האָבן דערזען, אַז זיי זיינען אַלע צעשפּאָלטן און אָט פאַלן זיי איין, האָבן די איינזידלער איבערגעלאָזט זייער נייע היים און זיך אַהיים געקערט.

זיינען געקומען די שכנותדיקע פעלאַכן, האָבן פאַרזייט די פּאַסן לאַנד ביי די ברעגן פון עמק, און זייערע פאַסטוכער האָבן געפּיטערט זייערע שאָף צופוסנס דעם ירקון. קיין שטייערן האָבן זיי ניט געצאָלט, אַפילו ניט קיין יאָר־געלט פאַרן באָדן.

דאָס יאָר תרמ"ד (1884) איז געקומען: דער אָנהויב פון דער ערשטער עליה. די גרינדונג פון ראשון־לציון, זכרון־יעקב און ראש־פנה האָבן באַנייט דעם מוט, גלויבן און האָפנונג אין די הערצער פון די גרינדער פון פתח־תקוה. אַ טייל פון זיי, און מיט זיי אויך נייגעקומענע פון חוץ־לארץ, האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע חורבות. אוים מורא פאַר דעם ירקון און פאַר די בלאָטעס האָבן זיי זיך אויסגעזוכט אַ נייַ אָרט אויף צו באַזעצן זיך. דאָס איז דאָס קליינע דאָרף יהוד, אַ האַלבע שעה גאַנג פון זייער באָדן. די מענטשן פון פתח־תקוה האָבן געוואוינט אין יהוד און פלעגן, דורך די פעלאַכישע פעלדער, גיין פון דאָרט צו זייער לאַנד.

די ערשטע בויער פון פתח־תקוה האָבן געשטרעבט צו לעבן פון זייער אייגענער פּראַצע און ניט דאַרפן אָנקומען צו קיין מתנת בשר־ודם. זיי איז דאָך נמאס געוואָרן חלוקה־ברויט, האָבן זיי אָנגעהויבן באַאַרבעטן זייער ערד, — האָבן אַליין געאַקערט, געזייט און געשניטן, און אייניקע פון זיי האָבן זיך גענומען בויען הייזער אויף דעם נייעם פּלאַץ, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעקליבן, וואָס איז היינט די הויפּט־גאַס פון פתח־תקוה, די גאַס „חובבי־ציון".

אָבער די באַנייטע, העפטיקע טעטיקייט פון די פתח־תקוה קאָלאָניסטן האָט אַרויסגערופן סכסוכים צווישן זיי און זייערע שכנים.

## ד

די דאָרפישע פויערן האָבן פאַראַקערט דעם וועג צווישן יהוד און פתח־תקוה. דאָס איז ניט קיין רשות־הרבים וועג, האָבן זיי גע־טענהט, מעגן זיי דערמיט טאָן וואָס זיי ווילן. די פתח־תקוהער קאָלאָניסטן האָבן דאַריבער געמוזט גיין אַרום און אַרום, איידער זיי האָבן געקענט צוקומען צו זייער באָדן. צומאָל פלעגן זיי, על פי צופאַל, גיין אויך אויפן אַלטן וועג, וועלכער איז יעצט פאַראַקערט

געוועזן, ווייל ער איז זיי דאָך אין אמתן געוועזן אומגעזועצלעך פאַרשטעלט.

איינמאָל האָט דער עלטסטער פון דער מושבה, ר׳ יהושע שטאַמפּער, אַן אַנגעזעענער אַלטער מאַן, דורכגעריטן אויף זיין פערד אויפן אַלטן וועג, מחמת ער האָט זיך געאײַלט. איז אים אַ באַנדע פעלאַכן באַפאַלן, האָבן אים באַליידיקט, צעשלאָגן און האָבן ביי אים צוגענומען זיין פערד.

נאָך פאַר דער געשעעניש איז אין דער מושבה אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קליינע גרופּע העלדישע יונגעלייט, וואָס זאָלן היטן די פעלדער און אַכטונג געבן אויף די וועגן. אַן שפּיץ פון דער גרופּע איז געשטאַנען דער קאָלאָניסט אַלעקסאַנדער, וואָס די אַראַבער האָבן אים גערופן: „סכנדר חדד״ — דער אײַזערנער סכנדר. ער איז געווען אַן אומדערשראָקענער מענטש, וואָס האָט שטאַרק אָפּגעהיט דעם כבוד און דעם וואוילזיין פון דער מושבה. האָבן די בחורים באַשלאָסן זיך אָנצונעמען די קריוודע פון דעם עלטסטן פון זייער קאָלאָניע, וועמענס כבוד איז באַליידיקט געוואָרן, און זיך אָפּצורעכענען מיט די שלעגער. אָבער „סכנדר״ האָט זיי ניט געלאָזט: „זיי האָבן געוואַגט אָנצופאַלן אַלע אינאיינעם אויף איינעם, וועל איך, איינער אַליין, זיי אַלעמען לערנען דרך־ארץ״. האָט ער אַזוי געטאָן: ער האָט באַהאַלטן זיינע בחורים אויף אַ לויער־אָרט און ער, איינער אַליין, איז געפאָרן צו די פעלאַכן, ביי וועמען דאָס געפאַנגענע פערד האָט זיך געפונען, און האָט זיי געזאָגט: „קערט מיר אום דאָס פערד, וואָס איר האָט געגזלט, אויב ניט קומט אַרויס קעגן מיר, וועלן מיר זען, ווער וועמען ס׳וועט בייקומען״. האָבן דאָך די פעלאַכן געקענט „סכנדר״, האָבן זיי אים אומגעקערט דאָס פערד. אָבער ער האָט זיך נאָך דערמיט ניט צופרידנגעשטעלט. דעם צווייטן טאָג האָט ער געבעטן דעם עלטסטן פון דער קאָלאָניע, ער זאָל ווידער אַרויספאָרן איינער אַליין אויפן זעלבן וועג, און ער, „סכנדר״, האָט זיך באַהאַלטן אויפן לויער־אָרט. ווען די יונגע פעלאַכן האָבן דערזען דעם אַלטן ווידער רייטנדיק אויפן וועג, פון וועלכן זיי האָבן אים שוין איין מאָל צוריקגעהאַלטן, האָבן זיי אויפגעהויבן זייערע שטעקנס און האָבן זיך געלאָזט פון אַלע זייטן צום רייטער. דאַן איז „סכנדר״ אַרויס פון זיין באַהעלטעניש, רייטנדיק אויף זיין שטאַרקן פערד, און האָט מיט זיין גרויסער בייטש איינער אַליין אַלעמען צעקלאַפּט און זיי פאַרטריבן פון וועג.

פון דאַן אָן האָבן די קאָלאָניסטן ווידער געהאַט אַ פרייען וועג.

(פון „ספר הארץ״)

יהואש.

# משיח

אוי, קינדערלעך ליבע,
ס'וועט זיין אַזוי שיין,
משיח וועט קומען
אין גיכן צוגיין...

די אויגן אַזוי ווי
צוויי זונען ביי אים,
אַ הויכער, אַ ווייסער,
און זילבער די שטים...

„וואָס האָט איר מיר, קינדער,
צום אויפנאם געגרייט?" —
„משיח געטרייער,
מיר האָבן געזייט...

מיט איין האַנט צום אַקער,
און איין האַנט צום שווערד,
די אויגן צום הימל,
די פים אויף דער ערד..."

„און ווער האָט אייך, קינדער,
די בשורה געבראַכט?" —
„משיח געטרייער,
מיר האָבן געוואַכט...

און שומרים געהאַלטן
אויף איטלעכן וועג:
משיח, משיח
וועט קומען די טעג..."

מ. סטאַווסקי.

# קיין אַמעריקע

## א

פריער האָט מען דאָס געהאַלטן בסוד־סודות; טאַטע־מאַמע האָבן זיך צווישן זיך געשושקעט אויג אויף אויג, פאַרמאַכנדיק זיך אין אַלקער, פון וואַנען מ׳פלעגט אַרויסגיין אומעטיק, מיט זייער פאַרזאָרגטע פּנימער. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן רעדן דער־פון שבת ביים טיש אַביסל פאַרשטעלט, און די קינדער שטרענג אָנגעזאָגט, אַז קינדער דאַרפן פון שטוב נישט אַרויסטראָגן, אַז קינדער דאַרפן האָבן אַ טבע זיך ניט צוהערן צו דעם, וואָס עלטערן רעדן, און אַז עמיצער פרעגט עפּעס, דאַרף מען ענטפערן: „איך ווייס פון גאָרנישט"...

נאָר גאָר גיך — ווער ווייס ווי אַזוי — האָט מען זיך אין שטאָט דערוואוסט און אַ סך גערעדט דערפון און געוואונדערט זיך און ניט געקענט גלויבן, אַז אַזאַ איד ווי מיין טאַטע, וואָס אויסער זיין דאַווי־נען און „חק לישראל" און זיין פּרק משניות האָט ער גאָרנישט ניט געוואוסט און קיינמאָל נישט אַריינגעשמעקט אין קראָם און נישט פאַרשטאַנען אַ וואָרט גויאיש — זאָל זיך אונטערנעמען פאָרן אין אַמעריקע. און כדי דאָס צו וויסן אויף ריכטיק, איז מען נישט פויל געווען צו פאַרנעמען מיך אויף אַלץ וואָס טוט זיך אין שטוב — וועגן וואָס רעדט מען אין שטוב, און וואָס שרייבט דער פעטער יואל פון אַמעריקע, און צי איז שוין אָנגעקומען די שיפסקאַרטע, און ווען איז געווען ביי אונז די מומע דאָבריש, און פאַרוואָס איז די מאַמע דעם שבת געגאַנגען דאַווענען אָן די פּערל און נאָך און נאָך...

מיר האָט זיך אַזש דער קאָפּ פאַרדרייט פון אַזוי פיל פראַגן און עס האָט מיר מאָדנע הנאה געטאָן, וואָס דווקא מיין טאַטע פאָרט קיין אַמעריקע, און מיט קיין אינגל רעדן נישט דערוואַקסענע מענטשן אַזוי ווי מיט מיר.

און שפּעטער, אַז משה בריווטרעגער האָט געבראַכט צו אונז אין קראָם אַריין אַ גרויסן פּאַקעט, וואָס איז אָנגעקומען פון אַמע־ריקע — און די מאַמע האָט אויף דער העלפט צוגעמאַכט די קראָם און איז געלאָפן אין אַפּטייק זיך פאַנאַנדערנעמען, וואָס אין פּאַקעט איז אַזעלכעס, און ווען זי איז צוריק פון דאָרט אַרויסגעקומען אַ פאַרוויינטע, האַלטנדיק אין האַנט דעם פעטערס בריוו, די שיפס־

קאַרטע און די אָנווייזונג אויף פופצן דאָלער, — האָבן שוין אַלע געוואוסט אויף ריכטיק, אַז דער טאַטע פאָרט קיין אַמעריקע. און דאָס פאָרן איז גאָר גיך, אָט נאָר דעם יום-טוב אַריבערקומען...

**ב**

פון דעם טאָג, וואָס די שיפסקאַרטע איז אָנגעקומען, האָט אַלץ אין שטוב געקראָגן אַן אַנדער אויסזען — אין אַלץ האָט זיך געפילט אַמעריקע. און וואָס מ'האָט נישט געטאָן, צו וואָס מ'האָט זיך נישט גענומען, פון וואָס מ'האָט נישט גערעדט, האָט אַלץ אָפּגעקלונגען אין די אויערן דאָס וואָרט: אַמעריקע. דער טאַטע איז געוואָרן נאָך שטילער און אומעטיקער, איז דעם גאַנצן דאַוונען אויף די פיס אויסגעשטאַנען מיטן פנים צו דער וואַנט, און צו זיין „חק״ איז צוגעקומען נאָך אַ צען קאַפּיטלעך תהילים, וואָס ער פלעגט טאָג-טעגלעך נאָכן דאַוונען אָפּזאָגן מיט הארץ. און די מאַמע האָט אויף אַלץ געוויינט — געקושט די קינדער און געוויינט, געלייגט בוריקעס אויף יום-טוב און געוויינט, באַשמירט פאַר די קינדער ברויט מיט סיראָפּ און געוויינט, האָט דעם סידור מיט טרערן באַוואַשן. און אחרון-של-פסח, צו הזכרת-נשמות, האָט זיך פון דער ווייבערשער שול אַ גרוים געוויין געהערט — און פון אַלע האָט מיין מאַמעס קול איבערגעשטיגן; — דאָס האָט זי איר שווער הארץ אָפּגערעדט: פאַרוואָס האָט דער, „וואָס זי איז נישט ווערט זיין נאָמען אָנצורופן״, אויף אונז זיין צאָרן אויסגעגאָסן, אַז מ'זאָל ווערן נע-ונד, צעזייט איבער אַלע שבעה ימים, און פאַרוואָס זאָל זיין זיסער קול פון לערנען זיך מער נישט דאָ הערן. און געבעטן האָט זי, אַז מ'זאָל זיך אָננעמען איר קריוודע פון שלעכטע מענטשן, וואָס רייסן ביי אירע קינדער דעם ביסן פון מויל — און שונאים זאָלן אין איר קיין נקמה נישט דערלעבן...

און ביז דעם שבת, וואָס דער טאַטע האָט געדאַרפט אַוועקפאָרן, איז שוין אַלץ געווען פאַרפאַקט און אָפּגעשיקט, און אויף דער סאָפקע אין שטוב איז גרייט געלעגן אַ ווייס זאַלצזעקל, אין וועלכן עס זיינען געווען פאַרפאַקט אַביסל ביר-סוכאַרעס, קיכלעך, האָניקלעקעך, אַ פאָר העמדער, אַ טלית-קטן, אַ פעקל ציצית, אַביסל מיענטע און יום-כיפור-טראָפּנס און אַ פאָר ספרים, אין וועלכע עס איז גוט אַריינצוקוקן.

**ג**

דעם לעצטן שבת איז דער טאַטע פריער ווי שטענדיק אויפגעשטאַנען, האָט מיך אויפגעוועקט און אַוועקגענומען צו דער הרעב-

ליע. ער איז געווען צערודערט און זייער בלייך. דער טאַטע האָט מיט מיר געשמועסט ווי מיט זיינס אַ גלייכן; ער האָט מיר דערציילט, אַז די צייטן זיינען ביטער, און עס איז אין קראָם קיין פּרנסה נישטאָ, און דעריבער מוז ער אַוועקפאָרן פון דער היים און זיך אַוועקלאָזן אויף יענער זייט ים. איך זאָל זען צו זיין אַ מענטש און ווערלן לערנען און שטיין אויף זיין אָרט ביים דאַוונען, ווייל עס איז נישטאָ, ווער עס זאָל אויף מיר השגחה געבן, און אַז איך בין זיין גאַנץ שטיקל האָפנונג, און פאַר ווועמען איז זיין גאַנצע האָרעוואַניע, און צוליב וועמען לאָזט ער זיך ערשט אויף דער וועלט, אויב נישט צוליב מיר?... און איך זאָל השגחה געבן אויף די קלענערע קינדער און די מיידלעך און איך זאָל אַוועקוואַרפן די קינדערשע שטיק — איך בין שוין נישט קיין קליין אינגעלע — שבת-נחמו ווערט מיר שוין צען יאָר — און איך זאָל פאָלגן די מאַמע: אז דער טאַטע איז נישטאָ אין דערהיים איז די מאַמע דער טאַטע.

איך בין געגאַנגען ביים זייט, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און צוגעהערט יעדעם וואָרט, און דער טאַטע איז מיר עפּעס אַזוי מאָדנע טייער געוואָרן אין דער מינוט און אַזוי פיל רחמנות האָב איך געפילט צו אים — נאָך קיינמאָל האָט דער טאַטע מיט מיר אַזוי נישט גערעדט ווי יענעם פרימאָרגן.

דערנאָך האָבן מיר געטרונקען די שבתדיקע ציקאָריע, זיך אָנגעטאָן און צוזאַמען אַוועק דאַוונען. שטיל זיינען מיר אין גאָטס הויז אַריינגעקומען, דער טאַטע האָט זיך גלייך צו דער וואַנט געשטעלט און איז אַזוי די גאַנצע צייט אָפּגעשטאַנען מיטן טלית איבערן קאָפּ, און פון אונטערן טלית האָט זיך געהערט אַ שטיל דאַוונען מיט אַ שלוכצן. און ווען ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף דער בימה עולה לתורה זיין, האָט זיין קול געציטערט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט-אָט וועט ער אַ טעות האָבן מיט דער ברכה, און איך האָב פאַר קיין פאַל נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזאַ איד ווי מיין טאַטע, וואָס קען אַזוי פיל לערנען און איז שוין אַזוי פיל מאָל עולה לתורה געווען, זאָל זיך שרעקן און אַ סך מאָל איבערחזרן דעם „אתה".

אין בית-המדרש איז מאָדנע שטיל געוואָרן; אַלע האָבן זיך צו די ברכות צוגעהערט און דעם „אָמן" געענטפערט, און געדאַכט האָט זיך, אַז איבערן גאַנצן מקום-קדוש שוועבט אַרום אַן אומעט און אַ פאַרדראָס פון אַ גאַנצער עדה אידן, וואָס זיינען געקומען צום כביכול מיט תרעומות, פאַרוואָס ער האָט גאָר גורם געווען

אויף אַ אידן אַ למדן נע־ונד צו זיין פון ווייב און קינד, פון אָרט און שטענדער אין שול — אין אַ פרעמד לאַנד...

ד

אין אָוונט, באַלד נאָך הבדלה, האָבן אָנגעהויבן צו קומען מענטשן געזעגענען זיך, און באַלד איז אַ פולע שטוב געוואָרן, און אַלע האָבן גערעדט און געטומלט און געפרעגט און געענטפערט און געגעבן עצות. דער טאַטע איז אויף זיין אָרט אויבנאָן ביים טיש געזעסן, בלייך ווי די וואַנט, האָט נישט געוואוסט, וואָס מ'רעדט צו אים און וואָס ער האָט ערשט צו טאָן. מיר, די קינדער, האָבן זיך אַרום שטוב אַרומגעבלאָנקעט מיד און שלעפעריק. נישט מיר זיינען וועמען אָנגעגאַנגען, און נישט עמיצער האָט זיך אויף אונז אומגעקוקט. נאָר ווען מיר האָבן ערגעץ אויף דער סאָפקע אָפּגעזוכט אַן אָרט, זיך צונויפגעקאָרטשעט און גענומען איינשלאָפן, איז פלוצים אויסגעוואַקסן פאַר אונזערע אויגן די שכנה אסתר־חיה, לייבע דעם שוסטערס ווייב, אין דער געשטאַלט פון אַ פאַרזאָרגערן, און האָט אונז גענומען מאַטערן און דרייען און רייסן און וועקן: אפשר ווילן מיר עסן, אפשר חלה מיט פוטער, אפשר מיט סיראָפּ, אפשר אַ שטיקל קיכל. מיר האָט זיך שוין אַלץ געמישט פאַר די אויגן, און איך האָב בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס ביי אונז טוט זיך ערשט. פון וואַנען האָבן זיך גענומען אַזוי פיל מענטשן אין שטוב? וואָס וויל אָט די אידענע און וואָס באַלעבאַטעוועט זי דאָ? דער סוף איז געווען, אַז מיר זיינען אַזוי איינגעשלאָפן אין די זאַכן — זיך נישט געזעגנט און נישט געהערט דעם טאַטן אַוועקפאָרן. נאָר ווי אין חלום געדענקט זיך מיר, אַז מ'האָט מיך אויפגעזעצט אַ שלעפערדיקן. איך האָב געוויינט, און אַלע קינדער האָבן געוויינט. דער טאַטע האָט מיך אויף דער באַנק אַוועקגעשטעלט, דאָס היטל אָנגעטאָן און עפּעס גערעדט צו מיר, און מיך צו זיך געדריקט און געקושט — איך האָב זיין באָרד געפילט, און דאָס פנים איז מיר נאַס געוואָרן. איך האָב אין שלאָף געוואוסט, אַז דאָס איז מיין טאַטע, און אַז מיין טאַטע פאָרט אַוועק, און דאָס וויל זיך מיין טאַטע מיט מיר געזעגענען. איך האָב אָבער דאָס מויל נישט געקענט עפענען צו זאָגן „פאָר געזונט" און די אויגן — אַ קוק צו טאָן אויף אים. און ווען ער האָט מיך אָפּגעלאָזן און צוריק אויף דער באַנק אַוועקגעלייגט, האָב איך מיטן אַרבל דאָס פנים פון די קושן אָפּגעווישט, זיך איינגענורעט און ווידער איינגעשלאָפן.

אויף מאָרגן איז שוין גאָרנישט געווען — נישט דער טאַטע, נישט דאָס ווייסע זאַלצזעקל, וואָס איז אַ גאַנצע וואָך אויף דער באַנק געלעגן. אין שטוב איז מאָדנע שטיל און שווער געווען און אין דער שטילקייט האָט נאָר איין־איינציק וואָרט אָפּגעקלונגען: אַמעריקע... אַמעריקע...



ש. אַש.

# צום אַמעריקאַנער ברעג

עס איז געווען אַ שיינער טאָג אויף דער שיף. די זון האָט ברייט געשיינט איבערן ים, און אַזוי ווי דאָ וואָלט מען זי געלאָזט איין מאָל אין איר לעבן אויסציען זיך אין איר גאַנצער גרויסקייט, אַז עס זאָלן איר נישט שטיין אין וועג קיין שפּיצן פון דעכער און קלויסטערס — האָט זי איבערן ים געוויזן איר פּראַכט און שיין. וויפל זי האָט נאָר געסטייעט, האָט זי זיך פאַרשפּרייט איבער דעם ברייטן, אומענדלעכן וואַסער, און האָט מיט איר גלענצנדן ליכט, וואָס זי האָט געגאָסן פון זיך, אויפגעקאָכט די קאַלטע גיסנדע וועלן פון ים. דער ים האָט געברויזט קעגנאיבער איר שיין, און דאָס וואַסער האָט געשימערט. איבער דער לענג פון ים, וואו דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט דערזען, האָט זיך געוואָרפן איין גרויסע, לאַנגע שימערנדע וועל, וואָס האָט געבלישטשעט אַנטקעגן דער זון, און האָט אַזוי געלויכטן, אַז דאָס אויג האָט נישט געקאָנט אַריינקוקן אין איר ליכט, און איבער דער וועל האָט אַלץ די שיף געשטאַרקט זיך דורכצושווימען און האָט נישט געקאָנט: די לויכטנדע וועל איז איר פאָרויסגעלאָפן דעם גאַנצן וועג און האָט אויסגעברויזט אירע וואַסערן אונטער די רעדער פון שיף.

אויף דער שיף איז היינט געווען יום־טוב. מען האָט זיך דערנענטערט צום ברעג פון אַמעריקע; כאָטש מען האָט דעם ברעג נישט געזען — דאָך האָט מען געפילט זיין נאָענטקייט און מען האָט דערוואַרט יעדן אויגנבליק אים צו דערזען.

נאָך אַ טאָג פריער האָבן די מאַטראָסן די גאַנצע גרויסע שיף געוואַשן; נאָך אַ טאָג פריער האָבן זיך די מעווען פון דער אַמעריקאַנער זייט געוויזן און האָבן מיט זייער שרעקנדיק געשריי באַגליים די שיף אַ גאַנצע נאַכט; נאָך אַ טאָג פריער האָבן זיך אומענדלעך פיל קליינע שיפלעך געוויזן איבערן ים; נאָך אַ טאָג פריער האָט

מען אין די קאַיוטעס איבער דער גאַנצער שיף אויסגערופן: „מאַכט זיך גרייט!“

די אַמעריקאַנער פאָן אויפן מאַסט-בוים פלאַטערט שטאָלץ איבער דעם בדייטן ים. און די פעלקער זיינען אַרויס פון זייערע געצעלטן אויף דער אויבערדעק מקבל פנים צו זיין דעם אַמעריקאַנער באָדן. יעדער איינער האָט דאָס בעסטע אַרויסגענומען פון דעם באָדן פון זיין קאַסטן און דערמיט זיך אויסגעצייכנט. אויסגעפוצט אין יום-טוב קליידער שטייען דאָ די פעלקער פון דער וועלט אויף דעם אויבערדעק פון שיף. זייערע בליקן זיינען געווענדט מיט בענקשאַפט און זיי דערוואַרטן מיט קלאַפנדע הערצער דעם אַמעריקאַנער ברעג. דאָ און דאָרט זעט מען אַ קליינרוסישן פויער מיט זיין רויט העמדל און שוואַרצן הוט, שטייט און קוקט תמעוואַטע אויף דעם וואַסער; לעבן אים זיין ווייב, דריקט צו מיט שרעק און געבעט דעם מעטאַלענעם צלם פון איר האַרץ צו אירע ליפּן; אַ פּוילישע פּאַרטיע אין איר רויטן נאַציאָנאַל-קאָסטיום גרופּירט די קינדער אַרום זיך; אַ הויכער ברייטער איטאַליענער מיט זיין רויטן האַלזטוך און צעקנייטשטן קאַפּעליוש האַלט זיין מאַנדאָלינע אין דער האַנט; ער האָט גאָרניט ניט צו ברענגען פון זיין רייך לאַנד, נאָר זיין געזאַנג מיט זיין גיטאַרע צום אַמעריקאַנער באָדן; עס וואַרפט זיך דאָס קאָלירטע טוך אויף אַ שפּאַנישן שוואַרץ-מיידלשן קאָפּ אין דעם ים פון פאַרבן; עס בלייכט זיך אַרויס צווישן דעם ים מענטשן-קעפּ אַ בלייך קריסטוס פּנים, אַרומגערינגלט אין אַ שוואַרצער באָרד פון אַ פּוילישן אידן. דאָ און דאָרט נעמען זיך צונויף די רומענישע פויערים אַרום אַ צלם, וואָס ווייזט זיך איבער זייערע קעפּ, קניען צו דער ערד און לאָזן שאַלן איבער דעם ברייטן ים אַ רעליגיעז לויב-ליד. די קאַטוילישע באַפעלקערונג טוט זיי שוין נאָך: אין אַ צווייטן ווינקל האָבן זיך די פּוילישע פּאַרטיעס און פויערים צוזאַמענגעקליבן אַרום אַ צלם און אַ קירך-פאָן, און עס דערהערט זיך דאָס מוראַדיקע קאַטוילישע קירכן-ליד, וואָס איז מער ענלעך צו האַרצרייסנדע געשרייען, ווי צו אַ ליד. און די זון באַשימערט דאָס וואַסער, באַגיסט מיט ליכט די שיף, ברענגט צונויף די פאַרבן פון די פאַרשיידענע פעלקער אין איין גרויסן קאָלירטן פאָן; די געזאַנגען ווערן אויסגעמישט, די לידער ברומען איבערן ים, די וועלן קלאַפּן אונטער די רעדער פון שיף, און עס ווערט איין גרויס, גרויס לויב-ליד צו דעם ברעג, וועלכן אַלע דערוואַרטן מיט בענקענדיקע בליקן און קלאַפּנדיקע הערצער.

(פון „קיין אַמעריקע“)

י. י. שוואַרץ.

# דער סוף פון פאַק

אַז ס'האָט דער טאָג דערנענטערט זיך צום סוף,
און שטראַלן זיינען ראָז און קרום געפאַלן —
דאַן זיינען זיך צונויפגעקומען שכנים.
עס זיינען אָנגעקומען שווערע בעלי־בתים
מיט די פאַרגרעבט־מגושמדיקע הענט,
מיט רויט־פאַרפלאַמטע פנימער און קאַרקן.
און אַלע אין די ברייטע ווייסע פלודערן,
מיט העמדער ברייט־צעקנעפלטע ביים האַרצן,
מיט ברייטע הויכע שטרוי־היט אויף די קעפ.
דער איינציקער, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט,
געווען איז דער גרויסער דינער פאַסטאָר,
געקליידט אין שוואַרצן, פאַרשפּיליעט ביז צום האַלז
אויף אַלע קנעפ. און נאָך די מענער, זיינען
די פרומע, שטילע ווייבער נאָכגעקומען
מיט דינע און פאַרשנירטע ליפן,
צוריקגעצויגענע און שטילע, נאָר די אויגן
זיי האָבן נייגעריק און פלינק געָרעדט,
געגליטשט זיך פון איין פנים אויפן צווייטן.
האָט מען זיך אויפן גאַניק אויסגעזעצט,
די מאַנסלייט פאַר זיך, און די ווייבער פאַר זיך,
און באַלד האָט אָנגעהויבן גיין אַ רויך,
פון וויפל מענער פונקט אַזויפיל רויכלעך,
(ס'האָט נאָר פון דינעם פאַסטאָר נישט גערויכט).
די בעל־הביתטע האָט געבראַכט פון קעלער
דעם שווערן קרוג מיט קאַלטן עפּלטרונק,
וואָס האָט געבלעזלט ביז די שוואַרצע ראַנדן,
איז אומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן
באַדינענדיק די רויכנדיקע געסט.
דער איד, דער פרעמדער וואָס ער איז, איז שטיל
און פרעמד געזעסן צווישן פרעמדן עולם,
האָט שעמעוודיק, פון ווינקל־אויג, באַטראַכט
די דעמבענע און איינגעוואָרצלטע אין גרונט,

די שווערע בעלי־גופים מיט די קאַרקן — .
האָט ער זיך אומבאַהאָלפן, שוואַך, דערשפּירט,
האָט אים שוין באַנג געטאָן דער גאַנצער עסק.
איז ער געזעסן אומעטיק, פאַרקלערט,
דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, דעם קאַרק געבויגן,
און ניט געוואַגט די אויגן אויפצוהויבן.
האָט אָנגעהויבן שטיל דער בעל־הבית
צו רעדן: שכנים, — האָט ער אָנגעהויבן —
איך האָב איך אַלעמען דערציילט פון אידן,
אָט זיצט ער דאָ אַ פרעמדער צווישן אונז, —
וואָס קאָן מען פאַר אים טאָן? — דאָ האָט דער פּאַסטאָר,
אַ שטילער, אַ געלאַסענער, זיך אָנגערופן:
צוערשט לאָמיר דעם אידן אויסהערן,
און נאָכדעם וועט מען זען. — איז דאָס געפעלן
און אַלע האָבן צוגעברומט: גערעכט, גערעכט.
האָט זיי דער איד דערציילט זיין מעשה פון דאָס ניי.
גערעדט אויף זיין געבראָכן, אויסגעמאַטערט קול,
נאָר מער פון אַלץ האָט זיי גערירט דער צער,
וואָס האָט אַרויסגעוויינט פון זיינע אויגן,
דער שטומער אָפּטער זיפץ, וואָס האָט באַגלייט
די נאָנטע ווערטער מיט דער פרעמדער אויסשפּראַך
און מיט דעם פרעמדן ניגון. נאָר דער צער
פון עלנדן און היימלאָזן האָט זיך געשפּירט
אין יעדן טאָן, אין איטלעך אומפאַרשטענדלעך וואָרט.
און אַז דער איד האָט אויפגעהערט צו רעדן
איז מען אַ ווייל געזעסן שטיל: די קעפּ
געבויגן אין דעם רויטן אָוונטשיין,
און האַרץ האָט שטום גערעדט צו האַרץ; פאַרהאַרטעוועט,
פאַראייזנט ווי זיי האָבן אויסגעקוקט,
האָט דאָך געענטפערט זייער האַרץ אויף לייד,
ווייל זיי אַליין האָבן אין פריער קינדהייט
געוואוסט דעם טעם פון עלנד און פון לייד,
געהערט פון פאָטערס און פון אַלטע זיידעס,
די ערשטע פּיאָנערן פון דעם קאַמף
אויף טויט און לעבן מיט דעם רויטן מאַן,
פון שלאָפן מיט דער ביקס אין האַנט, אין מורא
פאַר פלוצימדיקע פייערן און טאָמאַהאָק.

און ס׳האָט דער צער פון עלנדן און פרעמדן
דאָ אָנגערירט די בראָווע שטומע הערצער.
האָט אויפגעשטעלט זיך דער דינער פּאַסטאָר,
אַ גלעט געטאָן דעם הויכן בלאַסן שטערן,
און קלאָר, געלאַסן, זיך גענומען רעדן.
האָט אָנגעהויבן פון די פּאַטריאַרכן:
פון אייבראַהאַם, פון אייזיק און פון דזשייקאָב,
דערציילט פון דזשאָזעפן אין פרעמדן לאַנד,
פון פּראָפעט מאָזעס מיט די צען געבאָט,
פון אַלטן קעניג דייוויד מיט די פּסאַלמען —
ביז ער איז צוגעקומען צו דעם זון פון גאָט,
דעם האַרן דזשיזוס קרייסט. דעריבער —
האָט ער פאַרענדיקט — זאָלסטו עפענען
דיין טויער פאַרן פרעמדן וועלכער קלאַפּט.

האָט אָנגעהויבן איינער פון די שכנים,
דער אַלטער טאָמפּקינס מיטן פּנים פון אַ לייב,
מיט גרויע האָר און גרויע ברעם און באָרד:
„מיין אַלטער שייער און דאָס הויז ביים וואַסער
שטייט ליידיק, אָפּגעלאָזט — זאָל זיך דער איד
אַריינציען אַהין און טאָן געשעפט.
וועל אים דערפאַר ניט רעכענען קיין געלט —
אויב ער וועט שפּעטער קענען, זאָל ער אָפּקויפן,
איך וועל פאַרקויפן ביליק״.
— „וואויל, ס׳איז וואויל״, —

האָט זיך דער בעל־הבית באַדאַנקט מיט האַרץ —
„וואָס טוט מען אָבער וואָס דער פּלאַץ איז אַלט,
און שטייט אין איין סכנה איינצופאַלן?
מיר וועלן דאָך דערהרגען אונזער איד,״ —
האָט ער געוויצלט.
„איך וועל געבן האָלץ

וויפל נאָר מען באַדאַרף צו אויפריכטן דאָס הויז״, —
האָט אָנגערופן זיך דער סוחר פון געהילץ.
„און מיר וועלן דאָס הויז און שטאַל פאַרריכטן״, —
האָט אָפּגערופן זיך פון יעדער זייט.
„מען דאַרף דאָך אָבער געלט צו פירן האַנדל״, —

האָט אַליך דער בעל־הבית ניט נאָכגעלאָזט.
„וועל אויספּאַרקויפן סחורה פונ'ם פּאַק,
וועט זיין געַנוג", — האָט איינגעשטעלט דער איד.
„פיין, פיין, אַ גוטער פּלאַן, מען דאַרף ניט בעסער.
הערי, מוטער, גיב אָקאָרשט אַהער דעם פּאַק."
און באַלד דאַרויף האָט זיך דער פּאַק באַוויזן
און זיך גענומען אויספּעקלען. עס זיינען
אַרויסגעקראָכן אויף דער ווייסער וועלט
געשטריקטע זאָקן וואָלענע פאַר ווייבער,
פון בלויען, רויטן, ראָזן, גרינעם וואָל;
מיט קליידער פון דעם פּלאַמעדיקסטן זייד;
און טישטוכער מיט בלויע, רויטע קאַסטנס
מיט שווערע גאָלדענע געדיכטע פראַנזן;
קאָלירט־געשטרייפטע העמדער פאַר די מענער;
מיט ליולקעס פונ'ם גאָלדענעם בורשטין;
און שווערע זילבער־זייגערס ווי די ציבעלעס;
מיט לאַנגע בייטשן גלעזערנע קאַרעלן
מיט בונטע פאַרבן ווי פון רעגנבויגן;
מיט ווייסע זילבערנע טאַשנמעסער
מיט שטאָלענע, מיט גרין־באַהויכטע קלינגען;
מיט מייער־קעפּלעך, מוטערפּערל, ביין;
מיט גרינע, ראָזע, שפּילצייג פאַר די קינדער,
מיט כל המינים פּאַטשערקעס און ברילן.
און איבער דעם האָט צונטערדיק געברענט
אַ גרויסע רויטע פלאַמענדיקע זון,
אַז ס'האָבן זיך די מענטשן אַזש פאַרזשמורעט,
זיך צוגעדעקט די אויגן פון די פלאַמען.
דער עולם האָט עס אָנגעקוקט פאַרגאַפט,
פאַרבלענדט אַזש פון געשריי פון די קאָלירן, —
ערשט שפּעטער זיך צעשמייכלט אין די וואָנסן.
די ווייבער זיינען אַליך געזעסן שטיל,
ווי גענז געדרייט די העלזער פון דער ווייט,
און ס'האָבן זיך די אויגן זיי געצונדן.
„הערי, ווייבער, איצט איז אייער צייט, אַהער —
באַווייזט נאָר וואָס איר קענט". — זיינען די ווייבער
געלאַסענע און שטילע צוגעקומען,
צוערשט מיט איינגעהאַלטענע באַוועגונגען —

נאָר באַלד האָט זיך צעפּלאַקערט דער יאַריד;
געוואָרן מערער אויפגעלייגט און הוימיש,
די אויגן האָבן זיך צעברענט מיט פייער,
די שטימען האָבן אויפגעלעבט געקלונגען,
די הענט האָבן געשיקט און שנעל געאַרבעט,
און איטלעכע געמאַכט פאַר זיך איר פּעקל.
די בעל־הביתטע איז געווען פאַררויטלט,
פאַרהאַוועט אומגעלאָפן צווישן קונים,
איז יעדע ווייל צום אידן צוגעקומען
צו אויספרעגן דעם מקח פון אַ חפץ:
„דו זאָג נאָר וואָס די זאַך קאָסט דיר אַליין,
דעם פּרייז וועל איך אַליין שוין שטעלן".
און ס'איז דער איד געזעסן אַ פאַרשעמטער
צווישן רויכנדיקע ווילדיקע מענער.

ס'איז טונקעלער געוואָרן. מיט דער זון
האָט אויך דער ברען און פרײלעכקייט געזעצט זיך.
די ווייבער זיינען אָפּגעקילט געוואָרן,
צוריק זיך אָפּגעטיילט אין זייער ווינקל.
די פּנימער זיינען געוואָרן ערנסט,
מען האָט זיך אויפגעהויבן, זיך צעגענעצט,
און שווייגנדיק גענומען זיך צעקריכן.
די מאַנסלייט פאַראויס מיט די ליולקעס רויך
און הינטער זיי די ווייבער מיטן ווייסצייג.
מען האָט געקלאַפּט דעם אידן אויף דער פּלייצע:
„ווי רופט מען דיך?"

„דזשאָשוא".

„פיינער נאָמען,

מיר וועלן פון היינט אָן דיך רופן: דזשאָש".
און מען איז זיך צעקראָכן אין דער נאַכט.

(פון „קענטאַקי")

א. ראַבאָי.

# ווייסע הענט

פונקט דאָס אייגענע, וואָס שבע האָט געפילט ביי זיך אין דער היים, האָט מאַניס געפילט אַ גאַנצן טאָג אין דעם אָרט, וואו איבערעם האָט אים געבראַכט.

זיי זיינען געגאַנגען איבער אַ גאַס אַ שמאָלער, און ווי מאַניסן האָט זיך אויסגעוויזן, אַן אויסגעשניטענער ערגעץ אונטער דער ערד, אַן אַ שיער אַ לאַנגע; און די שטיבער איינגעוואָרפענע, און ביי די שטיבער וועגענער מיט פערד און פעסער מיט הערינג און פעסער מיט ציבעלעס און פעסער מיט עפל און געשטעלן מיט אַלערליי סחורות און אַלטוואַרג, און אַרויסגעוואָרפענע, צעבראָכענע שטיקער מעבל און פלעשער ליידיקע און איינגעבונדענע בינטלעך זיינען גע־לעגן, איינס אויף דאָס אַנדערע, אויף קופּקעלעך אַש, און קעץ האָבן זיך געראַיעט אין דעם אָפּפאַל, און הינט פאַרלייזיקטע און אָפּגעשונדענע זיינען נאָכגעלאָפן די קעץ. און קינדער זיינען גע־שטאַנען אָדער געגאַנגען אין גאַנצע בונטן. אַזעלכע טרויעריקע קינדער, ווי זיי וואָלטן ניט געהאַט קיין מאַמעס. און בעקער־יונגען, ווייס־באַמעליקטע, האָבן געטראָגן גרויסע קוישן פריש־גע־באַקענע בייגל און היים־געבאַקן ברויט, און אידן זיינען אַרומגע־גאַנגען מיט זעגן און מיט העמערלעך, און אַנדערע אידן האָבן גע־טראָגן בערג מיט הויזן און רעקלעך און היט צו פאַרקויפן. אָט צווישן אַזעלכע גאַסן האָט איבערעם געפירט מאַניסן. און מאַניס האָט זיך געפּרואווט אַלע מאָל אָפּשטעלן און באַטראַכטן דאָס דאָ־זיקע בייז־וואונדער, אָבער איבערעם האָט אים אַלע מאָל דערמאָנט, אַז מען דאַרף גיין. ביז ער האָט אים צוגעבראַכט צו דער מיט פון גאַס. ערשט דאָ האָט זיך מאַניס אַרומגעקוקט, אַז פון אויבן איז די גאַס געווען אין גאַנצן פאַרשטעלט מיט אַ דאַך, ווי, למשל, דער דאַך פון אַ היימישער קאַמער — טאַקע אַ דאַך, און פּאָרט נישט קיין דאַך. וואָרום עס האָבן זיך דורך דעם דאַך פּאָרט דורכגעזען שטיקלעך פון דעם הימל. עס איז אָבער באַשערט געווען, אַז מאַניס זאָל זיך דערשרעקן. וואָרום אַן שרעק איז ביי אים דאָס לעבן זיינס קיינמאָל נישט אָפּגעקומען. נו, האָט ער זיך איצט אויך אַביסל דערשראָקן. עס האָט אויף דעם דאָזיקן דאַך פּלוצלונג אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן. און די אייזערנע באַלקנס פון דעם דאַך האָבן

געקרעכצט פון דעם שווערן געוויכט פון דעם, וואָס האָט אַזוי פאַר־טויבט צו ווערן געקלאַפּט. עס איז אָנגעקומען דאָס פּאַרטויבט־צו ווערעניש אַזוי ווי מיט אַ ווינט, און עס איז ווידער שטיל געוואָרן. אַ גליק, וואָס אייברעם האָט מאַניסן אויפגעקלערט, אַז דאָס איז אַזאַ באַן, וואָס לויפט אין דער הייך. וואָלט דאָך, דאַכט זיך, מאַניס באַדאַרפט זיין צופרידן, און שוין. איז אָבער מאַניס ערשט איצטער אַריין אין אַלערליי סברות און נישט אָפּגעלאָזט אייברעמען, ביז יענער האָט זיך אויף אים נישט אויסגעבייזערט און מיט גוואַלד אים אַריינגעשלעפּט אין אַ פינצטערן לאָך און אים געפירט אין דער פינצטער אַ שטיק וועג און אים ווידער אַרויסגעבראַכט אויף דער ליכטיקייט און דאָרט ערגעץ געעפנט אַ טיר. אייברעם מיט מאַניסן זיינען געבליבן שטיין אין אַ שטוב אַ טונקעלער, וועלכע איז געווען באַלויכטן, אין מיטן העלן טאָג, מיט גאַז־לעמפּלעך.

דער געפּילדער פון ניי־מאַשינען און דאָס שווערע, דערהרגענדי־קע קלאַפּן פון די אייזערנע פּרעסלעך, מיט וועלכע עטלעכע אידן האָבן געוואָרפן אויף טישן, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך מיט די דאָזיקע טישן אָפּגערעכנט און צו זיי אויסגעלאָזט זייער כעס, — באַזונדער, דאָס געפּילדעריי פון די מאַשינען, האָט גאָרנישט צוגעלאָזט, אַז עמעצער אַנדערש, דאָ אין דער דאָזיקער שטוב, זאָל וואַגן צו עפע־נען אַ מויל און עפּעס זאָגן. טאָמער האָט עמיצער יאָ עפּעס גע־זאָגט, האָט מען טאַקע נישט געהערט, וואָס ער זאָגט.

אייברעם איז דערפאַר צוגעגאַנגען צו איינעם אַ אידן, וועל־כער האָט געטראָגן אַן אַרשין איבער זיין האַלז און אַ שרייב־פענדל איבערן אויער פאַרלייגט, און אַט צו דעם אידן האָט אייברעם געזאָגט עפּעס אין אויער אַריין. מעגלעך, אַז אייברעם האָט אַריינ־געשריען יענעם אין אויער אַריין, וואָרום יענער האָט זיך אומגע־קוקט אַזוי ווי אַ דערשראָקענער און איז גיך צוגעלאָפן צו מאַניסן און אים באַטראַכט פון דעם קאָפּ ביז צו די פיס.

מאַניסעם פיס האָבן זיך ביי דעם דאָזיקן באַטראַכטעניש אַביסל אַ בויג געטאָן, און אים איז עפּעס באַלד דער דאָזיקער איד נישט געפעלן געוואָרן.

נאָכדעם איז פאָרגעקומען דער דאָזיקער שמועס צווישן דעם אידן און מאַניסן. אָבער ביידע האָבן געמוזט שרייען איינער דעם אַנדערן אין די אויערן אַריין. מאַניס האָט נישט געוואַגט אַפילו צו שרייען אַזוי הויך ווי דער איד האָט געשריען:

— אַ איד וויל זיך לערנען?

— פאַרוואָס נישט?

— עס איז נישט קיין רבנות!

— כ׳וויים...

— ווי אַלט איז אַ איד?

— כ׳וויים... קרוב צו פופציק..., — האָט מאַנים געזאָגט און האָט זיך אַביסל פאַרשעמט.

— האָסט ניט געקאָנט זיין אינגער?

מאַנים האָט געפילט ווי עמיצער וואָלט אים אָפּגעבריט. אָבער ער האָט גאָרנישט געענטפערט, — אפילו געפּרואווט אַ שמייכל טאָן.

— ווילסט זיין אַ פּרעסער?

— כ׳וויים?... — ענטפערט מאַנים און כאַפּט דערוויל אַ קוק אַהין, וואו עס שטייען אידן און הרגענען די טישן מיט די אייזערנע פּרעסלעך. ער דערשרעקט זיך פאַר איינעם פון יענע אידנס גרויסע, גרויע אויגן, וועלכע שרייען צו מאַניסן, אַז ער זאָל נישט זיין קיין פּרעסער, נישט זיין קיין פּרעסער!

— ווייז דיינע הענט! — גיט דער, וואָס מיטן שרייבפּענדל אונטערן אויער, פלוצלונג אַ זאָג צו מאַניסן.

מאַנים ווייזט אים זיינע הענט, די ווייכע, אויסגערוטע און ריינע הענט, פון דורות אויסגעאיידלטע און געוואַשענע און אָפּגעהיטענע. די דאָזיקע הענט האָבן מיט זייער ווייסקייט געטאָן אַ בליץ אין דער טונקלקייט פון שטוב, און זיי האָבן זיך געבעטן, דרייענדיק זיך און בויגנדיק מיט זייערע פינגער, אַז מען זאָל זיי נישט מאַכן אַ תל; מען זאָל זיי נישט אויסשמירן און נישט אָפּבריען מיט דעם הייסן פּרעסל.

— מיט אַזעלכע הענט! מיט אַזעלכע הענט קומט „עס" קיין אַמעריקע!...

— אַז איך האָב נישט קיין אַנדערע..., — האָט זיך מאַנים געבעטן.

— איך וועל דיר געבן אַ גרינגע אַרבעט... וויין נישט...

— ווער וויינט? — האָט זיך מאַנים געטאָן פונדעסטוועגן אַ טאַפּ ביי זיינע אויגן, צי ער וויינט טאַקע נישט.

— ווען פּאַקן העמדער?

— פאַרוואָס נישט?

— זעקס וואָכן אומזיסט.

— און דערנאָך?

— און דערנאָך... אַז עס שמעקט נאָך פון דיר די שיף, — האָט אים דער פּרעמדער איד אָנגעקלאַפּט אין אַן אַקסל.

בשעת דעם דאָזיקן געשפּרעך, איז אייבּרעם געשטאַנען און גע־האַלטן די פּיפּקע אין זיין מויל, און עס האָט אים הנאה געטאָן. וואָרום פון איין ווינקל פון זיין מויל איז גערונען אַ שמאָל ריטש־קעלע שפּייעכץ.

אייבּרעם איז אַוועקגעגאַנגען און איבּערגעלאָזט מאַניסן אַליין צווישן די פרעמדע מענטשן. מאַניס האָט אַ גאַנצן טאָג געבּענקט נאָך זיין ווייב שבען, און אַז עס איז געקומען צוועלף דער זייגער און אַלע האָבּן געגעסן אָנבּייסן, האָט מאַניס זיך אַרומגעדרייט מיט די הענט אין די קעשענעס און געטראַכט פון שבען און זי באַ־דויערט. און כאָטש עס האָט אין אים געבּרענט אַ באַגער אַהיימ־צוגיין, פונדעסטוועגן האָט ער זיך געשטאַרקט און געמאַכט, ווי ער וויל פאַרגעסן אין דער היים.

ביז צוועלף איז ער געשטאַנען און געקוקט, ווי אַזוי מען באַ־דאַרף פּאַקן אַ העמד. דער, וואָס מיט דעם שרייבּפּענדל אונטערן אויער, האָט אים געוויזן, ווי אַזוי מען פּאַקט העמדער.

נאָך דעם מאָלצייט, און די מאַשינען האָבּן ווידער אָנגעהויבּן צו פּילדערן, איז שוין מאַניס געשטאַנען איבּער אַ טיש, וואָס האָט מיט זיין הייך דערגרייכט ביז מאַניסעס באָרד, און אויף דעם טיש איז געלעגן אַ העמד, מיט רויטע און בּלויע פּאַסן, און מאַניס האָט געפּרואווט דאָס דאָזיקע העמד צונויפלייגן. פריער האָט ער פון דעם דאָזיקן העמד באַדאַרפט אַרויסשלעפּן שטיקלעך איבּעריקע פּעדים, וועלכע זיינען געהאַנגען דאָ און דאָרט. פּאַרטיק געוואָרן מיט די פּעדים, האָט מאַניס געפּרואווט צונויפלייגן דאָס העמד. פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט נישט געקאָנט. די צוויי אַרבּל זיינען געשטאַנען אין וועג. ער האָט באַדאַרפט די צוויי אַרבּל אַזוי באַ־האַלטן אין העמד אינוויינים, אַז מען זאָל נישט אַרויסזען, און זיי זאָלן, חוץ דעם, ליגן אַזוי באַקוועם באַהאַלטן אין העמד, אַז זיי זאָלן חלילה נישט צעקנייטשט ווערן. פון דעם העמד האָט גע־שמעקט מיט פרישע לייוונט און מיט דעם ריח פון הייסן פּרעסל, און די בּלויע און רויטע פּאַסן האָבּן געלאָקערט דאָס אויג, און ווייסע קליינע קנעפּלעך האָבּן געוואונקען, אַזוי ווי קליינע שטערן איבּער דער גאַנצער לענג פון אַ בּלויען פּאַס. זאָלן אָבּער פאַר־שאָלטן ווערן די אַרבּל, וואָס זיי האָבּן זיך נישט געוואָלט אונ־טערגעבּן. און אָט איז שוין מאַניס פּאַרטיק מיט דעם העמד און טוט עס אַ הויבּ אויף אין דער הייך, און די צוויי אַרבּל פאַלן אַרויס, און פון די ניי־מאַשינען הייבּן זיך אויסגעבּויגענע פּלייצעס, און עס הערט זיך אַ געלעכטער.

און דער באַרג מיט העמדער וואַקסט. און מאַנים דערשרעקט זיך פאַר דעם באַרג מיט העמדער, און דער איד מיט דעם שרייב־פענדל קומט צולויפן און ווייזט אים נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל.

— זעסט, ווי גיך עס גייט.

— כ'האָב עס ביי מיין טאַטן נישט געטאָן, — בעט זיך מאַנים.

— מען ווייסט, מען ווייסט, — שרייט אַזוי ווי מיט כעס דער, וואָס מיט דעם שרייבפענדל, און בשעת־מעשה פליען אים די געפּאַקטע העמדער פון די הענט.

ערשט ביים סוף פון טאָג איז מאַנים געוואויר געוואָרן פון דעם סוד, ווי אַזוי מען באַדאַרף פּאַקן אַ העמד, און עס איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. יאָ. עס איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אָבער דעמאָלט האָבן זיך שוין אַלע געקליבן גיין אַהיים. מילא, גיין אַהיים איז אַן ענין; אָבער מאַניסן איז געוואָרן אַ שאָד, וואָרום ערשט איצט זיך אויסגעלערנט, און מען באַדאַרף שוין גיין אַהיים.



שלום אַש.

# דער גרוס

שבת אויף דער נאַכט, ווען מאיר האָט געהאַט הבדלה אָפּ־געמאַכט אין זיין ווינקל צווישן דעם קאַסטן און בעט, האָט ער זיך אָנגעטאָן דעם ראָק און איז געגאַנגען, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען, צו די לאַנדסלייט אויף דער דריטער סטריט. ער איז געווען זייער טרויעריק, וואָרום אַכט חדשים איז ער שוין פון דער היים, אָן דער ווייב און אָן די קינדער, — און איז דען פאַר אַ אידן אַ תכלית צו זיין אַליין? — ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיינע שבתים, זיין פסח אַליין, און די קינדער אין דער היים אָן אַ פאָטער, — ווער קוקט זיך אויף זיי אום? ער האָט טאַקע פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס ער איז אַהער געקומען, אָנגעהויבן צו קלערן וועגן אַ תכלית, און כאָטש ער האָט חנה־לאהן אַהיימגעשיקט געלט, דאָך האָט ער שוין אָנגעהויבן אָפּצושפּאָרן יעדע וואָך פון זיינע פאַר־דינסטן אַ קלייניקייט אויף אַ תכלית. אָבער וואָס וועט זיין דער

סוף: ער וועט אַהיימפֿאָרן אָדער זיי אַהער ברענגען? נאָר, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט איז געווען זייער ווייניק אי אויף אַהיימצו־פֿאָרן, אי זיי אַהער צו ברענגען. און דאָ רעדט מען עפּעס וועגן אַ „סלעק", ווען ס'מאַכט זיך אַ שלעכטע צייט. אַנדערע געהערן עפּעס צו אַזעלכע חברות, וועלכע צאָלן אין אַ שלעכטער צייט. דער קרוב פֿון דער דריטער סטריט האָט אים צוגערעדט, ער זאָל אויך אַריינטרעטן אין עפּעס אַ חברה „אחדות", וואו אַלע אַרבעטער האַלטן זיך צוזאַמען. נאָר אים האָט בעת מעשׂה פֿאַרדראָסן, וואָס דער קרוב האָט אים גענומען בבחינת אַרבעטער? — וואָס פֿאַר אַן אַרבעטער איז ער? ער איז אַ איד, אַ יודע ספֿר.

נאָר נישט וועגן דעם האָט ער איצט געקלערט, גייענדיק צו דער דריטער סטריט. אַהיימפֿאָרן צוריק — וואָס וועט זיין דער תּכלית? דער זעלבער אָרעמאַן וואָס פֿריער. און מיט וואָס וועט ער זיך מפֿרנס זיין? ווען ער איז דאָ, פֿאַרדינט ער דאָך און פּירט צוויי הייזער (מאיר האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ הויז) און שפּאָרט נאָך אַביסל. און רחלע, די עלטסטע טאָכטער, זאָגט מען, וואָלט דאָ אויך באַלד געקאָנט פֿאַרדינען. און אַז מען קומט אַהער מיט קינדער, ווערן דאָ עלטערן גאָר גליקלעך, והא ראיה, ר' חיימס אלמנה פֿון דער דריטער סטריט. נאָר גלאָט, ווי נעמט מען אַהער חנה־לאהן מיט די קינדער, און וואָס וועט זיין מכּח אידישקייט, מכּח לערנען? מילא, די קאָמאַנדע — וועלן זיי נישט זיין קיין גרויסע לומדים, זיי וועלן סיי ווי סיי נישט לערנען. אָבער יאָסעלע? און קלערנדיק וועגן יאָסעלען, האָט אים אַזאַ פֿאָטער־לעך רחמנות געפֿיל אַרומגענומען, אַז ער האָט אַליין אויף זיך אָנ־געהויבן רחמנות צו קריגן. ער האָט שטענדיג געזען יאָסעלען, ווי ער שטייט אין שטיבל אויף זיין אָרט און האַלט דעם סידור אין האַנט און דאַווענט פֿרום. אָדער ער האָט אים געזען, ווי שבת נאָכמיטאָג (יאָסעלע האָט אָנגעהויבן חומש צו לערנען און קאָן שוין די ערשטע פּרשה) נעמט ער דעם חומש און מישט זיך אויף, און וויל, אַז עס זאָל אים ווער פֿאַרהערן. ער גייט צו צו דער מוטער, זי זאָל אים פֿאַרהערן די פּרשה חומש. נאָר די מוטער קוקט אַריין און ווייסט נישט, וואָס יאָסעלע זאָגט.

מיט אַזעלכע געדאַנקען איז מאיר אָנגעקומען צו די לאַנדסלייט. ביי די לאַנדסלייט אין הויז האָט ער שוין געטראָפֿן די קינדער־וועג־לעך, אין וועלכע די ווייבער פֿון די אנשי לענשנע האָבן געבראַכט צופֿירן זייערע קינדער. און ער האָט זיך ווידער דערמאָנט אָן חנה־לאהן. די שטוב איז געווען פֿול מיט מענער, ווייבער, עלטערע און

זויגנדיקע קינדער — אַלע זיינען געווען אויסגעזעצט אויף די בעטן, אויף די בענקלעך, אויף דער ערד. די ווייבער האָבן די זויגנדיקע קינדער געהאַלטן ביי זיך, און די עלטערע קינדער האָבן זיך אין מיטן שטוב געשפּילט. די שטוב איז פול געווען מיט רויך פון פּאַפּיראָסן. אויבנאָן ביים טיש איז געזעסן יואל וואַטנמאַכער פון דער היים, אַרום אים — די אַנשי לענשנע, און ער האָט דערציילט וועגן לענשנע.

יואל וואַטנמאַכער איז ערשט געהאַט אָנגעקומען פון לענשנע, און באַלד האָבן זיך די לענשנער פון גאַנץ ניו יאָרק דערוואוסט, אַז ס'איז אָנגעקומען אַ נייער לענשנער, און זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו דער אלמנה חיה, אויספרעגן ביי יואלן אויף די זייעריקע.

מאיר האָט אויך געוואָלט פרעגן אויף זיינע, נאָר דער עולם האָט געהאַט אַזוי אַרומגערינגלט דעם וואַטנמאַכער, אַז ער האָט זיך נישט געקענט צוקריגן צו אים. יעדער איינער האָט אויסגעפרעגט נישט בלויז אויף די זייניקע, נאָר אויך אויף באַקאַנטע, און עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע זיינען נייגעריק געווען צו וויסן, וואָס עס איז געוואָרן דער סוף פון געוויסע גאַסן, הייזער, בהמות און חיות פון לענשנע; איינער, אַן עלטערער מענטש, מיט אַ דיק בייכל און אַ סך גאָלד אויף זיך, אויך אַ לענשנער, און וואָס מאיר האָט אים געדענקט ווי אויס אַ חלום — דער עולם האָט אים גערופן: דער „אַלרייטניק" — האָט עפּעס גערעדט וועגן יאָרצייט און וועגן אַהיימפאָרן אויף אַ יאָרצייט. פאַר אים, דעם „אַלרייטניק", האָט דער וואַטנמאַכער געזעצן, האָבן אַלע דרך־ארץ. דערפאַר האָט ער אים אַלערערשטנס אָפּגעענטפערט. דערנאָך האָט ער דערציילט, דער „אַלרייטניק", פאַרשיידענע מעשיות, פון וועלכע דער עולם האָט זיך צעלאַכט, און מאיר האָט זיך פאַרשעמט און פאַרקליבן זיך אין אַ ווינקל.

דער עולם איז אָבער אַריינגעקומען אין אַ ליכטיקער שטימונג פון דעם „אַלרייטניקס" מעשיות, און דער „אַלרייטניק" האָט אַראָפּגעשיקט נאָך ביר פאַר דעם גאַנצן עולם. דענסטמאָל האָט מען זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען אָן אַלע זאַכן, וואָס זיינען אין שטעטל פאַרלאָפן אין די קינדער־יאָרן און מ'האָט אָנגערופן נעמען פון מענטשן, וועלכע זיינען שוין לאַנג אויפן „גוטן אָרט" געווען און נעמען פון הייזער און גאַסן, וואָס עס איז שוין פון זיי קיין זכר נישט געווען. דענסטמאָל האָט זיך אויפגעהויבן משהלע דער קאָזאַק, וואָס איז נאָך אין דער היים געווען באַוואוסט פאַר אַ גרויסן לץ און קונצנמאַכער, און האָט אין דער היים עפּעס אין אַ טעאַטער געזאָלט האָבן

געשפּילט און דאָ איז ער אַ גאַנצער פּריזירער און אַ מאַכער אויך אין די טעאַטערס — און האָט אָנגעהויבן נאָכצומאַכן ווי שלמה סוקניק דאַוונט אין דער חברה פּאַרן עמוד מיט זיין קוויטשענדיקן קולכעל, און ווי חיה־ראָשע טאַנצט אויף די חתונות, און ווי גנענדל־בריינע פּאַלט שבת אַוועק נאָך דעם קוגל אויף דער „כאַלערע" און איצעלע דער פעלדשער קומט צולויפן מיטן „שמעק־פלעשעלע". דאָס זיינען אַלץ געווען נעמען פון מענטשן, וועלכע האָבן שוין לאַנג גערוט אין דר'ערד ערגעץ־וואו אויף אַ בערגל, אויף יענער זייט ים, און וואָס קיינער פון די לעבעדיקע האָט שוין נישט געוואוסט פון זיי און נישט געהערט פון זיי — אויסער דאָס ביסל „אַנשי לענשנע", וועלכע זיינען פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אויף יענער זייט ים, און האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין דעם קליינעם שטיבל און דערמאָנען זיך פון לענשנע, זייער אַלטע היים.

ווען דער „אַלרייטניק" האָט געקוויקט דעם עולם מיט די לענשנער זעלטנהייטן, האָט זיך מאיר אין דער שטיל צוגערוקט צו יואל וואַטנמאַכער און האָט געפרעגט אויף זיינע. יואל האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזען מאירן.

— אָ, איר זייט עס! שלום עליכם! אייער קליינער יונג, ווי רופט מען דאָס, יאָסעלע, דאַכט זיך, ער שמט דאָך אין דער גאַנצער שטאָט, איז מיר נאָכגעלאָפן נאָך דער פּור און האָט זיך געבעטן, אַז איך זאָל אייך איבערגעבן אַ גרוס, אַז ער לערנט זיך, און וואַרט ביז איר וועט אים פאַרהערן. שאַ, ער האָט מיר עפּעס מיטגעגעבן אַ בריוול.

יואל האָט געזוכט אין די קעשענעס.

— יאָ, ער האָט מיר געהייסן אייך זאָגן, — האָט ער ווייטער גערעדט — אַז דער רבי לערנט אים שרייבן, און ער שיקט אייך אַ בלאַט, וואָס ער אַליין האָט אָנגעשריבן.

יואל האָט עפּעס געפונען און אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר.

— דער קליינער יונג האָט מיך אַזוי געבעטן, איך האָב עס אים ניט געקענט אָפּזאָגן.

מאיר האָט זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל און אויפגעעפנט דאָס צעקנייטשטע פּאַפּיר. עס איז געווען אַ בלאַט פון אַ שרייב־בוך, אויף וועלכן עס איז אין שורות, איין שורה נאָך דער אַנדערער, געווען אויפגעשריבן אין זילבן מיט אַ קינדערשן כתב:

„איך וויל דעם טאַ־טע־שי זע־ען. איך וויל דעם טאַ־טע־שי זע־ען". אַזוי איין שורה נאָך דער צווייטער.

מאיר האָט לאַנג באַטראַכט זיין זונס האַנטשריפט. אַ מינוט האָט ער עפּעס געקלערט, צעלייגט דאָס שטיקל פּאַפּיר אין האַנט, און איז מיט אָפּגעלייגטע טריט און געדאַנקען צוגעגאַנגען צו חיהם עלטערן זון, משה־דוד, וועלכער איז שוין געווען אַ גאַנצער אַמע־ריקאַנער און גערעדט ענגליש און — האָט שטענדיק געלערנט די נייע אָנגעקומענע, ווי זיי זאָלן זיך האַלטן — און האָט אים גע־פרעגט מיט פאַרזיכט:

— מען זאָגט, אַז מען קריגט שיפסקאַרטן הי אויף אויסצאָלן, — איז עס וואָר?

— וואָס, איר ווילט אייערע אַראָפּברענגען? — האָט אים דער קרוב געפרעגט.

— איך ווייס? — איז ער זיך מיישב — און וואָס זאָגט איר?

(פון „קיין אמעריקע”).



א. ראַבאָי.

# אויף ערד

צוריק מיט צוואַנציק יאָר איז הער גאָלדנבאַרג אַ יונגער און מיט לייזיקע הענט געקומען אין דער וויטער וועסט.

זיין יונג ווייבל, רחל, האָט ער געלאָזן אין דער גרויסער שטאָט.

זי האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך „נעמען צייט”, און ווען ער וועט שרייבן, אַז ער האָט געפונען דאָס, וואָס איז גוט, וועט זי אויך אַרויסקומען.

געקומען איז ער אין די דאַקאָטאַס און האָט זיך אויסגעקליבן אַ „האָמסטעד”, וואָס איז באַשטאַנען פון הונדערט און זעכציק אַקער לאַנד, אויף וועלכע קיין מענטש האָט נאָך ניט פון אוראַלטע יאָרן זיין פוס געשטעלט.

ער האָט זיך אויסגעקליבן דאָס שטיק לאַנד מחמת פיל טעמים.

ערשטנס האָט זיך עס געצויגן איבער אַ ברייטער פלאַכע, און צו צפון זייט איז געשטאַנען אַ הויך, ברייט בערגל.

צווייטנס איז אין דער מיט פון דעם לאַנד אַ טייכל געפלאָסן.

און דריטנס איז טאַקע דאָס לאַנד אַ פּעטס און מיט טיפע

גראָזן... און נאָך און נאָך טעמים אָן א שיער. און ער האָט עס ליב באַקומען.

און איינער אַליין איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די ברייטע שטחים און געטראַכט און געמאַכט זיינע פּלענער. אָט איז ביי אים געבליבן צו בויען דאָס הויז ביים טייכל, איז אָבער געקומען אַן אַנדער פּלאַן, אַז עס וואָלט בעסער געווען אַוועקצושטעלן דאָס הויז ביים פוס פון בערגל. וואַסער וועט שוין זיין. און דערפאַר וועט עס וואַרימער זיין אין ווינטער: פאַרשטעלט פון די ווינטן.

און אין יענעם טאָג, וואָס מען האָט אים די פּאַפּירן אין רעגי־רונגס־שטיבל געגעבן צום אונטערשרייבן און אים אָנגעזאָגט פון די פאָדערונגען: אַז ערשטנס זאָל ער בויען אַ הויז, און צווייטנס — גראָבן אַ ברונעם, און דריטנס: צעאַקערן פינף אַקער לאַנד און זיי מיט עפּעס פאַרזייען, און פערטנס, וואָס דאָס איז דאָס וויכטיקסטע: ער זאָל זיך אויף דער ערד אַליין באַזעצן און עס מאַכן פאַר זיין אייגענער היים, — האָט גאָלדנבאַרג צו אַלעם געשאָקלט מיט זיין קאָפּ און געשוויגן.

ער האָט ניט געקענט זאָגן דאָס, וואָס עס האָט זיך אים גע־וואָלט זאָגן פון זיין טיפן האַרץ אַרויס, נאָר שטום האָט ער די פּאַ־פּירן געחתמעט.

ער האָט באַלד זיין רחלען געשריבן קורץ און פריילעך:

„טייערע רחלע, אַ גוט שטיק לאַנד גענומען... גרייט זיך אין וועג, איך נעם זיך שוין בויען״...

און אזוי ווי ער האָט עס נאָר אַוועקגעשריבן זיין ליבער פרוי, האָט ער זיך שוין דערפילט אויף דער נאַקעטער פּריירי ווי אין דער היים.

ער איז אַוועק צו דעם נאָענטסטן שכן, הער עלקינס, וועלכער האָט שוין דאַן געהאַט צוויי פערד און אַ גוטע ווירטשאַפט, און זיך מיט אים באַקענט.

— וואָס קאָן איך טאָן פאַר אייך? — האָט יענער היימלעך געפרעגט.

— איך וויל אַפּריער טאָן פאַר אייך אַן אַרבעט, און דאַן זאָלט איר מיר צוריק אָפּהעלפן, — האָט גאָלדנבאַרג געענטפערט.

עלקינס האָט זיך באַליידיקט:

— ביי אונז גייט עס אַנדערש... מען רעכנט זיך ניט. נאָר וואָס איר דאַרפט, וועל איך מיט פאַרגעניגן טאָן פאַר אייך, און אז איכ׳ל דאַרפן, וועט איר, גלויב איך, אויך טאָן עפּעס.

— איך ווער, איך ווער, — האָט גאָלדנבאַרג געמורמלט און ניט פאַרשטאַנען דעם חילוק.

און צוערשט איז עלקינס מיט אים געפאָרן אין שטעטל אַריין און זיי האָבן געבראַכט אַ פולן וואָגן מיט ברעטער און שינדלען און אַנדערע נויטיקע מאַטעריאַלן.

און גאָלדנבאַרג האָט שוין געמוזט נעכטיקן און קעסט עסן ביי עלקינסן. פרוי עלקינס האָט נאָך דאַן געלעבט און זי האָט צוליב דעם נייעם שכן אַן עוף געהרגעט און פאַר אים געבראָטן פלייש מיט בולבעס.

— זייט איר דאָך אַ „דזשו” און איר טאָרט ניט עסן קיין חזיר... — האָט זי פילבאַדייטנדיק געזאָגט.

אויף דעם דריטן טאָג איז הער עלקינס אַרויסגעפאָרן מיט זיין אַקער און פערד און פאַר גאָלדנבאַרגן צעאַקערט אַ שטח לאַנד. ער האָט עס געטאָן אַ פּאָר טעג נאָכאַנאַנד, ביז ער האָט צעאַקערט אַן ערך פון פינף אַקער לאַנד.

דערווייל האָט דער איד גאָלדנבאַרג מיט זיין איינגעקויפטער האַק ערגעץ אין אַ טיפן טאָל ווערבעס אָנגעהאַקט און זיי געבראַכט צו טראָגן אויף זיינע אַקסלען און זיי אַוועקגעלייגט אין אַ שטוים נאָענט פון דעם פּלאַץ, וואו ער האָט געוואָלט בויען דאָס הויז. און אַז ער האָט געהאַט אַ סך קלעצלעך, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און זיי צעהאַקט אין קליינע שפּענדלעך.

און עלקינס איז מיט אים ווייטער אַוועק אין שטעטל. און זיי האָבן געבראַכט אַ וואָגן מיט בולבעס-זריעה. עס איז נאָך ניט גע-ווען שפּעט צו פאַרזעצן קאַרטאָפל.

און עס האָט באַלד אָנגעהויבן צו גיין זיין נאָמען פון איין מויל צו אַ צווייטן.

פלעגט אַ שכן אַדורכפאָרן און זען די קופּקע מיט די שפּע-נער, וועלכע האָט זיך געוויסט פון ווייטנס, און דאָס צעאַקערטע שטיק לאַנד, פלעגט ער עס דערציילן אין שטעטל.

און אַז מען האָט די בולבעס פאַרזעצט, האָט עס גאָלדנבאַרג געטאָן מיט גרויס כוונה און פלייסיק די צעשניטענע שטיקער זריעה געלייגט מיט דער שאָלעכץ אַרויף.

דאָס, און דער אופן, ווי ער האָט עס געטאָן, איז עלקינסן שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט עס דערציילט פאַר שכנים און אין שטעטל.

און שפּעטער, מיט אַ וואָך נאָך איידער די בולבעס האָבן באַוויזן

אַנצוהויבן אַרויסקומען פון דער ערד, האָט אים עלקינס געהאָלפן אויפשטעלן די ערשטע פאָרמען פון דעם הויז.

גאָלדנבאַרג איז דעמאָלט צוגעפאַלן צו עלקינסעס הענט און זיי גענומען קושן און אַליין ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן דעם „גוי", וועלכער האָט אים אַזוי פיל אַרויסגעהאָלפן.

און עס איז אַוועק זיין אַרבעט מיט אַ סדר.

מיט זונען־אויפגאַנג פלעגט ער אָנהויבן בויען דאָס הויז. איינער אַליין האָט ער עס געבויט. און מיט זונען־אונטערגאַנג האָט ער די אַרבעט פון הויז אַוועקגעלייגט און זיך אַ נעם געטאָן צו די בולבעס, וועלכע האָבן שוין אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון דער ערד אַרויס, מיט צוויי און מיט פיר בלעטלעך, און זיי גערייניקט קעגן דער לבנה־שיין פון די יונגע קרייטעכער.

האָט מען עס דערציילט אין שטעטל, און דער איד האָט באַקומען אַ נאָמען אַ גוטן, און מען האָט אים שוין געשאַצט אין גרויסע געלטן און מיט אַ גוטער היים.

און העט שפּעטער, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם הויז, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פירעקעכיקן צימער מיט אַ קליינער קיך און אַן אויוון פון שטיינער; און אַז ער האָט שוין אויסגעגראָבן דעם ברונעם און אים קיילעכיק אויסגעלייגט מיט שטיינער, אַז די שכנים זיינען געקומען קוקן אויפן וואונדער, האָט גאָלדנבאַרג געשיקט נאָך זיין פרוי.

(פון „הער גאָלדנבאַרג").



שלום־עליכם.

# מיר סטרייקן!

## א

מיר דאַכט, אַז ס'איז גאָר ניטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט, ווי אַז מען סטרייקט. דאָס האָט אַזאַ פּנים, ווי אַז איר לערנט ביי אַ רבין, וואָס שלאָגט זיך צו שטאַרק, נעמט מען אָפּ ביי אים די קינדער און מע זוכט אַן אַנדער מלמד. דערווייל הערט איר אויף צו גיין אין חדר. מיין ברודער אליהו און אונזער חבר פּיניע האָבן אויפגעהערט צו גיין אין שאַפּ. אונזער שטוב האָט שוין גאָר אַן אַנדער פּנים, זינט זיי זיינען אין דער היים. אַזוי האָבן מיר זיי אַנגעקוקט איין מאָל אין וואָך — זונטיק. וואָרום אַז מען אַרבעט אין שאַפּ, מוז מען אויפשטיין כאור, כדי מע זאָל חלילה ניט פאַרשפּעטיקן. און אַז זיי זיינען געקומען אַהיים, פלעג איך שוין שלאָפן. פאַרוואָס? דערפאַר וואָס זיי האָבן געאַרבעט „אָווערטיימ". דאָס הייסט, אַז אַלע אַנדערע אַרבעטער זיינען גע־גאַנגען אַהיים, זיינען אונזערע לייט נאָך געזעסן אין שאַפּ ביי דער אַרבעט, — ניט דערפאַר, וואָס מען האָט זיי געגנוית פון קהל; זיי האָבן געאַרבעט „אָווערטיימ", בכדי זיי זאָלן מער פאַרדינען. אַי, אַז ס'איז געקומען צום צאָלן, האָט מען ביי זיי אָפּגעריסן טעג — וואָס זיינען זיי שולדיק? — „עלעהיי, גזלנים זיינען אונז באַפאַלן..." — אַזוי האָט געזאָגט מיין ברודער אליהו.

— עלעהיי, דו ביסט אַ לעקיש! — זאָגט צו אים מיין שווע־גערן ברכה. ווען זי, זאָגט זי, זאָל אַרבעטן אין אַ שאַפּ, וואָלט זי זיך ניט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. זי זאָגט, אַז אַלע „פאַרלייט" מיט אַלע „באָסעס" וואָלטן ביי איר געקייט די ערד. און איר מעגט איר גלויבן. ברכה קאָן!

## ב

דערפאַר האָט זי זיך געקילט דאָס האַרץ, ווען אַלע שעפּער האָבן דערקלערט אַ סטרייק. דאָס הייסט, אַלע שניידערס, וויפל ס'איז פאַראַן אין ניו־יאָרק, האָבן אַוועקגעלייגט שער און אייזן און — „גוד־באַי". וויי־וויי, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן! אין דער היים, און אויף דער סטריט, און אין די האָלס! — אַ „האָל"

— איז אַ זאַל, אָדער אַ טעאַטער. ס׳קלויבן זיך צונויף אַהינצוצו אַלע שניידערס פון גאַנץ ניו־יאָרק אויף אַ מיטינג, און מע רעדט און מע רעדט און מע רעדט. איר הערט זיך דאָרט אָן אַזעלכע ווערטער, וואָס איר האָט זיי קיינמאָל ניט געהערט: „דזשענעראַל סטרייק“... „יוניאָן“... „אָרגאַניזירט“... „אַכט און פערציק שטונדן“... „העכערע ווידזשעס“... „בעסערע באַהאַנדלונג“... „סקעבס“... „סטרייק־ברעכערס“... „פּיקעטס“... און נאָך כדומה אַזעלכע ווער־טער, וואָס איר פאַרשטייט זיי ניט. מיין חבר מענדל זאָגט, אַז ער פאַרשטייט זיי יאָ, נאָר געבן מיר צו פאַרשטיין קאָן ער ניט. „וועסט עלטער ווערן“, זאָגט ער מיר, „וועסטו אַליין פאַרשטיין“. עס קאָן זיין. דערוויייל קוק איך זיך צו, ווי דער עולם היצט זיך, און עס בייסן זיך מיר די הענט. עס גלוסט זיך מיר זיי אַלע אַראָפּ־כאַפּן אויף פּאַפּיר. אויסמאָלן איטלעכן באַזונדער, ווי ער זעט אויס, וואָס ער טוט, ווי אַזוי ער שטייט און ווי אַזוי ער רעדט.

## ג

למשל, נעמט מיין ברודער אליהו. ער אַליין רעדט ניט קיין וואָרט. ער גייט נאָר צו צו איטלעכס רעדל און שטעקט אַריין די נאָז, אָדער ער לייגט צו אַן אויער. בעת מעשה בייסט ער די נעגל און איז שטאַרק אויפגערעגט. אַ פאַרגעניגן צו זען מיין ברו־דער, ווי ער שאָקלט־צו מיטן קאָפּ יעדן איינציקן, וואָס ער רעדט. ער איז מיט אַלעמען מרוצה, וואָס יענער זאָל ניט זאָגן. אָט איז צוגעקומען צו אים אַ שניידער מיט אַ גולקע אויף איין זייט קאָפּ — פון דער לינקער זייט. דער שניידער האָט אים אָנגענומען ביי אַ לאַץ און טרייסלט אים און רעדט אין אים אַריין, אַז ס׳איז אַרויסגעוואָרפן דער גאַנצער טאַראַראַם; די שניידערס וועלן מיט זייער סטרייק גאָרנישט ניט אויספירן, מחמת די „אַסאָסיאיישאָן“ פון די „מאַנופעקטשורערס“ איז צו שטאַרק פאַר אונז! שאָקלט אים מיין ברודער צו מיטן קאָפּ. און איך האָב זייער מורא, אַז מיין ברודער אליהו ווייסט אַזוי, וואָס באַדייט „אַסאָסיאיישאָן“ און „מאַנופעקטשורערס“, ווי איך... וואָרום אָט איז צוגעגאַנגען צו אליהון אַן אַנדער שניידער מיט אַ פּנים פון אַ קאַטשקע, — אַז ער רעדט, פּאַטשט ער מיט די ליפּן. דער שניידער האָט אָנגענומען מיין ברודער פאַר אַ קנעפּל און האָט לאַנג איבער אים גערעדט, געפּאַטשט מיט די ליפּן. ער האָט אַלע מינוט אויסגערופן: ניין! מיר מוזן קעמפן, אויסקעמפן ביזן סוף! האָט אים מיין ברודער

אויך אויסגעהערט און אויך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אַן עבירה, וואָס מיין שוועגערן איז דאָ ניטאָ. זי וואָלט אים שוין עפּעס אַריינגעזאָגט.

## ד

גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזען אונזער חבר פּיניע. ווער עס האָט אים ניט געזען, און ווער עס האָט אים ניט געהערט רעדן אויף אַ מיטינג, דער האָט גאָר קיין שיינס ניט געזען אויף זיין לעבן. אונזער פּיניעס פיגור דאַרף אייך זיין באַקאַנט נאָך פון מיינע פריערדיקע מעשיות. זיינע קורצזיכטיקע אויגן מיט זיין לאַנגער שפּיציקער נאָז, וואָס קוקט אַראָפּ אין מויל אַריין, געדענקט איר מסתמא. זיינע לאַנגע, שמאָלע הויזן, איין הויז אַראָפּ, איין הויז אַרויף, און זיין שניפּס אויף דער צעשפּיליעטער מאַנישקע — האָט איר אַוודאי אויך ניט פאַרגעסן. הײנט זיין רעדן, זיין פּינען מיט דער נשמה און זיין שיטן פונ׳ם אַרבל מיט הויכע שיינע ווערטער און מיט קלינגענדיקע נעמען פון גרויסע לייט? אַצינד שטעלט אייך פאָר, אַז פּיניע צעהיצט זיך און רעדט פאַר אַן עולם פון טויזנטער מענטשן, וואָס ווילן אים דווקא ניט הערן. אָנגעהויבן האָט ער אַזש פון קאָלאָמבוסן, ווי אַזוי ער האָט אַנטדעקט אַמעריקע, און איז באַלד אַרויף אויף די פאַראייניקטע שטאַטן און האָט זיך פאַרמאָסטן צו רעדן און צו רעדן. האָט מען אים ניט געלאָזט.

— ווער איז דער „ספּיקער”? — פרעגט איין שניידער ביים אַנדערן.

— אַ „גרינהאָרן”! — ענטפערט אים יענער.

— וואָס וויל ער?

— וואָס „באַדערט” ער?

— וואָס האַקט ער אַ טשייניק?

— „שאַראַפּ”! — שרייט אויס איינער, און אַ סך אַנדערע כאַפּן אים אונטער:

— „שאַראַפּ”!...

## ה

„שאַראַפּ” איז אַפילו אַ מיאוס וואָרט. די טייטש פונ׳ם וואָרט איז „אַראָפּ פון מאַרק!” נאָר אונזער חבר פּיניע שרעקט זיך ניט פאַר קיין ווערטער. אַז ער צערעדט זיך, איז ווי אַ פּאַס וואַסער, וואָס מען האָט אָפּגעשטעקט און פאַרוואָרפן דעם צאַפּן. איר קאָנט

צוהאַלטן מיט דער האַנט, פאַרשטאָפּן מיט אַ שמאַטע — עס וועט אייך קיין זאַך ניט העלפן; ביז דאָס וואַסער וועט ניט אַרויסגיין ביזן לעצטן טראָפּן, איז אַן עבירה אייער טרחה. פּיניע מוז אָפּ־רעדן זיינס. סיידן מע זאָל אים אַראָפּשלעפּן פון דער בינע. דאָ הייסט עס ניט בינע. דאָ הייסט עס „סטיידזש”. איצטיקס מאָל האָט מען אים טאַקע געמוזט אַזוי טאָן. צוויי שניידער־יונגען, פרע־סערס, האָבן אים גענומען פאַר ביידע הענט און מען האָט אים מיט כבוד אַראָפּגעפירט פון׳ם „סטיידזש”. דאָס האָט אים אָבער גאָרנישט געשטערט אויסצופירן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט אויס־פירן. ער האָט דאָס איבעריקע דערעדט, שוין גייענדיק מיט אונז אַהיים. און אַז מיר זיינען געקומען אַהיים, האָט ער נאָך לאַנג גערעדט פאַר מיין מאַמען און פאַר מיין שוועגערן ברכה און פאַר זיין ווייב טייבל. איך און מיין חבר מענדל זיינען אויך געווען צווישן די צוהערער. און מיר דאַכט, אַז וועדליק פּיניע האָט גע־טענהט, איז ער גערעכט. נאָר גייט רעדט מיט ווייבער. אַז פּיניע האָט זיך גוט אָנגערעדט, רופט זיך אָן מיין שוועגערן ברכה מיט אַ משל, ווי איר שטייגער איז:

— וואָס איז דעם אינדיק פאַר אַ חילוק, צי מען קוילעט אים פּורים צו דער סעודה, צי פּסח צום סדר?...

טאָמער ווייסט איר, וואָס מיינט דערמיט ברכה?

## ו

דערווייל גייט אַוועק אַ טאָג און אַ טאָג. דער סטרייק איז אַ סטרייק. די אַרבעטער זיינען שטאָל און אייזן. מיטינגען מאַכט מען אַלע טאָג, און אַלע מאָל אויף אַ נייעם פּלאַץ. די באַלעבאַ־טים, הער איך זאָגן, האַלטן זיך אויך שטאַרק. זיי ווילן ניט נאָכ־געבן. זיי וועלן אָבער מוזן נאָכגעבן. אַזוי זאָגן אַלע. ניטאָ אַ זאַך, וואָס די אַרבעטער זאָלן ניט אויספירן. ס׳איז אַמעריקע! עס האַלט שוין ביים לעצטן מיטל. אַז דאָס וועט ניט העלפן, איז עק וועלט! אַזוי זאָגן אונזערע לייט. וואָס איז דאָס פאַר אַ מיטל? מיר וועלן זיך צונויפזאַמלען אַלע סטרייקער פון גאַנץ ניו־יאָרק און מיר וועלן דורכגיין איבער די גאַסן מיט אַ מאַרש. דאָס הייסט, טויזנטער און טויזנטער שניידערס וועלן זיך דורכשפּאַצירן מיט די פאָנען איבער דער שטאָט. מיר און מיין חבר מענדל איז דאָס דווקא געפעלן. מיר וועלן זיין די ערשטע. רעדט־זשע אָבער מיט אַזאַ אידענע, ווי מיין שוועגערן ברכה, זאָגט זי, אַז ביי איר זעט

דאָס אויס, ווי קינדער שפּילן זיך אין סאָלדאַטלעך... זי זאָגט: „אָן עבירה אייערע שיך"... האָט איר באַדאַרפט אָנקוקן אונזער פיניען און הערן, וואָס ער האָט איר געזאָגט דאַרויף!

## ז

מיר האָבן שוין געהאַלטן מיטן סטרייק גאַנץ ווייט. איך און מיין חבר מענדל האָבן זיך שוין צוגעגרייט, ווי מען גרייט זיך צו צו דעם פערטן יולי.

איך און מענדל זיינען שוין געווען יום-טובדיק. איז אונז פאַרשטערט געוואָרן די שמחה. אויף קאַנעל סטריט האָט מען געהרגעט אַ מענטשן. די ידיעה האָט אונז געבראַכט פיניע. ער זאָגט, אַז דער מענטש האָט פאַרדינט דעם טויט. ער איז געווען, זאָגט ער, אַ „גענגסטער". פרעגט אים די מאַמע: „וואָס הייסט אַ גענגסטער? אַ גנב?" זאָגט פיניע: „ערגער פון אַ גנב!" פרעגט אים די מאַמע: „אַ גזלן?" זאָגט פיניע: „ערגער פון אַ גזלן!" פרעגט די מאַמע: „וואָס קאָן זיין ערגער פון אַ גזלן?" זאָגט פיניע: „אַ „גענגסטער" איז ערגער פון אַ גזלן. וואָרום אַ גזלן איז אַ גזלן, און א „גענגסטער" איז אַ געדונגענער גזלן. דעם מענטשן האָט מען געדונגען, ער זאָל שלאָגן די סטרייקערס. איז ער באַפאַלן אַ מיידל אַ סטרייקערן און האָט זיך פאַרמאָסטן זי צו שלאָגן. האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד, זיינען זיך צונויפגעלאָפן מענטשן, און ס'איז אַרויס אַ געשלעג..." מער האָט מען פון פיניען ניט געקענט אַרויסבאַקומען גאָרניט. ער האָט אַרומגעשפּאַנט מיט זיינע לאַנגע פיס הין און צוריק. ער האָט געפינעט מיט דער נשמה. ער האָט געשפּריצט מיט פייער. ער האָט זיך געריסן ביי די האָר און געשאָטן מיט ווערטער און מיט נעמען:

— אַי, אַי, קאָלאָמבוס! אַי, אַי, וואַשינגטאָן! אַי, אַי, לינקאָלן!

דער סוף איז געווען, — פיניע האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַנטלאָפן!

## ח

ביז עפּעס וואָס, דערווייל האָט דאָס אונז געטראָפן, — מיך און מיין חבר מענדל. די מאַמע האָט זיך געשוואָרן ביי איר געזונט און ביי איר לעבן, אַז זי וועט אונז ניט אַרויסלאָזן אויף דער גאַס פאַר קיין געלט אין דער וועלט! ניט מיך, ניט מענדלען, ניט אליהון, ניט ברכהן און ניט טייבלען. וואָרום ווייבאַלד, אַז עס

האלט שוין, זאָגט זי, אַזוי ווייט, אַז מען הרגעט מענטשן אין גאַס, איז שוין עק וועלט! זי האָט אָנגעוואָרפן אויף אונז אַלעמען אַזאַ פחד, אַז טייבל האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד. גאָט ווייסט, וואו איר פיניע איז אַצינד!... האָט די מאַמע שוין פאַרגעסן אָן אונז און האָט גענומען אויסרעדן דאָס האַרץ נעבעך טייבלען: אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט, אַז עס וועט איר פיניען גאָר ניט געשען, אַז ער וועט מיט גאָטס הילף קומען בשלום אַהיים, און אַז ער וועט זיין אַ מאַן צו זיין ווייב און אַ טאַטע צו זיינע קינדערלעך.

## ט

געלויבט איז גאָט, געקומען פיניע! און געקומען איז ער מיט אַ שמחה, אַ גדולה: דער מענטש דער גענגסטער, וואָס מען האָט אים געהרגעט, לעבט און וועט לעבן. נאָר אַ קאַליקע וועט ער שוין בלייבן אויף אייביק. מען האָט אים ניט דערהרגעט אויף טויט. מען האָט אים נאָר אַזוי גוט אָנגעהרגעט. מען האָט אים אויסגעזעצט אַן אויג און איבערגעבראָכן אַ האַנט. „אַ מצוה, לאָז ער ניט זיין קיין גענגסטער!" האָט אָבער די מאַמע אויף אים רחמנות: „לאָז ער זיך זיין", זאָגט זי, „וואָס ער איז. פאַראַן אַ גאָט אין הימל, לאָז ער זיך," זאָגט זי, „מיט אים רעכענען. פאַר וואָס," זאָגט זי, „קומט אים, מען זאָל אים איבערברעכן אַ האַנט און אויסזעצן אַן אויג? וואָס זיינען שולדיק זיין ווייב און קינדער, נעבעך, זיי זאָלן האָבן אַ טאַטע אַ קאַליקע?"

## י

דער סטרייק האָט זיך פאַרצויגן, און מיר גייען אַרום אָן אַ שטאָך אַרבעט. מיין ברודער אליהו איז אויס מענטש. די מאַמע רעדט אים אויס דאָס האַרץ. זי זאָגט, אַז דער גאָט, וואָס האָט אונז גע־בראַכט קיין אַמעריקע, וועט אונז מסתמא ניט פאַרלאָזן. אונזער מחותן יונה דער בעקער און אונזערע גוטע פריינד פּעסיע די גראָבע און איר מאַן משה דער איינבינדער און די איבעריקע פריינד און גוטע פריינד קומען אַלע טאָג און טרייסטן אונז מיט גוטע ווער־טער. זיי זאָגן, אַז דער הימל איז צו דער ערד ניט געפאַלן. וואו שטייט דאָס געשריבן, אַז מען מוז לעבן אין אַמעריקע נאָר פון שניידעריי? מען קאָן מאַכן אַ לעבן אָן שניידעריי אויך.

(פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס אין אַמעריקע")

ש. אַש.

# דער אַמעריקאַנער

אַמאָל האָט זיך אין אַ קליין שטעטל אין פּוילן פּלוצלונג באַוויזן אַ פרעמדער, אָנגעטאָן אַנדערש ווי אַלע איינוואוינער פון שטעטל, — קורץ געקליידט, דייטש, אין מאָדנע געקעסטלטע הויזן, געמאַכט אויס אַ ווייבערשער סחורה מיט אַ ברייט שטייף קאַפּע-לױשל און אַ ווייסן, ווייט-אויסגעשניטענעם קראַגן; גרויסע, גאָל-דענע רינגען אויף די הענט און אַ גאָלדענע קייט אויף דער סאַמעט-געקעסטלטער וועסט; אַ מענש אָן וואָנצעס, נאָר מיט אַ בערדל. דער פרעמדער האָט אַרויסגערופן אַזאַ דערשטוינען, אַז ווען ער וואָלט ניט געגאַנגען אין גאַס מיט אַ גוט-באַקאַנטן איינוואוינער, מיט יוספשע קאַשנמאַכער, וואָלט מען זיך פאַר אים דערשראָקן. נאָר אַלטע איינוואוינער האָבן באַלד אין דעם פרעמדן דערקענט יוספשע קאַשנמאַכערס עלטסטן זון, וועלכער איז אַוועק מיט יאָרן צוריק אין די ווייטע מקומות. יונגע מענטשן האָבן גאָר ניט גע-וואוסט, אַז יוסף קאַשנמאַכער האָט אַן עלטסטן זון, און די, וועלכע האָבן יאָ געדענקט, האָבן געמיינט, אַז ער איז שוין לאַנג געשטאָרבן. זיין באַוויזן זיך פּלוצלונג אין די געסלעך פון שטעטל האָט ביי פילע אַרויסגערופן זכרונות פון דער יוגנט. זיי האָבן דערקענט אין דעם פרעמדן זייער יוגנט-פריינט, זייער חדר-חבר, זיינען צוגעגאַנגען צו אים און האָבן אים אָפּגעגעבן דעם ברייטן שלום-עליכם. באַלד איז דאָס גאַנצע שטעטל געוואָר געוואָרן פון דעם „אַמעריקאַנער", וואָס איז צוריק אַהיימגעקומען פון די ווייטע, ווייטע מקומות. און אין אָוונט איז יוסף קאַשנמאַכערס שטיבל באַלאַגערט געוואָרן פון קרובים, נאָענטע און ווייטע, פון שכנים און גלאַט איינוואוינער פונ'ם שטעטל, וועלכע זיינען געקומען נאָכפרעגן זיך נאָך זייערע, וואָס זיי האָבן אין אַמעריקע. האָט איינער געהאַט אַ זון אין אַפריקע, אין בראַזיליען אָדער אַפילו אין לאָנדאָן, ענגלאַנד, איז מען געקומען זיך נאָכפרעגן אויף אים ביים אַמעריקאַנער. ווייל וואָס דאָס איז אַזעלכעס אַמעריקע האָט מען דאָך נאָך ניט גאַנץ גוט געוואוסט אין שטעטל: אַלץ האָט געהייסן דאַמאָלסט אַמעריקע. פון יענער זייט גרעניץ אָן, האָט זיך אויסגעוויזן, איז איין, איין גרויסע שטאָט, און די שטאָט הייסט אַמעריקע.

באַלד האָט דאָס שטעטל אָנגעהויבן צו קלינגען פון דעם „אַמע-

ריקאַנערס" רייכטום. מען האָט דערציילט פון אַ שטעקן מיט אַ גאָלדענעם קאָפּ, וואָס ער האָט געבראַכט דעם פאָטער זיינעם, און פון מתנות — גאָלדענע זייגערס און קייטן, וואָס ער האָט געבראַכט די ברידער און דער גאַנצער משפחה; און האָט ער זיך נאָר שבת אין גאָס אַרויסגעוויזן אין אַ נייעם געקעסטלטן אָנצוג, אָן אויבער-ראָק מיט אַ זיידענעם אונטערשלאַק, און ביי דער שיינער עליה, וואָס מען האָט אים געגעבן, האָט ער פאַרן פאָטער געלאָזט מאַכן אַ מי שברך און געשאָנקען אַ גאַנצן רובל — האָט דאָס אַרויסגערופן אַזאַ רושם, אַז דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געטראָגן אין וואָלקנס פאַנטאַזיע פון דער לעגענדע פון „אַמעריקאַנערס" רייכטום. יוספשע קאַשנמאַכער, וועלכער איז געווען אין שטעטל ניט קיין זייער אָנגעזעענער באַלעבאָס, אַ איד, וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט געמאָלן קאַשע אין אַ קליין געוועלבל און שטענדיק אַרומגעגאַנגען ביי טאָג אַ פאַרשלאָפענער, איז מיט אַמאָל געוואָרן אַזאַ אָנגעזעענער בעל-הבית, ווי ער וואָלט דאָס גרויסע געווינס געוואונען. און אַ גאַנצן שבת האָט מען געהאַלטן אין איין טראָגן קוגל און טשאָלנט פון שיינע, אָרנטלעכע בעלי-בתימס טישן צו יוסף קאַשנמאַכערס שטוב, מכבד צו זיין דעם גרויסן גאַסט, דעם „אַמעריקאַנער".

גערעדט האָט מען, אַז דער אַמעריקאַנער איז אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַריין גרויסע געשעפטן מאַכן, אַז באַלד נאָך שבת שטעלט ער זיך מאַכן אַ גרויסע קאַשע-מיל, און ער האָט שוין אָפּגעקויפט ביים שררה פון שטעטל די פעלדער הינטער דער שטאָט. אידן האָבן זיך געמאַכט חשבונות, אַז זיי וועלן גליקלעך ווערן דורך אים. און נאָך שבת זיינען אַריינגעקומען צו יוספשע קאַשנמאַכער פאַרשיידענע בעלי-בתים, אידן מעקלער און אידן סוחרים, און האָבן אָנגעהויבן אָנצושלאָגן פאַרשיידענע געשעפטן. איינער — אָקסן, דער צווייטער — וואָל און אַ דריטער — אַ הלואה דעם שררה פון שטאָט אויף גוטע פּראָצענטער. אַנדערע זיינען ווייטער און טיפער געגאַנגען און אָנגעהויבן זיך איידל צו אינטערעסירן מיט הארץ-אַנגעלעגנהייטן, וואָרום געהערט האָט מען, אַז דער אַמעריקאַנער איז נאָך אַ בחור. דער אַמעריקאַנער האָט אַלץ אויסגעהערט זייער ערנסט, מיט אַלעם זיך אינטערעסירט, אויף אלעם זיך נאָכגעפרעגט און די איינצלהייטן פון אַלעם געוואָלט וויסן, און האָט אַלעמען האָפענונגען געגעבן, און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט שוין, שוין וועט ער טאָן דאָס געשעפט. נאָר קיין געשעפטן אין שטעטל האָט ער ניט געטאָן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, אַז דער אַמעריקאַנער האָט זיך אַרומ-

געדרייט אין שטעטל פוסט-און-פּאַס, געוואוינט אַלץ ביים פּאַטער דעם קאַשנמאַכער, קיין מילן האָט ער ניט אויפגעמויערט און קיינע געשעפטן האָט ער ניט געמאַכט, און קיין גראָשן האָט מען ביי אים ניט פאַרדינט — האָט ער זיין גאַנצן רייץ פאַרלאָרן. קיינער האָט זיך שוין מיט אים ניט אינטערעסירט. די אַמעריקאַנער געקעסטלטע הויזן האָבן קיין באַוואונדערונג מער ניט אַרויסגערופן, אויך אַפילו ניט זיינע גאָלדענע רינגען מיט די גאָלדענע מתנות. יוסף קאַשנ-מאַכער איז געוואָרן אוים מחותן. מען האָט ווייטער געהערט אַ גאַנצע נאַכט די שטיין-מילן אַרויסוויינען פון געוועלבל אַרוים און בייטאָג געזען אַ שלאָפעדיקן, פאַרמעלטן אידן. יעדער האָט געהאַט צו טאָן מיט זיינע אייגענע געשעפטן; אָן „אַמעריקאַנער" האָט מען מער ניט געדענקט.

נאָר ווען קיינער האָט זיך שוין מער ניט אינטערעסירט מיט דעם „אַמעריקאַנער", האָט זיך דער אַמעריקאַנער אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן מיט די איינוואוינער פון שטעטל — אויסגע-פרעגט יעדן באַקאַנטן, פון וואָס ער מאַכט אַ לעבן, וויפל ער פאַר-דינט אַ וואָך, און וויפל ער באַדאַרף אַ וואָך; אַריינגעקומען אין פרעמדע שטובן און געזען, ווי מען וואוינט און ווי מען לעבט, וואָס מען עסט און אויף וואָס מען שלאָפט, און אַז מען האָט אים גע-פרעגט, צו וואָס באַדאַרף ער דאָס וויסן, אויב ער וויל געבן פרנסה, האָט ער געשמייכלט:

— אַ מענטש דאַרף אַלצדינג וויסן. עס איז גוט צו וויסן.

אין אַ געוויסער צייט אַרום איז דער אַמעריקאַנער פאַרשוואונדן פון שטעטל, מיטגענומען אַ אינגערן ברודער מיט זיך, איבערגעלאָזט דעם פּאַטער, זאָגט מען, אַ פּאָר הונדערט רובל דאָס מילעכל צו פאַר-גרעסערן, און אַזוי ווי ער איז געקומען פון דער „אַמעריקע", אַזוי איז ער פאַרשוואונדן. צוערשט האָט מען עס אַפילו ניט באַמערקט, נאָר דערנאָך, אַז מען איז געוואָר געוואָרן, אַז דער „אַמעריקאַנער" איז אַוועק, האָט מען גערעדט אין שטעטל, אַז עס האָט גאָר אַנ-דערש ניט געקאָנט זיין. ווייל דאָס אַמעריקע איז אַ כישוף, וואָס לאָזט ניט רוען, און דער, וואָס האָט נאָר די שוועל איבער אַמע-ריקע אַריבערגעטראָטן, וועט שוין ניט קענען איינזיצן אויף אַנ-דערער ערד, מעג עס זיין אייגענע געבוירענע, ווייל עס ציט אים צוריק — אַזוי ווי דעם גנב צו דער תליה...

נאָר נאָך דעם „אַמעריקאַנער" האָט זיך דאָס שטעטל אָנגע-הויבן צו לאָזן קיין אַמעריקע. קיינער האָט אין אָנפאַנג ניט באַ-מערקט, ווי דאָס שטעטל ווערט ביסלעכווייז, ביסלעכווייז שיטערער

און שיטערער. די אַלטע גייען אויפֿן בית-עולם און די יונגע ווערן פֿאַרשוואונדן אין „אַמעריקע"... צוערשט האָט דער אַמעריקאַנער אַריבערגענומען זיינע אייגענע: די ברידער, דערנאָך די משפּחה, די ברידערס קינדער, די פּעטערס, די איידעמס און די זין פֿון די פּעטערס. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן צו ווענדן צו אים קינדער פֿון מחותן, באַקאַנטע און גלאַט אַזוי „לאַנדסלייט" נאָך שיפֿסקאַרטן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו יחסנען צום „אַמעריקאַנער" גלאַט פֿרעמדע אידן, געזוכט אַבי נאָר אויסצוגעפֿינען אַ שטיקל מחותנשאַפֿט און דערוויזן עס אין אַ בריוו און געבעטן אַ שיפֿסקאַרטע. דער אַמעריקאַנער זאָגט ניט אָפּ, און דאָס שטעטל ווערט איינציקווייז אויסגערונען. די „שטעט" אין דער קאַלטער שול ווערן שיטערער, גאַנצע משפּחות ווערן פֿאַרשוואונדן. שבת נאָכן דאַוונען, ביים דיינס חומש-לערנען, ווערט דער עולם וואָס אַמאָל וויניקער. אין שטעטל זעט מען מער ווייבער ווי מענער, מער עלטערן ווי קינדער, מער קליינע און אַלטע ווי דערוואַקסענע: אַלע זיינען זיי נאָך נאָכן „אַמעריקאַנער". אפֿילו דער אַלטער קאַשנמאַכער האָט אויף דער עלטער פֿאַרשלאָסן זיין בודקעלע, און דאָס וויינען פֿון די מילשטיינער האָט אויפֿגעהערט ביינאַכט אין אַלטן מאַרק. ער איז אַראָפּגעפֿאָרן נאָך דער „אַמעריקע", צו זען זיך מיט זיינע קינדער איידער ער שטאַרבט. אַזוי פֿאָרן זיי נאָך דעם „אַמעריקאַנער", ווי ער וואָלט זיי מיט אַ כשוף אַהין געצויגן, ביזן היינטיקן טאָג...

אין „אַמעריקע" האָבן זיך די איינוואוינער פֿון שטעטל צוריק געפֿונען. אויף דער „בויערי" איז געשטאַנען אַ דריי-שטאָקיק הויז, פֿאַרשטויבט און שמוציק, וואָס די עלעוויטאָרס האָבן אָנגעטראָגן דערויף דעם שטויב פֿון די גאַסן. און אין די אויבערשטע שטאָקן איז געזעסן דאָס גאַנצע שטעטל קוזמין און עס האָט געגייט מלבושים ביים אמעריקאנער. און ווער איז אויף דער בויערי דען ניט געזעסן! די למדנים פֿון שטעטל, די יחסנים צוזאַמען מיט די בעלי-מלאכות און גלאַט גראָבע יונגען פֿון דער היים — אַלע זיינען זיי געזעסן אויפֿן הויכן עטאַזש אויף דער בויערי און האָבן גענייט און גענייט. און די וועלכע זיינען דאָרט אַריינגעפֿאַלן — זיינען געבליבן אויפֿן לעבן לאַנג. זיי האָבן מער ניט געוואוסט ווי נאָר איין וועג: אינדערפֿרי צו דער בויערי, אין אָוונט פֿון דער בויערי אַהיים. און ביים אַריינגאַנג פֿון דעם הויז אויף דער בויערי איז געשטאַנען אַ קליין פֿאַרשטויבט שילדל, וואָס האָט געטראָגן דעם אַמעריקאַנערס נאָמען: „מאָזעס מעלניק".

(פֿון „אָנקל מאָזעס")

י. באָיער.

# דעם פּיאָנערס טויט

אַנדערס איז מיט אַן אימפּעט אַריינגעפאַלן אין מאַרטענס שטיבל און האָט קוים אַרויסגערעדט:

— דו מוזט שוין מיט מיר מיטגיין צו עריקן — אָבער שנעל!

— וואָס, וואָס ז׳געשען?

— ער האַלט שמאָל.

אויף דעם שווערן וועג איבער דעם אָנגעהורדעטן שניי, האָט ער פון׳ם בחור געהערט, אַז עריק האָט זיך אָפּגעפּרווירן ביידע פיס. ער האָט איין טאָג לויז געלאָזט זיינע אָקסן, זיינען זיי פאַר-בלאָנדזשעט געוואָרן אינם שניי-שטורם, און ער האָט זיך געמוזט אַרויסלאָזן זיי אויפזוכן. ער האָט אַ גאַנצן טאָג אַרומגעבראָדיעט אין שניי, און ווען ער האָט לסוף, צו נאַכט צו, אַהיימגעבראַכט די בהמות מיט זיך, איז ער געווען אַזוי אויסגעמאַטערט און אָנגע-פרוירן, אַז ער האָט זיך אָנגעטאָנערהייט אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין. ער איז אָפּגעשלאָפן איייניקע שעה ניט שפּירנדיק קיין קעלט, אָבער ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער שוין געזען, אַז ער קאָן אויף די פיס ניט שטיין. ער איז אַרויסגעקראָכן אין דרויסן און האָט זיך אַריינגעבראַכט אַביסל שניי איינצורייבן די פיס. ער האָט לאַנג געריבן, נאָר אומזיסט; ער האָט זיי שוין נישט געקאָנט דעררייבן. ווען ער איז פאַרמאַטערט געוואָרן און האָט שוין מער גאָרניט ניט געקאָנט טאָן, האָט ער זיך צוריקגע-לייגט אין בעט אַריין און איז ווידער איינגעשלאָפן.

אין דריי טעג אַרום איז קאַל צופעליק אַריינגעקומען עריקן עפּעס צו פרעגן. עריק איז שוין דאַן געווען אין דעליריום. ער האָט נאָר באַוויזן צו זאָגן, אַז מען האָט די בהמות שוין איייניקע טעג ניט געהאָדעוועט און ניט געמאָלקן.

ווען מאַרטען איז אַריינגעקומען אין עריקס שטיבל, האָט ער דאָרט געטראָפן דזשאָ, קאַל און פּער, וועלכע זיינען דאָרט געזעסן און געהיט דעם חולה. זיי האָבן שווייגנדיק זיך אומגעקוקט. עריק איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און מיט אַ שטאַרק-

צעהיצטן פנים; דער קאָפּ איז אים געלעגן פאַרוואָרפן אין אַ זייט, אויך זיין אָטעמען איז געווען אַ שנעלער און אַן אָנגעשטרענגטער. וואָס האָבן זיי דאָ, ווייט אַרוים אין דער ווילדערניש, געזאָלט טאָן מיט אַ קראַנקען? די ווייבער, קאַרען און עליזע, זיינען אַריינגע־קומען, באַטראַכט זיינע פּנים און זיי אים געוואַשן מיט ווייכער זייף; אָבער קיין עסיק איז ביי קיינעם ניטאָ, און דאָ ווערן אים די פּנים שווין בלוי־געשוואָלן. ברענגען אַ דאָקטאָר? דער נענטסטער ישוב איז גאַנצע הונדערט מייל ווייט.

קענען זיי אים דען דאָ לאָזן ליגן און אויסגיין? זיי זיינען געווען פאַרצווייפלט. זיי האָבן ביז איצט נאָך קיינמאָל אַזוי קלאָר ניט באַגריפן, וויפל ער האָט פאַר זיי געטאָן, און ווי הילפלאָז זיי וועלן זיך פילן אָן אים. מוזן זיי אים יעצט אָנווערן?

עריק האָט האַלב אויפגעעפנט זיינע אויגן און האָט אָנגעהויבן רעדן געאַיילט און אומקלאָר. ס'איז געווען בולט, אַז ער איז ווידער אין דעלירויום און זעט פאַנטאַסטישע זעאונגען. ער האָט גערעדט וועגן נידאַראָס קאָונטי, וועגן דער אייזנבאַן און וועגן אַ ניי שטעטל. „כ'מיין, איר זאָלט דאָס שטעטל רופן נידאַראָס", האָט ער גע־מורמלט. דאַן האָט ער גערעדט וועגן אַ קירכע, אַ קאַטעדראַלע, „אַ נידאַראָס קאַטעדראַלע אין דער גרויסער פּריירי־שטאָט", — וועגן אַן אוניווערזיטעט, אַ טעאַטער, ביבליאָטעקן און שפּיטאָלן. חלומות, וואָס האָבן ביז איצט געדרעמלט אין דער טיפעניש פון זיין נשמה, האָבן זיך איצט איינער נאָכן אַנדערן אַרויסגעריסן אין דער פריי — דערהויבענע, לעבנסלוסטיקע, פאַנטאַסטישע זעאונגען. ס'איז אים ניט איינגעפאַלן, אַז ער איז קראַנק, אַז ווער ס'ניט איז זיצט דאָ לעבן אים.

ער האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגן. די דריי מענער האָבן זיך אָנגעקוקט. — אַ דאָקטער, — האָט געזאָגט קאָל. — יע, אַ דאָקטער, — האָבן די אַנדערע געמורמלט. מען האָט אָבער אַפילו ניט געקאָנט טראַכטן פון נעמען עריקן אין שטאָט אַריין אין דעם טיפן שניי. ס'האָט אויך קיין פראַגע ניט געקאָנט זיין פון אַהער אַרויסברענגען אַ דאָקטער אין אַזאַ וועטער.

— סיי ווי, אַ דאָקטער וואָלט אונז געגעבן אַן עצה וואָס צו טאָן, — האָט קאָל באַמערקט.

זיי זיינען געזעסן אַ ווײַלע און געקוקט צום בעט צו.

— ווען כ'וואָלט געהאַט אַ פּאָר סקים... — האָט פּער געזאָגט און זיך אויפגעהויבן.

אַן איינפאַל! גיין איינער אַליין איבערן שניי אַ הונדערט מייל און ניט אָנטרעפן גאַנצע דריי טעג קיין איינציק הויז, וואו זיך אָנצעוואַרעמען? ער מיינט עס ערנסט? זיין אויסגעשטעלט צו דער מעגלעכקייט פון פאַרלירן דעם וועג אין׳ם שניי-שטורם, פון פאַרפרוירן ווערן ביינאַכט, פון פאַרצוקט ווערן פון איינער פון דער טשאַטע פון אויסגעהונגערטע פריירי-וועלף, וואָס וואָיען אַזוי בלוטדורשטיק אין דער צייט פון יאָר? ער מיינט עס טאַקע אויף אַן אמת?

עריק האָט אויפגעעפנט זיינע אויגן און האָט שאַרף באַטראַכט די מענטשן אַרום אים.

— איך בין אַ פאַרלאָרענער, — האָט ער געזאָגט — מ׳קאָן גאָרניט ניט טאָן.

— מ׳טאָר זיך ניט אונטערגעבן, — האָט געזאָגט קאַל — וועסט זיכער איבערקומען, עריק. מיר׳ן גיין נאָכן דאָקטער.

— אוממעגלעך. — עריק האָט אַ שוואַכן שמייכל געטאָן — באַגייט ניט קיין נאַרישקייטן.

קאַל האָט זיך אַ קרים געטאָן און האָט אַ קראַץ געטאָן זיין קליין בערדל אונטער דער מאָרדע. ער האָט זיך אויפגעהויבן און אַ קוק געטאָן אויף מאַרטען.

— וועסט מיר לייען דיינע סקים, בחור?

קאַל האָט געהאַט אַ פרוי און קינדער, דאָך איז ער גרייט זיך לאָזן אין וועג אַריין און איינשטעלן זיין לעבן פאַר אַ חבר. און פער איז אויך גרייט. האָט מאַרטען געענטפערט: איך דאַרף אַליין האָבן די סקים.

אין אַ שעה אַרום האָט ער זיי אָנגעטאָן, אַריינגעלייגט אַ פּאָר פון קאַרענס ברויטלעך אין זיין רוקזאַק, צוגעבונדן אַ קאַווע-טעפּל צום גאַרטל, אַריבערגעוואָרפן די ביקס איבער די פּלייצעס — און פאַרטיק אין וועג אַריין.

ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט דאַרפן שלאָפן צוויי-דריי נעכט אינדרויסן — נאָר ער קאָן דאָך זיך אויסגראָבן אַ גרוב אין שניי. ס׳איז אים פּלוצים אַרויף אויפן זינען דער קליינער קאָמפּאַס, וואָס העגנגט ביי זיין זייגער-קייטעלע. דאָס האָט אים דערמאָנט יענעם יום-טוב אָוונט, ווען ער האָט אַהיימגעשפּאַצירט קיין קווידאַל, און זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך זיינען אים אַנטקעגנגעלאָפן באַרג אַראָפּ העגדום-פּענדום. מיט וויפל נייגעריקייט זיי האָבן דאָס געקוקט אויף דעם קליינעם קאָמפּאַס. „וואָס האָסטו דערפאַר באַ-

צאַלט, מאַרטען? וואו האָסטו עס באַקומען, מאַרטען?" דאָס איז געווען שוין מי יודע ווי לאַנג צוריק. איצט איז ער דאָ! אַז ס'זאָל ווערן אַ זאַווערוכע, וועט ער שוין קיינמאָל צו קיין מענטש־לעכן ישוב זיך ניט דערשלאָגן. אַז אַ פּוס וועט אים ביינאַכט אָפּ־פרירן, וועט אים שוין דער קאָמפּאַס גאָר ווייניק העלפן. אַז . . . אַז . . .! ווען ער זאָל זיך ניט געווען אַרויסלאָזן, וואָלט קאָל סקאַרעט געווען געגאַנגען. אָט דער מוטיקער אַלטער לאַפּאָטען מאַטראָס וואָלט ניט געהאַלטן אין איין זאָגן: „אַז, אַז, אַז".

ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט אַ זיכערן טראָט אָבער ניט גע־איילט. זיינע פריערדיקע דערפאַרונגען פון סקי־וועטלויפן האָבן אים געלערנט, אַז דער איינציקער אופן צו געווינען איז פון סאַמע אָנ־הויב אָן שפּאָרעוודיק צו באַהאַלטן די כוחות; מען מוז אָנהאַלטן אַ באַשטענדיקן גאַנג, די גאַנצע צייט אָן אָפּשטעל. די זון איז אויפגעגאַנגען, דער הימל איז געווען זייער בלוי, און די פריירי האָט זיך אַוועקגעקייקלט אין דער וויטקייט אַריין ווי אַ ריזיק־גרויסער טעפּיך פון ווייסן זייד. די שטאַרקע זון האָט אים די אויגן גע־בלענדט, נאָר וואָס מאַכט עס? דער טאָג איז דאָך אַזוי גלאַררייך־שיין! ער האָט שוין מער ניט געקאָנט אָנזען ניט די שטיבלעך, ניט דעם רויך פון די דעכער — קיין זאַך ניט. ס'איז מער גאָרניט ניט געווען ווי נאָר דער בלענדנדיקער ים פון שניי, דער הימל און ער אַליין. ער מוז איצט געפינען דעם ריכטיקן וועג. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגער, אויף דער זון, אויף זיין קאָמפּאַס. מאַרטען איז שוין געווען אַ געניטער מאַטראָס; ער האָט גע־וואוסט, אַז דאָס שטעטל ליגט צו דרום־מזרח זייט און ער האָט זיך לויט דעם געהאַלטן.

ווען אַן אָדלער, וואָס שוועבט אין דער הויך, אין די בלויע הימלען, וואָלט געווען אַראָפּקוקן אויף דעם ריזיק־גרויסן ווייס־אויס־געשפּרייטן ליילעך פון אונטן, וואָלט ער געווען זען אַ קליין פּינ־טעלע, וואָס האַלט אין איין באַוועגן זיך, פּאַמעלעך אָבער זיכער, באַשטענדיק און אַלץ אין דערזעלבער ריכטונג. ווען די צייט וועט קומען, וועט ער זיכער גרייכן דעם ציל...

די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום שנייאיקן מדבר. דער טאָג האָט געהאַלטן ביים אָפּשטאַרבן, אָבער מאַרטען האָט זיך גע־גליטשט אַלץ ווייטער און ווייטער. ווייט ביים האָריזאָנט איז פון דער זון געוואָרן אַ פלאַם פייער, וואָס האָט אָנגעצונדן דעם מעריב־דיקן הימל. דער פריירי־ים האָט זיך איצט איבערגעוואָרפן מיט

זיינע וועלן — די ווייסע, די בלויע און די גאָלדענע. ער האָט זיך געגליטשט ווייט צום פאַרכישופטן לאַנד; זיין שאָטן האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ גיגאַנטישער בלויער לאַנדשאַפט, אין דעם געשטאַלט פון אַ מאַן, וואָס האָט אָן אויפהער זיך געגליטשט לעבן אים. באַלד איז די זון פאַרגאַנגען. די פריירי איז אינגאַנצן געוואָרן בלוי; ס'איז אָנגעקומען די נאַכט מיט אירע שטערן און מיטן בייסנדיקן פראָסט. דער מענטש האָט זיך ווייטער געגליטשט. ער האָט גוט געשפירט די סכנה, וואָס לויערט אויף אַ מענטשן, ווען ער פאַרגייט צו ווייט לינקס אין דער פינצטער אָדער אין אַ טומאַן; זיין געזונטער אינסטינקט האָט אים געהייסן זיך האַלטן רק רעכטס. אַלץ ווייטער און ווייטער. ניטאָ קיין לבנה — נאָר ער, איינער אַליין אין דער נאַכט. ער טאָר נאָך אָפילו ניט טראַכטן פון שלאָפן: ער איז אויף אַ שליחות, און אַ מענטשנס לעבן שטייט אין קאָן.

ער האָט זיך דערווייל אָפּגעשטעלט אויף אַ קליין בערגל, פון וואַנען דער ווינט האָט דעם שניי אַוועקגעקערט. ער האָט דאָ געקענט צוזאַמענגעמען אַביסל פאַרטריקנט פריירי־גראָז. ער האָט געהאַלטן זיין קאַווע־קעסל אויף זיין סקי־שטעקן ביז די קאַווע האָט אויפגעזאָטן. ער איז דאַן געזעסן, זיך געוואַרעמט זיינע אייז־קאַלטע פיס ביים פייער און פאַמעלעך געטרונקען די הייסע קאַווע פון אַן אַלט בלעכל. קאַרענס ברויט איז שוין גאָר באַטעמט געוואָרן!

ניט גאָר לייכט איז געווען דאָס אויסגראָבן זיך אַ נאָרע אין שניי מיט די הוילע הענט און פיס, מיט דער בלויזער הילף פונ'ם סקי־שטעקן. אָבער נאָך לאַנגער מי איז דער לאָך געווען גרויס גענוג, ער זאָל דאָרט קאָנען אַריינקריכן. ער האָט מיט זיך אַריינ־גענומען זיין ביקס און האָט איבער זיינע שטיוול אַריבערגעצויגן אַ פאָר גראָבע שניי־זאָקן, וועלכע זיין מאַמע האָט אים אויסגע־שטריקט אויף זיין לעצטער נסיעה צו די לאַפּאַטען — גאָר ניטאָ קיין מער זיכערער שוץ־מיטל געגן דעם פראָסט. ער האָט אַרי־בערגעשלעפּט אַ וואָלן העמדל איבער זיין מלבוש, אַראָפּגעצויגן דאָס היטל איבער די אויערן, אַרויסגענומען אַ קאָלדרע פון זיין רוקזאַק און האָט זיך דעם ליידיקן רוקזאַק געלייגט אונטערן קאָפּ. שוין גאָרניט קיין שלעכט געלעגער! ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און איז באַלד געשמאַק איינגעשלאָפן. אויף מאָרגן איז גע־ווען גאָר אַ וואָלקנדיקער דרויסן. ער האָט זיך שווערלעך געצויגן אויפן וועג, זיך האַלטנדיק לויטן קאָמפּאַס צו דרום־מזרח צו. ער

האָט זיך אין אמתן מער פאַרלאָזט אויף זיין מאַטראָסן-אינסטינקט איידער אויפן קאָמפּאַס. ער האָט זיך געגליטשט אַלץ ווייטער און ווייטער... גאָרניט שנעל, נאָר באַשטענדיק. ווער וואָיעט עס? אַ וואָלף? ער האָט זיך אומגעדרייט און דערזען, אַז עפּעס אַ באַשעפעניש גייט אים נאָך. ע, ס׳איז גאָר אַ פּריירי-וואָלף! מיטאָגציט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט צו כאַפּן אַ געאיילטן ביים, און ווייטער — מאַרש געגאַנגען. ווייט, ווייט אַוועק, אין דעם שנייאיקן מדבר הינטער אים, ליגט אַ קאָמעראַד און וואַרט.

אַ שניי האָט אָנגעהויבן פאַלן, לכתחילה לייכט, באַזאַכט,—דערנאָך זיינען די שניי-פליטערלעך געפאַלן אַלץ שנעלער. ס׳האָט זיך געמאַכט אַ ווינט, און באַלד האָט זיך אויפגעהויבן אַ זאַווערוכע. ער האָט שוין גאָרנישט ניט געקאָנט זען, אויסער אַ זידנדיקן זיךדרייענדיקן שניי-געווירבל. ס׳האָט זיך אים מינוטנווייז אויסגעדאַכט, אַז דער ווינט הויבט אים אויף און פאַרטראָגט אים אָט ווי ער גייט עס דאָ אין אַן אַנדער לאַנד אריין. דאָך האָט ער זיך ווייטער געריסן. פון ציים צו ציים האָט ער זיך אומגעדרייט מיטן רוקן צום שטורם, אַ קוק געטאָן אויף זיין קאָמפּאַס, זיך אומגעדרייט אין פאָרויס און זיך ווייטער געצויגן אויף זיין וועג. וואוהין? דער אינסטינקט וועט שוין פירן. ער זעגלט אין אַ פאַרנעפּלטן ים. ער זאָל נאָר פאַרזיכטיק זיין און ניט גיין צו ווייט לינקס! היינט וועט ער שוין קיין פייער ניט קאָנען אָנצינדן. ער וועט זיך מוזן באַגניגענען מיט כראָמזשען זיין טרוקן ברויט און פלייש און ניט קענען מיט עפּעס אָנוואַרעמען זיין פאַרפרוירענעם גוף.

ווידער אַמאָל אין אַ שניי-נאָרע. דאָס מאָל אָבער טאָר ער ניט איינשטעלן און איינשלאָפן. ער איז געלעגן און אַ גאַנצע נאַכט געדרייט די פינגער פון די פיס אין די שטיוול, אום זיי זאָלן ניט פאַרפרוירן ווערן. אויף מאָרגן איז די לופט שוין געווען אויסגעלייטערט. שפּעטער אין טאָג איז געוואָרן גאָר שיין. די זון איז אויפגעקומען. מאַרש, מאַרש פאָרויס. זיין רעכטע פיאַטע איז געווען עפּעס ניט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, נאָר דאָס וועט שוין מוזן געדולד האָבן. ער האָט זיך דערפילט מיד. ס׳האָט אים אַביסל געקלונגען אין די אויערן, און דער שניי האָט אים מאָדנע געטאַנצט פאַר די אויגן. נאָר ער קאָן זיך ניט אָפּשטעלן. העלענאַ, די מוטער, קווידאַל, — אַלץ איז יעצט אים פאַרשוואומען, ווי אין נעפּל; זיין גאַנצער וועזן איז געווען קאָנצענטרירט אין איין

שווערער אַנשטרענגונג — צו גרייכן זיין ציל, צו ציען זיך אַלץ ווייטער און ווייטער.

— — — — — — — — — — — — — — —

אין עריקס שטיבל האָבן די מענער זיך פון צייט צו צייט איבערגעביטן און זיינען געזעסן לעבן דעם חולה. צומאָל האָט איינע פון די פרויען אַריינגעבראַכט עפּעס אַ לאַקאָטקע אים דערמיט מחיה צו זיין. אפילו דורך די נעכט איז איינער פון די מענער געזעסן ביי זיין בעט און אַכטונג געגעבן, אַז דאָס פייער אין אייוועלע זאָל ניט אויסגיין.

די אָנצינדונג האָט שוין דערגרייכט זיינע דיכן. זיי זיינען געוואָרן מוראדיק רויט און אָנגעשוואָלן. דער ווייטיק איז צייטנווייז געווען אַזוי געפערלעך, אַז ער האָט משונהדיק געשריען און געוויינט ווי אַ קליין קינד.

ס'זיינען געווען צייטן, ווען ער איז געלעגן באַוואוסטלאָז גאַנצע לאַנגע שעהן; צומאָל אָבער פלעגט ער זיך אויפכאַפּן, באַטראַכטן זיינע פריינט און פרואוון שמייכלען.

איינמאָל, ווען קאָל און פּער זיינען געזעסן ביי זיין בעט, האָט ער גאָר פלוצים געעפנט די אויגן און האָט זיי באַטראַכט. — איך האָב מיר שוין אָפּגעאַקערט מיין שטיק פעלד, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל — נו, מילא. לאָזט גריסן דער מאַמען. זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אייך אַהער אַרויסגעבראַכט.

— נאַרישקייטן, — האָט געזאָגט קאָל — גאָר באַלד וועט מאָרטען צוריקקומען מיטן דאָקטער.

— פאַראַן אַ ביכעלע ערגעץ דאָרט אין שופלאָד, — האָט עריק ווייטער גערעדט — דערלאַנגט עס אַהער.

פּער איז געגאַנגען און האָט אויסגעזוכט דאָס קליינע נאָטיץ־ביכעלע. עס איז אים אויסגעקומען גאָר גוט באַקאַנט. דאָס איז געווען דאָס ביכל, וואָס עריק פלעגט דאָרט פאַרשרייבן אַלץ, וואָס זיי זיינען אים שולדיק געווען.

— וואַרף עס אַריין אין אויוון, — האָט עריק געזאָגט.

פּער און קאָל האָבן אים אָנגעקוקט מיט דערשטוינונג. איז ער ווידער געווען אין דעלירים? נאָר עריק האָט ווידערהאָלט:

טוט גענוי, ווי איך היים אייך. וואַרפט עס אַריין אין פייער. כ׳וועל עס ניט באַדאַרפן דאָרט, וואוהין איך גיי.

פער האָט אַריינגעוואָרפן דאָס ביכעלע אין אויוון, בכדי צו־פרידנצושטעלן דעם קראַנקן. ווען דאָס ביכל האָט גענומען ברענען, האָבן זיינע אויגן באַגעגנט קאָלס בליק. ערשט איצט האָבן זיי דערפילט, אַז עריק געזעגנט זיך מיט זיי אויף אַ רעכטן אמת.

עריק האָט ווייטער גערעדט: דו דאַרפסט אַ באַראַנע און אַ וואָגן, פער. קענסט נעמען מיינע. און דו, קאָל, מעגסט נעמען מיינע קי און אָקסן. דיר, מיט דיין גרויסן הויזגעזינט, וועלן זיי פיין צונוץ קומען. פאַראַן נאָך אַ קליין ביכעלע גאָר אונטן אין שופלאָד. שיקט דאָס אָפּ דער מאַמען.

זיי האָבן אים געדריקט די האַנט און אים געדאַנקט פאַר זיינע מתנות. ס׳האָט אָבער סיי ווי ניט קיין זינען, האָבן זיי געזאָגט, ווייל ער וועט דאָס אַלץ אַליין באַדאַרפן אַזוי שנעל, ווי ער וועט געזונט ווערן. וועגן זיין מאַמען — אוודאי, ער מעג זיך אויף זיי פאַרלאָזן, גאַנץ זיכער.

זיי זיינען ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ הילפלאָזן שטילשווייגן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט עריק צוגעגעבן: „איר מוזט זען באַהיל־פיק זיין דעם בחורל אַנטאָן. ער איז, דאַכט מיר, אַ רעכטע כלי״. און באַלד דערנאָך: „נו, כ׳האָב אוודאי ווייניק אויפגעטאָן... און איך האָב אַזויפיל געוואָלט טאָן...״

---

מאָרטען איז געוועזן אין וועג זעקס טעג. ווען ער איז לסוף אַריינגעפאַלן אַ בלאַסער מיט פאַרזונקענע אויגן אין עריקס שטיבל, האָט ער דאָרט קיינעם ניט געטראָפן אויסער דזשאָען.

— צו שפּעט, — האָט דזשאָ געזאָגט — ער האָט אונז נעכטן איבערגעלאָזט.

עריק פּאָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעט ווי אַן איינ־געשלאָפענער.

מיט אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער האָט די קליינע קאָלאָניע געהאַט איר ערשטע לויה. זיי האָבן אויסגעקליבן אַ שטיקל באָדן ביים ברעג פון עריקס לאַנד; זיי האָבן דאַן גלייך אויפן אָרט באַ־שלאָסן, אַז אויב זיי וועלן אַמאָל זוכה זיין צו האָבן אַן אייגענע קירכע און אַ בית־עולם, זאָל דאָרט טאַקע זיין דאָס אָרט דערפאַר.

(פון בוך: „די עמיגראַנטן״).

מאַני לייב.

# דער פּאָעט

פּאָעט, דו ביסט אַ קעניג,
די גאַנצע וועלט — דיין לאַנד.
און אַלץ איז אונטערטעניק
צום צייכן פון דיין האַנט.
אַ צייכן — ווײַס נעמט פאַלן
אַ שניי אין מיטן יוו,
מיט העלן גאָלד נעמט שטראַלן
אין מיטן נאַכט די זון.
אַ צייכן — שווייגן ימען,
און רעדן רעדט דער שטיין,
און ביימער פון די שטאַמען
ווי מענטשן נעמען גיין.
נאָר אָפּט איז שווער צו טראָגן
דעם קעניג אויף די קרוין, —
און שטילע טרערן שלאָגן
דורך דיין געמיט און ביין;
אַ צייכן — און די טרערן
געצווינגן אויף די שניר,
זיי וועלן פּערל ווערן
פאַר דיר און אויך פאַר מיר.

יהואש.

# פרילינג־טרוים

אַ טרעל אין דער לופטן, אַ קנאָספּ אויף אַ צווייג,
אַ וואַרעמער הויך אויפן שטערן —
און ס'האָט זיך אין האַרצן געעפנט אַ נעסט,
און לויז געלאָזט אַלע באַגערן...

דערזע איך, עס שוועבט אויפן הימל אַרום
אַ ווייסינקער וואָלקן פון ווייטן —
אַ הויב און א שפּרונג, און שוין זיץ איך אויף אים,
און לאָז זיך אַוועק אויף אים רייטן...

איך פלי איבער טאָלן און שוועב איבער בערג,
און שטיפנדיק יאָגט מיך אַ ווינטל...
שוין גרייך איך אַרויף צו דער ליכטיקער זון,
און פליק מיר פון שטראַלן אַ בינטל...

דאַן פלעכט איך פון זיי אויפן קאָפּ זיך אַ קראַנץ,
און בלייבן מיר איבעריק שטראַלן —
צעוואַרף איך זיי רעכטס און צעוואַרף איך זיי לינקס,
אויף לאָנקעס און וועלדער און קוואַלן.

און דאַכט זיך, דער פרילינג בין איך גאָר אַליין;
און איך בין דער קעניג פון לעבן,
און וואו נאָר אַ שימער, און וואו נאָר א קווייט —
האָב איך פון מיין אוצר געגעבן...

י. י. שוואַרץ.



# אַ שטילע פרייד ליגט...

אַ שטילע פרייד ליגט גאָלדיק אויף די פעלדער —
די טעג זיי זײַנען אַזוי זוניק־ליכטיק.
פאַרנאַכטן — פורפורנע מיט טיפע הימלען —
די אַלטע פאַרם־הײַזלעך אַזוי ציכטיק.

אין גאַרבן גאָלדענע טריקנט זיך די שפע
פון נייע, פרישע שמעקנדיקע ברויטן.
עס טריקענען אין זון די געלע קירבעס,
און שוואַרצע טרויבן קרײַזלען זיך אויף פלויטן.

די רויטע ווינטער־עפּל אויף די בוימער
זיי לויכטן פריש־באַהויכט דער זון אַנטקעגן.
און ס'ציען זיך, פאַרדעקט מיט ברוינע בלעטער,
די אַלטע רויטע, גרין־פאַרגראָזטע וועגן.

עס הויכט מיט פרישן ברויט, מיט ווײַן און עפּל
און טרויִ'ריק־היימלעך אַלטע בוימער זשומען.
און ס'האָבן גאָלדיקע און שטילע פריידן
מײַן טרויעריקעם האַרץ אַרומגענומען.



מ. ראָזנפעלד.

# זכרונות

פאַר דעם ציימל נעם מיך, מאַטקע!
איך וועל זיין דיין פערד!
נעם דאָס שטריקל פאַר אַ לייץ,
ס׳שטעקל פאַר אַ שווערד!
מאַרש אַהין אויף יענע בערגלעך
אין דער פרייער לופט,
איצקע וואַרט שוין מיט אַ באַנדע, —
הערסטו ווי ער רופט?
זעסט אים אויפן שפּיץ פון בערגל,
דאָרטן, פאַזע טייך?
אַך, איר זיסע קינדער־יאָרן,
ווייט בין איך פון אייך.

קינדער, ניט פאַרגעסט די פייפלעך,
וואָס איר האָט געמאַכט! —
פרעגט נאָר בערקען, האָט ער אַלע
צווייגלעך שוין געבראַכט? —
מאַכט זיך גרייט צו לויפן, קינדער,
גיכער, נו, גאַלאָפּ!
ווייטער, ווייטער גייט עס שנעלער,
פלינקער באַרג אַראָפּ.
קומט צום וואַסער־מיל, אָט דאָרטן
לויפט דער קלאָרער טייך —
אַך, איר זיסע קינדער־יאָרן,
ווייט בין איך פון אייך.

היט זיך, ניט צעברעך די קריגלעך!
רואיק, מאַך קיין גוואַלד!
ווייסט איר, וואו די יאַגדעס וואקסן
אין דעם טיפן וואַלד?
קינדער, נעמט זיך פאַר די פּאָלעס!
יודקע, גיי פאָרויס!
דאָ איז לייכט צו בלאָנדזשען, קינדער,
אונזער וואַלד איז גרויס.
צום יאַגאָדניק! ניט פאַרלירט זיך,
קומט־זשע אַלע גלייך. —
אַך, איר זיסע קינדער־יאָרן,
ווייט בין איך פון אייך.

זיסע, שיינע, ליבע קינדהייט,
ווייט ביסטו פון מיר!
מיין נשמה, מיין פאַנטאַזיע
טרוימט נאָר וועגן דיר.
ווי אַ שאָטן ביסטו, קינדהייט,
ווי אַ רויך, וואָס פליט,
ווי אַ בליץ געשווינד אַנטלויפסטו
און מען זעט דיך ניט.
שוועבסט נאָר אום אין מיין זכרון
ווי אַ זיסער טרוים,
איך דערמאָן זיך און מיר ווינט זיך,
און מיר גלויבט זיך קוים.



ל. יפה.

# האַרבסט

עס גיסט די זון נאָך מילד און ווייך איר שיין,
און לויטער בלוי איז נאָך דער טיפער הימל,
נאָר קאַלט איז שוין דאָס זילבער אין דעם טייך,
און שטיל פאַרוועלקט דאָס לעצטע, לעצטע בלימל.

פאַריתומט בלייבט דאָס בערגלדיקע פעלד, —
דער פויער פירט אראָפּ די לעצטע גאַרבן;
און אויף דער ברייטער, שטעכעדיקער באַרשט
פאַרגליווערט בלייבן אבלדיקע פאַרבן.

אַ קילער ווינט קומט אָן אין עפּל־סאָד,
און אומרואיק צעשורשען זיך די בוימער...
עס קריכט אַרוים פון בײדל קרעכצנדיק
און קלייבט דעם אָפּפאַל אויף דער אַלטער שומר.

עס ברענגט דער ווינט אַ קלאַפּערײ פון טאַק
מיט אַ געלעכטער פון אַ יונגער שיקסע...
פון וואַלד אַ הײזעריק געביל פון הינט
און קורצע אָפּגעהאַקטע קלעפּ פון ביקסן.

עס שפרינגט אַרוים פון ערגעץ־וואו אַ האָז
און קײקלט זיך אַוועק אין ווינטער־קאָרן, —
און לאַנג נאָך רויבערט זיך דעם פריצס וואַלד
און ווידערהאַלט דאָס שאַלן פון דעם האָרן.

יהואש.

# אין אַ באַיאַרע

שושקען וואָרצלען צו דעם שטאַם:
טרינקען וועלן מיר אַ ים,
פרי און שפּעט, און נאַכט און מאָרגן,
וואַסער־שפּע צו באַזאָרגן...
וואו אַ שפּריץ און וואו אַ טריף,
זופּן וועלן מיר און נאַשן,
און דערמיט דעם בוים באַוואַשן,
וועט אַ ברכה זיין דערפון,
און דעם רעשט וועט טאָן די זון...

שושקעט צו דעם שטאַם אַראָפּ
אין דער הויך דער בוים: מיין קאָפּ
איז פון שטראַלן אויסגעצוואָגן,
וועל איך שיינע פּרות טראָגן —
גרוים און רונד און פריש באַטויט,
ווין דאָס האַרץ, און גאָלד די הויט,
וועט מען זיי מיט שמחה פליקן,
וועט מען זיי אויף ימים שיקן,
איינס און איינס געפּאַקט געדיכט,
רויטע שטיקער זונענליכט...

# ענדע זומער

שאַ, שטיל איז סליחות-צייט אין דעם וואַלד, ווי אין קאַבצאַנסק שבת, ווען דער עולם שלאָפט נאָכמיטאָג. און די שטילקייט דאָרט וואַרפט אַ מרה-שחורה. די בוימער שטייען פאַרטראַכט, פאַר־זאָרגט, גאָרנישט דאָס פּנים, דאָס געשטאַלט ווי פריער. זייער שאָקלען מיט די צווייגן — דאָס איז אַ ברעכן מיט די הענט, זייער זשומען — דאָס איז אַ ביטערער יאָמער, אַ זיפצן, אַ קרעכצן פון אַ געטרייער מוטער, וואָס בלייבט איבער אַליין נאָכדעם ווי אירע קינדער צעפאָרן זיך אין אַלע זייטן. דאָרט וואו עס האָט ערשט געלעבט, זיך גערעשט, געזונגען, געשפרונגען אין איטלעכס ווינ־קעלע, איז אַצינד שטיל, רואיק, ווי אויף אַ בית-עולם. אַלצדינק דאָרט דערמאָנט אין דעם צעשיידן זיך מיט די ליבע, טיף אין האַרצן איינגעבאַקענע. נישטאָ די פריערדיקע לעבעדיקייט, די פרישקייט און אויפגעראַמטקייט. אַלצדינק שטייט עפּעס ווי ברוגז, זייער אומעטיק. דער הימל קוקט אויך נישט פריינטלעך און איז עפּעס שטאַרק אָנגעבלאָזן. וויסט איז די נעסט — די פייגעלעך זיינען זיך צעפלויגן... פאַרזאָרגט, פאַרטראַכט שטייט דער וואַלד, גלייך ווי ער פילט, אַז דאָס אויפהויבן זיך און אַוועקפליען פון זיינע שפּיל-פייגעלעך באַווייזט נישט אויף קיין גוטס. ער מעג זיך ריכטן, אַז באַלד, באַלד וועט זיך אָנרוקן אויף אים אַ כמאַרע — דער ווינטער מיט זיינע ביטערע קעלטן. און ער איז אַצינד דעריבער פאַראומערט, שטאַרק באַטריבט.

(פון „דאָס ווינשפינגערל“.)

מ. סמילאַנסקי.

# די כנרת

איין שיינעם ווינטער טאָג בין איך צום ערשטן מאָל געפאָרן פון נצרת קיין טבריה אין א דיליזשאַנס. דער וואָגן איז געווען פול מיט קריסטן, און איך בין געווען דער איינציקער איד. כ'בין דעמאָלט געווען עפּעס ניט אויפגעלייגט. בין איך געזעסן איינגע־הילט אין א שטילן טרויער. טרויעריק שטיל האָבן מיר דאָן אוים־געזען אויך די בערג אַרום.

ס'איז מיר געווען לאַנגווייליק, און כ'האָב זיך געהאַלטן אין איין אומקוקן: וואו איז שוין טבריה?

פּלוצלונג האָב איך עפּעס דערשפּירט אויף דער לינקער זייט אין פאָרויס. כ'האָב אַ קוק געטאָן און כ'האָב פון דערשטוינונג אַזש אויסגעשריען. ווייט, ווייט אין פאָרויס, צו צפון־צו, האָט זיך אַרויסגעהויבן פון מיטן פון דער טיפער בלויקייט עפּעס אַ ריזיקע זאַך. כ'האָב ביז דאָן נאָך אַזעלכעס ניט געזען. ס'איז מיר אוים־געקומען, אַז מיין גאַנצע נשמה און דער גאַנצער אַרום איז אָנגע־פילט געוואָרן מיט איין געפיל: באַרג. דער באַרג־שפּיץ איז אינ־גאַנצן באַדעקט מיט ווייסן, קלאָרן שניי, וואָס גלאַנצט אַנטקעגן דער זון, ווי זילבער געפּאַסט מיט סאַפּירן. איז מיר איינגעפאַלן: דאָס איז דער חרמון! האָט מיך אַ טיפער יראת־הכבוד באַהערשט.

דאָן האָב איך דערזען עפּעס, וואָס כ'האָב פאַר קיין פאַל ניט דערוואַרט צו זען אויף דעם אָרט, צווישן די בערג.

האָט איר ווען אַמאָל געזען אַ גלאָטן, גלאַנציקן שפּיגל, גלאַט און גלאַנציק ווי זילבער, צוואַנציק טויזנט מעטער די לענג און ניין טויזנט מעטער די ברייט?

אין מזרח זייט, צופּוסנס פון דעם הויכן טבריה באַרג, וואָס מיר זיינען געשטאַנען אויף זיין שפּיץ, איז אָט דער גלאַנציקער שפּיגל געלעגן צעשפּרייט איבער דעם לאַנד, צווישן די בערג־קייטן.

דאָס איז געווען די כנרת.

פאַרנאַכט בין איך אַרויסגעגאַנגען אויסער דער שטאָט און האָב זיך געלאָזט גיין צו דער כנרת. כ'האָב זי ניט דערקענט: נאָך אַלץ גלאַט ווי מיטאָגצייט און אויסגעשפּרייט ווי אַ טעפּיך איבער דער ריזיקער פליין צווישן די בערג־קייטן; זי האָט שוין אָבער

ניט געהאַט יענעם גלאַנציקן שיין, וואָס האָט געבלענדט די אויגן. די אָזערע איז געווען בלוי, טיף־בלוי, און שטאַרק פאַרענדערט. מיטאַגצייט האָט זי מיר אויסגעזען ווי אַ פאַרנעמע, שטאָלצע פּרינ־צעסן און יעצט — ווי אַ שוואַרצע, באַשיידן־שטילע יתומה. אירע רואיקע וואַסערן, וואָס האָבן לייכט באַרירט דעם זאַמדיקן ברעג, האָבן זיך באַוואויגן פּאַמעלעך. מען האָט קוים געקענט אָנזען זייערע באַוועגונגען. מיין אויער האָט מיט גרוים מי אויפגעכאַפּט איר שטילן פּליסטער, ווי פון אַ תפילה, גלייך ווי די כנרת וואָלט פאַר זיך תפילה געטאָן.

ביים כנרת־ברעג זיינען געזעסן צוויי אַלטע פישערלייט, איי־נער אַ איד און דער צווייטער אַן אַראַבער. זיי זיינען געווען פאַר־טאָן מיטן אויספאַריכטן אַ גרויסע נעץ. כ׳האָב זיי באַגריסט און כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיי, אויף איינעם פון די שוואַרצע שטיינער, וואָס זיינען דאָרט געלעגן.

— האָט די כנרת אַ סך פיש?

דער אַראַבער האָט אויף מיר אַ ברוגזן קוק געטאָן און האָט געווענדעט זיין בליק צו דער כנרת. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז ער וויל זי איבערבעטן. ער האָט זיך ווייטער פאַרטיפט אין דער נעץ. כ׳האָב זיך געכאַפּט, אַז מיין פראַגע האָט הפנים דער־צאָרנט אָדער באַליידיקט דעם אַלטן פישער, כאָטש ווי אַזוי האָב איך ניט געוואוסט.

— ס׳איז אַלץ אַ גאָט זאַך... — האָט מיר דער איד געענטפערט — די כנרת איז ממלא גאָטס ווילן. אַז זי איז גוט אויפגע־לייגט, גיט זי גאָר אַ סך פיש; אַז מען דערצערנט זי, גיט זי גאָר־ניט. גאַנץ אומזיסט איז דאָן דעם מענטשנס מי.

— אָט די רואיקע, ווערט זי דען ווען אויפגערעגט?

— זי? האַ־האַ!...

דער אַלטינקער האָט געוואָרפן אַ בליק, פול מיט צערטלעכער ליבשאַפט און דרך־ארץ, אויף דער כנרת. דאָס פנים ביים אַלטן אַראַבער איז נאָך אַלץ געווען אָנגעכמורעט, און ער האָט ניט אויפ־געהויבן זיינע אויגן פונ׳ם לאָך אין דער נעץ.

---

— שטורמט אַמאָל אויף די כנרת? — האָב איך געפרעגט מיין בעל־אכסניה, אַ טבריהער איד, ביי וועמען די געקרייזלטע פאות קומען זיך צונויף אין איין שטיק מיט דער באָרד.

— די כנרת?... נו, נו, ווען זי צעטאַנצט זיך, זיינען אירע כוואַליעס ווי די בערג.

— ס׳גלויבט זיך עפּעס גאָר ניט. ווערן דאָ שיפלעך ווען דער־טרונקען ?

דער בעל אכסניה האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שווערן אומעט, ווי עפּעס אַ סכנה וואָלט געהאנגען איבער זיין קאָפּ. ס׳האָט אויס־געזען, ווי מיין פראַגע וואָלט אים איבערגעשראָקן.

— וויי איז די פישערלייט, וואָס דער שטורם פּאַקט זיי אין מיטן דער כנרת. נאָר גאָטס גרויס רחמנות קאָן זיי ראַטעווען. צומאָל, ווען זיי בעטן גאָט זייער שטאַרק, שטילט זיך איין דער שטורם אין זיין סאַמע ברומען. טאָמער חלילה ווערט זייער תפילה ניט אָנגענומען, ווערן זיי פאַרשלונגען צוזאַמען מיט זייערע שיפלעך, און מען ווייסט אַפילו ניט, וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען... זי איז מוראדיק טיף.

שפּעטער אַ ווײַלע האָט ער צוגעגעבן : „געבענטשט זאָל זי זיין סיי־ווי. אירע וואַסערן און אירע פיש דערנערן אונז...״

---

אין מיטן פון דער נאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אין איין שרעק. אין דרויסן האָט געבושעוועט אַ שטורם. די אכסניה האָט זיך ווי געטרייסלט. כ׳בין אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און כ׳האָב זיך אָנגעטאָן. דורך די טיר־שפּאַלטן פון צווייטן צימער האָט מיר אַ שיין געטאָן אַ שוואַך ליכט, און כ׳האָב דערהערט אַ פאַרשטיקט געוויין. כ׳בין צוגעגאַנגען צו דער טיר און כ׳האָב זי אַביסל אויפ־געעפנט. אין צימער־ווינקל איז געזעסן דער בעל־אכסניה אָנגע־שפּאַרט ביי אַ טיש, אויף וועלכן ס׳האָט געברענט אַ קליינער לאָמפּ, און האָט זיך שטאַרק געשאָקלט מיטן גאַנצן גוף, ווי ס׳שאָקלט זיך אַ בוים פון׳ם ווינט. זיינע פאות האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דער באָרד און האָבן זיך געוואָרפן אין דער לופט. פון זיין מויל האָבן זיך אַרויסגעריסן אָפּטע תפילות, געוויינען און געבעטן... ער האָט דערפילט, אַז די טיר איז אָפן, און ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט שרעק. ער האָט מיך דערקענט, האָט אַן אומצופרידענער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און האָט זיך ווידער גענומען דאַווענען.

וואָס איז דאָס פאַר אַ מין דאַווענען ? עבודה זרה ! דאָס בעט ער זיך ביים שטורם, ביי דער כנרת ? כ׳האָב זיך אָבער דערמאָנט : ער ריכט אָפּ חצות ! האָב איך זיך אָפּגעקערט. כ׳האָב געטאַפּט אין דער פינצטער און כ׳האָב קוים געפונען דעם וועג צום קאָרי־דאָר און צו דער דרויסנדיקער טיר. כ׳האָב זי אַ קליין ביסל גע־עפנט, האָט זי דער ווינט באַלד אַ שמיץ געטאָן און זי מיר פאַר־

קלאַפּט הינטער דער נאָז. נאָכן ווינט איז געקומען אַ גוס רעגן, וואָס האָט געשמיסן אויף דער טיר, אויף די פענצטער, אויף די ווענט, ווי אַ מבול וואָלט פּלוצלונג גענומען פאַרפלייצן די ערד. אַ מאָדנע שווער געפיל האָט מיין האַרץ געפּרעסט: עפּעס אַ ריזיקע אורקראַפט איז געקומען די וועלט אומצוברענגען. כ׳האָב זיך געשטעלט לעבן דער טיר און כ׳האָב אָנגעשטרענגט מיינע אויערן. אין מיטן פון דעם געוויין פון שטורם און פון דעם גיסן פון רעגן, האָט מיין אויער געכאַפּט עפּעס אַן אַנדער מין ברומען, וואָס איז געוואָרן אַלץ העפטיקער און העפטיקער און האָט אָנגעפילט מיין נשמה מיט אַן אומבאַוואוסטן שרעק. אָט דאַכט זיך מיר, אַז איך הער שיסן, שאָס נאָך שאָס, און אָט הער איך אַ קרעכצן, אַ פאַרשטיקטן שלוכצן, ווי אַ שטיל געוויין... אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך דערהערט א קרעפטיקן שטורם־אויסברוך, זיגרייך, טריאומפירנד, גרייט אַלץ איינצושלינגען, אָן אָפּשטעל.

— פּ — — וו — — וואָ — — וו — — יאָ — — יאָ — —

דער ווינט נעמט זיך אָן מיט נייע כוחות. אַ שטאַרקער שלאַקס־רעגן גיסט. דער ווינט איז שוין הפנים בייגעקומען יעדע שטרויכלונג. ער איז ווילד, פול מיט צאָרן, און טראָגט זיך אָן אויפהער ווי אַ שרעקלעכער, גרויסער וואַסערפאַל.

---

אינדערפרי האָב איך אָנגעטאָן מיין רעגן־מאַנטל און די שטיוול, כ׳האָב גוט איינגעהילט דעם קאָפּ און דעם פּנים, און, צו דער גרויסער דערשטוינונג פון מיין בעל אכסניה, האָב איך זיך ארויסגעלאָזט אין דרויסן. איך בין געגאַנגען באַרג אַרויף.

דער שטורם האָט זיך שוין איינגעשטילט. ס׳האָט נאָך גערעגנט, נאָר ניט באַשטענדיק. שוואַרצע, שווערע וואָלקן האָבן נאָך געשוועבט איבער מיין קאָפּ און האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן באַרג. די גאַנצע ווייטלעכע אומגעבונג, אפילו דער חרמון, זיינען געווען פאַרהוילן פון אויג. אין טאָל, צופוסנס פונ׳ם טבריה־באַרג, צווישן די באַרג־קייטן, דאָרט וואו נעכטן האָט די כנרת אזוי שטיל גערוט, האָבן יעצט אַרומגעוואַנדערט ריזן־כוואַליעס, בערג־כוואַליעס. זיי האָבן זיך שנעל באַוועגט און האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער גאַנצער סביבה. זיי זיינען געווען בלוי־שוואַרץ מיט אַ ברוין־ווייסער גזשיווע... זיי זיינען געגאַנגען אין אַן אָרדנונג, איינע נאָך דער אַנדערער, ווי אַ מוראדיקע מחנה פון אַ זיגרייכער אַרמיי... אַז זיי זיינען צוגעקומען צום ברעג, האָבן זיי זיך אָנגעשלאָגן מיט ריזיקער

קראַפּט אָן די פעלזן, און דער גאַנצער אַרום איז פול געוואָרן מיטן רעש פון זייער קלאַפּן, גלייך ווי אַלע אַנדערע קלאַנגען פון דער וועלט וואָלטן פאַרשטומט געוואָרן אוים מורא פאַר דעם זעלבסט־הערשער. צייטנווייז איז די אָרדנונג געבראָכן געוואָרן, ווי צעטומלט געוואָרן. די כוואַליעס האָבן זיך דעריאָגט, זיינען אַרויפגעשפרונגען איינע אויף דער אַנדערער; האָבן זיך געראַנגלט, געקעמפּט איינע מיט דער אַנדערער; זיינען צעקלאַפּט געוואָרן און האָבן זיך מיט אַן אימפּעט צעשפּרייט אויף אַלע זייטן. די גאַנצע אָזערע איז פול געוואָרן מיט אַ שרעקלעכער אויפרודערונג און צעטומלעניש.

כ׳האָב ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דער כנרת. כ׳האָב אומזיסט געזוכט ביי איר כאָטש אַ סימן פון דעם, וואָס זי איז ערשט נעכטן געווען. פאַר מיינע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ ווינטן־טאַניץ, אָנגעזאַפּט מיט ווילדער נקמה. אָן וועמען האָט די כנרת געזוכט נקמה צו נעמען? פאַר וועלכע זינד?

כ׳האָב זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין. כ׳בין אַראָפּגעגאַנגען צום ברעג פון דער אָזערע. כ׳האָב געוואָלט זען די כנרת פון דער נאָענט. די ממשלה פון טויט. ביים ברעג איז קיין לעבעדיקער נפש ניטאָ. דער געפּילדער פון די כוואַליעס האָט מיך שיער נישט טויב געמאַכט. אַ שפּריץ פון שטעכיקע, בריענדיקע וואַסער־טראָפּנס האָט מיך באַגאָסן. כ׳בין אַהיימגעקומען, נאָס און ציטערנ־דיק. דער בעל־הבית האָט מיך אָנגעקוקט ווי פאַרדראָסיק: פאַר־וואָס?...

ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט האָבן שוין די באַגילדעטע זון־שטראַלן זיך אַריינגעריסן אין מיין צימער דורך די לאָדן־שפּאַלטן. ס׳איז שוין געווען פרימאָרגן. דער בעל אכסניה איז מיר אַנטקעגנ־געקומען מיט אַ שמייכל און האָט מיך געפרעגט:

— ס׳איז זיך דיר עפּעס גוט געשלאָפן?

— שוין נאָכן שטורם?

— די כנרת איז שטיל געוואָרן נאָך תחילת נאַכט.

— גאָר קיין בייז ניט געשען?

— חס־ושלום! נאָר אַ פּאָר שיפלעך זיינען צעבראָכן געוואָרן. די מענטשן האָבן זיך ניט צוגעאיילט זיי באַצייטנס אַרויסצוראַ־טעווען.

כ׳האָב זיך געאיילט ווידער צו קומען צו דער כנרת.

זי איז געלעגן רואיק אויסגעשפרייט איבער איר ברייטן גע־לעגער צווישן די בערג. אירע קלאָרע, בלויע וואַסערן האָבן רואיק געגלעט דעם ברעג. איז דאָס דיזעלבע כנרת, וואָס האָט ערשט מיט אַ פּאָר שעה פריער געוואָלט די גאַנצע וועלט איבערקערן?

אויפן ברעג, דאָרט וואו כ'בין אייערנעכטן געשטאַנען צום ערשטן מאָל, איז געזעסן אויף דער ערד אַן אַלטער אַראַבישער פישער און האָט שטילשווייגנדיק געקוקט אויף די צעבראָכענע שטיקער פון זיין שיפל, וואָס האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט. כ'האָב אים דערקענט.

— איז דיין שיפל צעבראָכן געוואָרן?

ער האָט אויפגעהויבן זיין בליק פון די צעבראָכענע שטיקער האָלץ, האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. ער האָט מיך דערקענט, האָט מיט כעס אָפּגעקערט זיין קאָפּ און האָט ווידער געווענדעט זיין שטומען בליק צו זיין צעבראָכן שיפל.

מיין געוויסן האָט מיך געפּלאָגט: האָט טאַקע מיין אומשול־דיקע פראַגע דערצערנט די כנרת־אַזערע און איבער מיר איז דאָס צעבראָכן געוואָרן דעם אָרעמען מענטשנס שיפל?

---

דאָס איז געווען מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער כנרת. כ'בין דאַן געבליבן אַ פּאָר טעג אין טבריה. גאַנצע טעג ביז שפּעט ביינאַכט פלעג איך זיצן אויפן שטיין הינטער דער שטאָט, האָב זיך צוגעקוקט צו דער כנרת און האָב זיך צוגעהערט צו איר רואיקן געבעט־פליסטערן. יעדן אינדערפרי פלעג איך אַרויסגיין פון שטאָט, פלעג אַרויפגיין אויפן באַרג און זיך איינקוקן אויפן וואַסער. כ'האָב זי געזען אין צייט פון שטורם און ווען דער שטורם האָט נאָכגע־לאָזט; ווען זי איז געווען לויטער און שטיל ווי דער טויט, און ווען זי איז געווען ווילד־צעהוליעט. כ'האָב זי ליב געהאַט מיט איר שטורם און מיט איר רואיקייט. כ'האָב זי ליב געהאַט, ווען זי האָט זיך געוואָרפן אין די קאָנוואולסיעס פון שטורם, האָט מיט ווילדער קראַפט אָנגעשלאָגן אין די פעלזן, געשלאָגן און געפאַלן, צעמאַלן אויף קליינע פּיצלעך. כ'האָב אויף איר רחמנות געהאַט, ווען זי איז געלעגן געבונדן צופוסנס פון די פעלזן, שטיל, באַרואיקט און אונטערטעניק. איך האָב געוואוסט, אַז אונטער דעם מאַנטל פון כלומרשטער רואיקייט בורעט זיך דער שטורם, וואָס איז דער־ווייל נאָך געקאָוועט אין קייטן. כ'האָב זי ליב באַקומען און זיך ניט געקאָנט פון איר שיידן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך אַרומגעפאָרן אויף דער כנרת אין דעם שיפל פון אַ יונגן אַראַבער, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין רעדן. ס'איז אונז אַנטקעגנגעקומען אַ שיף, אַ קליינע דאַמף־שיף, וואָס האָט געשפּאַלטען די כנרת־וועלן אויף דעם וועג פון דער סטאַנציע צמח צו דער שטאָט טבריה. הינטער איר איז איר נאָכ־געגאַנגען נאָך אַ דאַמף־שיפל, אַ קלענערס.

— זעסטו, כאַוואַדזשאַ, אָט דעם „באַוואַביר"? — האָט מיך מיין מאַטראָס געפרעגט און האָט געוואָרפן אַ בליק פול מיט יראת־הכבוד אויף די ריזיקע קוימענס, וואָס האָבן אַרויסגעהודיעט אַ שוואַרצן רויך. — אָך, האָט די כנרת מיט אים שפּאָס געטריבן!

ער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט זיין יונג ברייט פּנים, איבער וועלכן ס'איז געווען צעשפּרייט אַ לייכטער פאַרגעניגן־שמייכל.

— ווי אַזוי גאָר?

זיין פּנים איז באַלד געוואָרן ערנסט.

— לכתחילה האָבן די פראַנצויזן דאָס געפירט. זיי האָבן דאָך די כנרת ניט געקענט. אַז זי פלעגט אין כעס ווערן, פלעגן מיר זיי זאָגן: מ'דאַרף צו איר תפילה טאָן... האָבן זיי געלאַכט: „אַז זי וועט גאָר שטאַרק אין כעס ווערן, וועלן מיר צוגעבן דאַמף." האָבן זיי געגעבן נאָך דאַמף. האָט זי זיי אַריינגעשליידערט מיט זייערע שיפן, מיט זייער גאַנצן דאַמף, אין תהום אַריין. גאַנצע דריי האָט זי דערטרונקען! איינע איז אויף די פעלזן צעקלאַפּט געוואָרן אויף פּיצלעך, די צווייטע איז איינגעזונקען אין תהום אַריין, און אָט די, די דריטע, האָט מען פון וואַסער אַרויסגעצויגן.

— און יעצט?

— יעצט פירן זיי אונזערע, די גלויביקע. טוען זיי תפילה, האָט זי אויף זיי רחמנות.

„די רחמנותדיקע" האָט זיך צעשפּרייט איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון איר געלעגער און האָט זיך געמאַכט ניט הערנ־דיק, גלייך ווי אונזערע רייד זיינען איר גאַרניט נוגע.

ח. נ. ביאַליק.

# ווינטער לידער

1

אויפגעוועקט האָט היינט פון שלאָף מיך
פריע קעלט, אַ קריי פון ראָב —
און איך ווייס נישט, וואָס איז פּלוצלונג
אַזאַ פרייד אויף מיר אַראָפּ.

ווער האָט דאָס געשענקט מיין האַרצן
אומגעריכט אַ גליק אַ נייס,
וואָרום איז מיין צימער פּלוצלונג
חנעוודיק און בלוילעך־ווייס.

זע, אַ וועלדל!... אויף די שויבן
וואַקסט עס פריש אין ווינטער־פּראַכט,
אויפגעבליט, ווי אהרנס שטעקן,
האָט דאָס פענצטער איבער נאַכט.

סאָסנעס, דעמבעלעך, באַשנייטע,
און פון פּאַלמען דאָס געשטאַלט.
גוטן מאָרגן, ווינטער־שפּראָצונג!
בראַוואָ, קליינער, מילדער, וואַלד!

און אַ קאַלטער גלאַנץ, אַ העלער,
האָט מיין צימער פול געמאַכט,
גלייך עס וואָלט אַראָפּ אַ מלאך
און עס אויסגעקאַלכט די נאַכט...

ס'האָט דער ווינטער־גלאַנץ דער פרישער
די נשמה מיר באַנייט,
פונקט עס וואָלט אַ ווייסער מלאך
זי פון שמערץ און זינד באַפרייט.

2

אויף דער שוועל האָט מיך באַגעגנט,
אָפּגעגאָסן אומגעריכט, —
כליופּ אין פּנים! כ'וויים אַליין ניט,
וויפל שעפל קאַלטע ליכט.

כ'וויים אַליין נישט, וויפל זונען
האָבן גאָלד אויף מיר געשפּריצט...
ווייט האָט זיך אַנטבלויזט גאָטס וועלטל,
פרעך געפינקלט און געבליצט...

וואו נאָר ס'קאָן דאָס אויג דערגרייכן
גלאַנצט גאָטס וועלטל, שעמערירט,
אויסגעשאָטן מיט ברילִיאַנטן
און מיט דימענטן פאַרצירט.

ס'איז דער פראָסט אַליין דער מושל,
שטאַרק און קרעפּטיק איז דער ריז,
ס'דינען קעלט און שניי צוזאַמען
דער מיט נאָדל, דער מיט שפּיז...

אַ באַפעל, זעט אוים, אַ שטרענגער
דורכגעגאַנגען איז היינט ביינאַכט:
„וויים זאָל ווערן! מאָרגן ז'יום־טוב!
צירט אייך אוים אין שענסטן פראַכט!"

און עס האָט אַ שניי אַ פרישער,
ערשט פון הימל, שפּאָגל ניי,
גיך פאַרשאָטן וואו אַ גריבל,
וואו אַ פּלויט פאַרדעקט דערביי.

און עס האָבן מאַרמאָר־ווייסקייט,
גאָלד און זילבער און קרישטאָל
זיך צעוואָרפן און צעשאָטן
און צעשפּילט זיך מיטאַמאָל!

קלאָרע ליילעכער צעוויקלט,
אויסגעבעט די גאַנצע שטאָט,
זילבער־קייטלעך אָנגעהאנגען
אויף דעם טעלעגראַפן־דראָט.

טישטעכער געשפּרייט אויף דעבער,
מיט קרישטאָלנע פרענז באַצירט; —
גאָטס אַ גרויסער, ווייסער יום־טוב
איז געקומען — און רעגירט!

און די ווייסקייט בלענדט און צויבערט...
אין דער הויך, פון אויג פאַרשטעלט,
פלעכט אַ האַנט פון גאָלדענע שטראַלן
טויזנט קרוינען גאָר דער וועלט.

שטייט אַ דעמב באַזעצט מיט פייגלעך,
דורך באַגלאָזט, דורך בליץ און בלאַנק
און פאַרהילעכט דעם פרימאָרגן
מיט אַ לעבעדיקן קלאַנג.



מ. ברכהן.

# אין אַ שליטוועג

וואַלד פון הינטן,
וואַלד פון פאָרנט,
אויף די זייטן וואַלד ;
און דער פורמאַן
אַלט באַיאָרנט,
און דאָס פערדל אַלט.

נאַכט פון הינטן,
נאַכט פון פאָרנט,
אויף די זייטן נאַכט ;
און דער פורמאַן
שרייט און וואָרנט,
און דאָס שליטל קראַכט.

ווייס פון הינטן,
ווייס פון פאָרנט,
אויף די זייטן ווייס ;
און דער פורמאַן
בייז, פאַרצאָרנט ,
וויאָ'אָקעט צייטנווייז.

„וויאָ״ . . . אַ פייערל
פון ווייטן
קוקט אַהער און ווינקט ;
נייגט זיך, בייגט זיך
אויף די זייטן,
הויבט זיך אויף און זינקט...

„וויאָ״ . . . דאָס פייערל
פון ווייטן
קוקט און פליט אַהער ;
— „זאָל איין אָפּרו
דאָס באַדייטן ?...״ —
גיט דאָס האַרץ אַ קלער...

„וויאָ״ . . . דאָס פייערל
פון ווייטן
פליט און פליט... פאַרביי !
ס׳קוקט דער פורמאַן
אויף די זייטן,
וויאָ׳אָקעט פון דאָס ניי...





ה. רויזנבלאַט.

# „גאָט פון אברהם"

אוי, באָבעניו, זאָג נאָך ניט „גאָט פון אברהם",
וואָס איז דאָס מיט דיר היינט דער איל ?
אין מערב זייט איז נאָך די זון ניט פאַרגאַנגען,
אוי, באָבעניו, וואַרט נאָך אַ ווייל !

צעשטער ניט דעם פרידן פון הייליקן שבת,
די שטילע, די הייליקע רו,
מען זעט נאָך ניט שיינען אין הימל קיין שטערן,
אוי, וואַרט כאָטש אַ רגעלע צו.

דער „גאָט פון אברהם", ער שפּאַנט אונז צוריק איין
אין שווערן טאָגטעגלעכן יאָך, —
צו שלעפּן דעם גלות, דעם חדר, דעם רבין,
דעם עול און די דאגות פון וואָך... —

דאָך בלייבט ווי פאַרשטיינערט ביים פענצטער
די באָבע,
זי איז צו מיין בעטן ווי טויב.
„אוי, גאָט פון אברהם", און ס'קייקלט אַראָפּ זיך
אַ טרער אויף דער טונקעלער שויב...

ד. האָפּשטיין.

# אַוועק דער שבת שוין

אַוועק דער שבת שוין...
אויף ווייטע שנייען
אַ גרויסער עמיצער
שיט גרויען אַש...
אין קליינעם קליטעלע
שוין וואַרטן צווייען:
אַ טונקל שיקסעלע,
אַ שוואַרצע פלאַש.

די בייטש איז אויסגערוט,
דאָרטן צווישן איוון
איז זי מיט פינצטערניש
געדיכט פאַרשטעקט.
אַ נעפּל טישטעכל
האָט דאָרטן אויבן
דאָס לעצטע קוילעטשל
שוין שטיל פאַרדעקט...

דער טאַטע האָט אָפּגעריכט
די דריטע סעודה,
און ווערט מיט טונקלקייט,
מיט טיש פאַרוועבט,
און צווישן שוועסטערלעך
און שאָטנס מידע,
אַ מורמל־פּעדימל
זיך וועבט און וועבט...

די מאַמע זוכט אין שויב
אַ ווייטן שטערן,
און ניט געפונען אים
און זיצט פאַרטראַכט...
איך זינק אין אומעטקייט
און וויל ניט קלערן,
אַז ס'וואַרט די קו אויף מיר,
אויף היי, אויף נאַכט...

נחום י.

# זונפאַרגאַנג

די זון פאַרגייט! עס טומלען זיך קאָלירן,
דער הימל שפּילט זיך מיט פאַרבן אַלערליי...
ער זינגט אַרוים די פריידן פון יצירה
און פונ׳ם אונטערגאַנג דעם לעצטן וויי.

און שטראַל נאָך שטראַל דער זומערדיקער אָוונט
פאַרגייט אין רויטן פּחד פון זיין סוף...
געזאַנג און פּיין! די נאַכט איז נאָענט,
די נאַכט אויף שטילע רייטוועגן פון שלאָף.

און שטילער ווערן פון דעם וואַלד די שטימען,
אַ שטערנדל אין טיפקייט צינדט זיך אַזוי שוואַך —
און בערג אַרום באַהויכט פון בלויען שימער,
ווי אויפגעציטערט, שטייען אויף דער וואַך.

▲▲▲▲▲

שלום אַש.

# שבת אין וועג

## א

דו זעסט, אַפילו אַ בלאַז פון אַ ווינטל גייט דאָ ניט פאַרלאָרן. ניט אויף קיין שטיינערנע טראָטואַרן פאַלן דאָ די זונענשטראַלן, ניט אויף שטיינערנע מויערן בלאָזט דאָ דער ווינט פון פרילינג. וואַרף נאָר דיין בליק אַרום; יעדער פון די פרילינג-ווינטלעך עפנט אַ נייע טיר אין דער ערד, יעדער שטראַל פון זון רופט אַרויס צום לעבן נייע גראָז-קעפּלעך פון דער ערד, און דער ווינט באַנייט זיי, די טוי-טראָפּן טרינקען זיי אָן, און גאָטס וועלט שפּראָצט אַרויס... די געשמאַקע ריחות טראָגן זיך אום אין דער לופטן און באַהויכן מיט זייער אָטעם אַלץ, וואָס זיי באַגעגענען אויפן וועג... איינזאַם בין איך אין וועג, ווייט פון שטאָט, פון אַ דאָרף.

אַרום ציען זיך גרינע זאַפּטיקע בייטן. דער פּסח איז נאָך ניט לאַנג אַריבער, די געוויקסן האַלטן נאָך ביים פאַנאַנדערשפּראָצן. דיינע אויגן ווערן נאָך ניט פאַרבלענדעט פון קיין צייטיקער פּרוכט, — נייַן, אַלץ האַלט נאָך דערוויַיל אין איין שפּראָצן...

די ערד איז נאָך שוואַרץ דאָ און דאָרט, קליינע גרינע קעפּ־לעך עפענען זייערע קליינע מיילעכלעך, קליינע בלומען קוקן אַרויס, ווי קינדערשע אויגעלעך, מיט התפעלות, פרייען זיך און לאַכן...

און אַלץ וואַקסט אויף די אויגן, וואַקסט און בליט פאַנאַנדער... און אויבן, איבער דעם אַלעמען, שפּרייט זיך אַ ברייטער און פריי־לעכער הימל, און אַרום איז קיינער נישטאָ, אויסער דיר איינעם. איינזאַם ביסטו, דיין פּעקל אויף די פּלייצעס, דער שטאָק אין דער האַנט, און דו גייסט וויַיט, וויַיט, און עס דאַכט זיך דיר, אַז קיין וועלט איז גאָרניטאָ, ניטאָ קיין שטאָט ניט פאַר דיר, ניט הינטער דיר. איינער ביסטו אויף דער וועלט און דו ביסט דער הערשער איבער אַלץ, וואָס אַרום דיר...

## ב

הינטערן וואַלד שטייט אַ קליין הייזל, די ווענט פון ברעטער, איבערן צעפוילטן שינדל־דאַך הויבט זיך אַ שוואַרצער, אָן אויסגע־קרימטער קוימען. דאָס קליינע הייזל שטייט פאַר זיך, איינס און אַליין, אַזוי ווי עס וואָלט קיין שייכות ניט געהאַט צו דער גאַנצער איבעריקער וועלט. עס שטייט און עס זעט, אַלע טאָג קומען האַלצ־העקער מיט העק אין די הענט, האַקן בוימער, און דאָס קליינע הייזל האַלט אין זיך טיף פאַרבאָרגן דעם טרויעריקן סוד... פון איין זייט ציט זיך דער וואַלד, הויכע צווייגהאַפטיקע בוימער שטייען, ווי אַ סך מנינים אידן; אין דער הויך און אין דער וויַיט ציען זיך צווייגן, איינע נאָך די אַנדערע, און פאַרשווינדן טיף אין וואַלד אַריין... דאָרט אין טיפן וואַלד איז געווים פאַראַן עפּעס אַזוינס... פון מיטן וואַלד קומט געשווינד צולויפן אַ קוועלכעל און לויפט וויַי־טער, און איילט זיך, אַזוי ווי אימיצער אין טיפן וואַלד וואָלט אים שלעכטס געטאָן, און ער לויפט צו קלאָגן זיך פאַר דער מוטער־טייך, אַריינצופאַלן אין אירע מוטערלעכע אָרעמס... וויַיט לינקס, הינטער די פעלדער, זעט זיך נאָך עפּעס וואָס, אָבער וואָס דאָס איז — ווייסט איין גאָט...

אויפן בענקל, וואָס פאַרן הייזל, פּונקט קעגן וואַלד, זיצט ר׳ בנימין. פון אונטער זיין זשילעט זעען זיך אַרויס לאַנגע ציצית,

ער רויכערט אַ ליולקע און קוקט אין דער וועלט אַריין. ער דער־זעט מיך נאָך פון דער ווייטן און ווינקט צו מיר מיטן פינגער. „זייט מוחל, ר' פעטער" — פּאַרטייטש איך מיר זיין וואונק, אָבער הערן הער איך גאָר נישט — דער שטח איז נאָך צו ווייט.

בנימין דער וואַלד־וועכטער וואוינט שוין דאָ פון לאַנג. דאָס הייזל האָט ער גערירשנט נאָך פון זיין עלטער־עלטער זיידן. עפּעס אַ מין „הכנסת אורחים" האָט גאָט באַשאַפן דאָס הייזל אין מיטן וועג, אַ איד זאָל האָבן וואו אַריינצוגיין. אַ פולע שיסל מיט זויער־מילך, אַ שטיק שוואַרץ ברויט — דאָס באַקומט יעדער אומ־זיסט, קיין געלט וויל בנימין פאַר אַזעלכע זאַכן ניט נעמען. „אַז איך פיר עס אַרויס אין מארק, איז עס סחורה, — זאָגט בנימין — אָבער כל זמן עס איז נאָך אין דער היים איז דאָס אַ שטוב־זאַך, און פאַר שטוב־זאַכן נעמט מען קיין געלט ניט".

ער איז אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען מיר אַנטקעגן. ער שאָקלט מיר פון ווייטן מיטן קאָפּ — ער מיינט, איך זאָל אָפּ־וואַרטן.

— פון וואַנען גייט אַ איד?

— אוודאי, פון סטשעלעץ קיין גאַסטינין, אַנצוציען אויף שבת.

— פּרואווט ער טרעפן.

— האָסט שוין פאַרשפּעטיקט, — זאָגט ער און מאַכט מיט דער האַנט — די זון גייט שוין אונטער, — און ווייזט מיט דער האַנט אויפן רויטן הימל, וואָס הינטערן וואַלד.

ניט קלערנדיק קיין סך, פאַרקירעווע איך זיך אויף דער סטעזשקע, וואָס פירט צו זיין הייזל.

— דער לוח שרייבט, — זאָגט ער מיר דערווייל — אַז זיבן אַזייגער בענטשט מען ליכט. עס איז שוין נאָך פינף.

זיינע טאַטעס האָבן געציילט די טעג נאָך די שייטלעך האָלץ, וואָס זיי פלעגן אַלע טאָג צוגעבן הינטער דער הרובע, און דאָס וועטער פלעגן זיי פאַרזאָגן נאָך דעם אויסזען פון הימל. אָבער בנימין ווייס דאָס אַלץ שוין פון לוח.

מיר קומען אונטער צום הייזל. אויפן שוועל שטייט אַ הויכע אידענע, אויפן קאָפּ טראָגט זי אַ ווייסע פאַטשיילע און קוקט אויף איר מאַן, אַזוי ווי זי וואָלט אים עפּעס וועלן פרעגן. הינטער איר פאַרטוך באַהאַלטן זיך צוויי קליינע מיידעלעך, קוקן אַרויס מיט זייערע אָפּגעברענטע פנימלעך, זייערע האָר, האַלב רויטלעך, האַלב געלבלעך, זיינען צעשויבערט. זיי קוקן אויף מיר מיט אַ קינדערשן שמייכל.

— טויבע, מיר האָבן אַן אורח אויף שבת.

איך גיב אַ שאָקל צו דער אידענע מיטן קאָפּ. מיין שאָקל דאַרף באַדייטן: „גוט מאָרגן", „גוטן אָוונט". די אידענע שטייט, ווייסט ניט וואָס צו טאָן. אָבער פּלוצלונג גיט זי זיך אַ קער און גייט אַריין אין הייזל.

— אַמאָל, אַז מען האָט געהאַט דעם אַלטן וואַלד, האָבן דאָ גע־וואוינט שאַפּאַרעס, און עס איז געווען אַ קאַנטאָר, איז דאָ געווען אַ מנין, און א ספר־תורה איז געוועזן, — דערציילט מיר ר' בנימין.

מען פירט מיך אַריין אין שטוב. דאָס ערשטע, וואָס מיין בליק קען אונטערשיידן איז — מילך קריג, וואָס שטייען אויס־געשטעלט אויף צוויי מילכיקע בענק. אין שטיבל איז קאַלטלעך. אויף די פענצטער שטייען פולע טעפּ מיט זויער־מילך, און אַ פעטער גערוך טראָגט זיך איבערן גאַנצן הייזל.

באַלד קומט אַריין אַ הויך מיידל מיט צוויי שוואַרצע צעפּ אויפן קאָפּ. פון אונטער דעם רויטן קליידל זעען זיך די באָר־וועסע פיס. אויף דעם רויט־געוואָרענעם געזיכט אירן שוועבט אַ שעמעוודיקער שמייכל. זי טראָגט אַריין אַ פולן קאָרב אייער. ווי זי דערזעט מיך, גייט זי שנעל אַריין אין צווייטן קאַמער.

דאָס מיידל שעמט זיך. יעדעס מאָל, ווען זי גייט נאָר דורך דאָס שטיבל, הויבן זיך אַן אירע באַקן צו רויטלען, און זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. איך האָב איר ניט געוואָלט שטערן, בין איך אַוועק זיך אַרומוואַשן לכבוד שבת.

ג

דאָס הויז איז אויפגעראַמט און ריין. עס ברענען צוויי ליכט אין צוויי באַגילדעטע, אויסגערייניקטע לייכטער. דער טיש איז צוגעדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך. אַרום איז שטיל. די חלות זיינען צוגעדעקט מיט אַ קליין ווייס טישטוכל. דער רויטער וויין בלישטשעט אין קלאָרן פלעשל, און די כוסות שטייען אַרום. אויף אַלץ רוט דער גייסט פון שבת. דער טאַטע, אַן אויסגעוואַשענער און אַ ריינער, שטייט ביים טיש אויבן־אָן אין דער שבתדיקער קאַ־פּאָטע און זאָגט אויפן קול „לכו נרננה" פון אַ סידור. די מאַמע, אויך אַן אַרומגעוואַשענע, מיט אַ ווייסן שבתדיקן שלייער אויפן קאָפּ, זיצט און קוקט אין אַ תחינה. די מיידעלעך, אין בלויע קליי־

דעלעך מיט ווייסע פאַרטוכלעך, זיצן שטיל און הערן זיך איין אין טאַטנס דאַווגען. און די עלטערע טאָכטער, פייגעלע, מיט די צוויי לאַנגע שוואַרצע צעפּ, זיצט אויך ביים טיש. זי שעמט זיך שוין ניט. דאָס געזיכט רויטלט זיך. זי איז פאַרטראַכט. די אויגן בלישטשען, און צוויי ברעמען ווי בויגנס וואַכן און היטן די אויגן, וואָס קוקן זיך צו צו אַלץ צו און שווייגן. פייגעלע זיצט און טראַכט עפּעס...

עס איז אַזוי שטיל, שבתדיק. דעם טאַטנס קול נאָר צעשפּרייט זיך איבערן גאַנצן הייזל. אַלע זיצן און האָרכן.

איך שטיי לעבן פענצטער. דאָס פענצטער איז אָפן. דער אַלטער וואַלד שלאָפט שוין לאַנג, איינגעהילט אויף העלפט אין נעבל. פון עק הימל זעט זיך נאָך אַ רויטער בליאַסק. די זון גייט אונטער, זי פאַרשווינדט דאָרט ערגעץ טיף אין וואַלד, און דער אַלטער וואַלד שטייט און הערט זיך איין אין ר׳ בנימינס קול, וואָס איז מקבל שבת, הערט, טראַכט עפּעס און שווייגט...

און ר׳ בנימין דאַוונט אַלץ העכער און העכער. ניט מיט לעבעדיקער שמחה איז ר׳ בנימין מקבל שבת — עס איז ספירה־צייט, דער איד איז איצט פאַרטרויערט, דער „לכה דודי״ איז אויך אַ טרויעריקער. מיט אַ פאַרטרויערטער שטילער שמחה נעמט ר׳ בנימין אויף דעם שבת.

אַלץ אַרום איז גרייט און וואַרט נאָר אויפן שבת, און אָט באַלד, באַלד וועט ער קומען פון טיפן וואַלד, וועט קומען און וועט זיך אויף אַלץ צעשפּרייטן...

אַלץ אַרום שטייט און וואַרט און האָרכט ר׳ בנימינען. דער אַלטער וואַלד וויל אויך מקבל שבת זיין. ער בענקט נאָכן שבת און וויל לויבן דעם אַלמעכטיקן, אָבער די בוימער זיינען שטומע און ר׳ בנימין איז דאָס זייער שליח־ציבור: ער זאָגט פאַר זיי, און זיי האָרכן... און אָט קומט צוגיין דער שבת און צעשפּרייט זיך איבער דעם גאַנצן געגנט.

אַלץ שווייגט און איז פול רו. דורכן פענצטער קומט אַריין דער שבת. די ליכט ברענען, די חלות זיינען צוגעדעקט. אַרום טיש מיטן ווייסן טישטוך זיצן אַלע אין שבתדיקע קליידער, און דער טאַטע גייט אַרום אַנטקעגן און זינגט:

שלום עליכם, עליכם שלום!

ד

די נאַכט פון שבת. די ליכט גייען אויס, דער לאָמפּ ברענט נאָך העל. די מיידלעך זיצן אַרום טיש, האַלב זיצנדיק און האַלב אָנגעלענטערהייט, די קעפּלעך אויף די הענטלעך, און זיי שלאָפן. די מאַמע זיצט ביי אַ ווינקל פון טיש, קוקט אויף די גוססדיקע ליכט און האָרכט. דער טאַטע זיצט אויבנאָן, אָנגעלענט אויפן שטול, מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, ער קייט געקאַכטע באָב און האָרכט אויך. די עלטערע טאָכטער, פייגעלע, לייענט עפּעס אַ מעשה־ביכל פאַרן לאָמפּ.

שטיל און רואיק לייענט דאָס מיידל עפּעס אַ מעשה, וואָס איז פאַרלאָפן מיט אַ גרויסן צדיק, וואָס האָט זייער אָפּגעהיט דעם שבת, און אַלע פרייטיק נאָכמיטאָג פלעגט ער שוין ניט אַרויסגיין פון שטוב. און דער צדיק האָט אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט. עס איז געווען אַ ווינטער טאָג, האָנערשטיק. דער צדיק איז אַוועק אין אַ דערבייאיקן דאָרף אויף אַ ברית, מל צו זיין אַ קינד. אַז ער איז געגאַנגען צוריק, איז אויסגעפאַלן אַ גרויסער שניי און האָט פאַרטראָגן דעם וועג. דער צדיק האָט פאַרבלאָנדזשעט און האָט געמוזט נעכטיקן אין וואַלד. אויף מאָרגן, פרייטיק, איז דער צדיק אין גרוים צער און איז מתפּלל צו גאָט, ער זאָל אים ניט דערלאָזן מחלל שבת צו זיין. פּלוצלונג הערט ער פון ערגעץ אַ זייגער שלאָגט צוועלף. דער צדיק שטעלט זיך אָפּ אונטער אַ בוים — ער וויל ווייטער ניט גיין, עס איז שוין שבת. ער גיט אַ קוק — ערשט ער שטייט פאַר אַ גרויסן פּאַלאַץ. דער צדיק גייט אַריין אין פּאַלאַץ, זעט ער אינווייניק שטייט אַ טיש צוגעדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך, און ביים טיש זיצט אַ גרייז־גרויער מאַן מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, אין האַנט האַלט ער אַ זילבערנע טאַבאַק־פּושקע און לערנט. ער גייט אונטער: „שלום עליכם!‟ — „עליכם שלום! אַ איד האָט פאַרבלאָנדזשעט, וועסטו ביי אונז האַלטן שבת‟...

איך שטיי ביים פענצטער. שטיל. דער וואַלד שלאָפט. די בוימער שטייען שטיל און האָרכן אויך די מעשה, וואָס פייגעלע לייענט, אָבער טיף אין וואַלד רוישט עפּעס... די שטערן ווינקען עפּעס פון הימל מיט אַזוי פיל חן, אַלץ רוט, אַלץ איז שבתדיק.

און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין עס דער צדיק פון פייגעלעס מעשה, וואָס האָט אויף שבת פאַרבלאָנדזשעט אין גן־עדן התחתון...

ד. האָפּשטיין.

# אין גאַס

ס׳האָט היינט פון פעלד אַ פרישער ווינט
אויף הייסע גאַסן זיך פאַרקליבן
און ניט געוואוסט, וואו איין, וואו אוים —
און שטיל געבליבן.

פון טונקלען הויז בין איך אַרוים,
דעם ווינט אַנטקעגן אָנגעקומען —
און ס׳האָט דער ווינט מיך שטיל און לינד
אַרומגענומען...

איך האָב צעקושט זיך מיטן ווינט
און אָן אַ וואָרט געוואָר געוואָרן,
וואָס טוט אויף פעלדער זיך אַצינד —
דאָרט בליט שוין קאָרן!

עס וועט מיר קלינגען היינט ביז נאַכט
דער שטילער שאַל פון וויטן האָרן:
עס בליט שוין קאָרן!...



מענדעלע־מוכר־ספרים.

# אָנהויב פרילינג

## א

ס'איז אַ טאָג אַכט נאָך פּורים. די זון קוקט פריינטלעכער, מילדער אַראָפּ פון'ם הימל, שיקט דורך אירע שטראַלן און דורך אַ לינד ווינטל די ערשטע התראה דעם ווינטער, אַז עס ענדיקט זיך אים דער טערמין פון דער דירה דאָ, אויף דר'ערד, ער זאָל מוחל זיין זיך אַרויסקלייבן, זיך רוקן ווייטער. און ער טוט דאָס אייגענע טאַקע וואָס אַ שלעכטער, איינגעשפּאַרטער שכן — בריהט זיך, מאַכט פוילע תנועות. בייטאָג, דער זון אין די אויגן, געזעגנט ער זיך, פאַרגיסנדיק ריקעס טרערן — טייכלעך וואַסער רינען אויף די גאַסן. איך גיי, גיי — הייסט עס — לאָזט מיך נאָר זיך פּאַקן, פאַרנעמען מיינע בעבעכעס, דעם שניי מיינעם, „פאַרשוואַרצט" איז ער, נעבעך, געוואָרן! קוים אָבער מאַכט די זון צו אַן אויג, גייט פאַרנאַכט אין איר רו אַריין, שטעלט ער מיט אַ פאַרכמאַרעט, בייז פּנים איר אַרויס פייגן — סוסולקעס פאַרגליווערטע — און בלייבט ביי זיינעם טאַקע, אייז־קאַלט ווי פריער. נאָר אַז אָך און וויי איז צו אים! ער איז שוין פאַרביי, מען איז אים שוין מבטל — ביי אידן איז שוין פאַר פּסח, די צייט פון עפענען טיר און טויער, אַרויס־טראָגן אויף דער גאַס טיש און בענק, וואַשן און כשרן אַלצדינג אויף פּסח!

## ב

ס'איז אַחרון של פּסח — אַ שיינער, אַ וואַרעמער פרילינג־טאָג. די גילדענע זון האָט ביים אויפגיין צעריסן, צעטריבן די גרויע וואָלקנס אין דער לופט און מיט איר ליכטיק פּנים אַראָפּגעקוקט פון'ם בלויען הימל מילד־פריינדלעך אויף דער ערד. גאָטס באַשעפעניש, אַלע, פון גרויס ביז קליין, האָבן, אויפכאַפּנדיק זיך פון'ם לאַנגן ווינטער־שלאָף, לעבעדיק, פריילעך זיך גענומען איטלעכער

צו זיין זאַך. פריש-געלע בלומען שטעקן אַרויס די קעפּלעך פון צווישן יונגן גרינעם גראָז, קוקן אַרויס און מאַכן חן. ווערבעס ביים טייך כאַפּן זיך אָנטאָן זייער נייע, גרינע זשופּיצע, שפּיגלענדיק זיך אין דעם וואַסער ריין קלאָר ווי זילבער. פון די ווייטע וואַרעמע לענדער, דאָרט אין דער פרעמד, קומען עופות טשאַטעסווייז צוריק אַהער אין זייער רו אַריין. ווילדע גענז פּליסקען זיך ערגעץ צווישן וויספּעס דאָ אין טייך. ווילדע קאַטשקעס דרייען זיך אַרום דעם טשערעט, אַרויס, אַריין מיט אַ געהילך, אַ געשוווישטש. שוועלבלעך פלאַטערן, שוועבן אַהין, אַהער אין דער לופט, שטאַרק פאַרטראָגן אין דעם בויען, פאַרריכטן נייע און אַלטע נעסטן. ברוך הבאָ! דאָס אַלטע באַקאַנטע פאָרפאָלק בושעלם איז אויך למזל דאָ אין אַ גוטער שעה. זי, בושלעכע, שטייט אויף איין פוס, דאָס קעפּל אין דער זייט, שטייט, באַטראַכט איר אַלטע נעסט אויבן אויף אַ שפּיץ בוים, און ער, אויף די לאַנגע שטאָלצן, שפּאַצירט זיך האָפּערדיק אויף דעם זומפּ דאָרט, צוקוקנדיק זיך צו אַ קאַליזשע, וואו עס שפּרינגען, קוואַקען זשאַבעס, און פּלוצים פּיק, פּיק, אַ כאַפּ אין דעם רויטן ווייטן פּיסק אַריין... ס'איז אַ לעבן, אַ פרייד, אַ פּליעניש, אַ זוזשעניש, אַ זינגעריי, אַ געשוווישטשעריי אומעטום.

ס'איז יום-טוב, ס'איז פרילינג-צייט!

(פון „שלמה ר' חיימס“)



# אינהאַלט פון מחברים


**א.**

**אגדות.**

אליעזר בן הורקנוס — — — — 93
טרייסט — — — — — — — 112
מנחם — — — — — — — 114
מתן תורה — — — — — — 129

**אַדלער, י.**

מיר וועלן קיין קאָרן (ליד) 169

**אַנסקי, ש.**

דער שניידער (ליד) — — — 147

**אַש ש.**

קידוש השם — — — — — 83
חורבן ירושלים (צווייטער
געזאַנג) — — — — — — 104
מלחמה — — — — — — — 170
צום אַמעריקאַנער ברעג — — 195
דער גרוס — — — — — — 206
דער אַמעריקאַנער — — — — 220
שבת אין וועג — — — — — 257

**ב.**

**באַיער י.**

דעם פּיאָנערס טויט — — — 224

**ביאַליק ח. נ.**

נח און מאַרינקע — — — — 24
ווינטער לידער — — — — — 250

**בעל־מחשבות.**

די וויכטיקייט פון ליטעראַ־
טור (עסיי) — — — — — 167

**ברכהן מ.**

אין אַ שליטוועג (ליד) — — 253

**ג.**

**גאָרקי מ.**

די קינדער פון פּאַרמאַ — — 148

**ד.**

**דאָסטאָיעווסקי פ.**

דער אָדלער — — — — — — — 180

**ה.**

**הוילפערין פ.**

משיח דער דערלייזער — — 131

**האָפּשטיין ד.**

אַוועק דער שבת שוין (ליד) — 256

**ז.**

**זשיטניצקי ה. ל.**

פורים נאָך דער סעודה — — 62

**י.**

**יהואָש.**

דער לעצטער צום מנין (ליד) 87
משיח (ליד) — — — — — 187
פרילינגס־טרוים (ליד) — — 236
אין אַ באַארע (ליד) — — 241

**יפה ל.**

האַרבסט (ליד) — — — — 240

**כ.**

**כאריזמאַן מ.**

דאָס ערשטע אַקערן — — — 163

**כיסין ה.**

דער ברונעם — — — — — — 160

**מ.**

**מאַני לייב.**

אליהו הנביא (פּאָעמע) — — 96
די ווינטער־נויט (ליד) — — 159
דער פּאָעט (ליד) — — — 235

**ממו"ס.**

אין וואַלד — — — — — — 77
ענדע זומער — — — — — 242
אָנהויב פרילינג — — — — 264

### נ.

**נחום י.**

זונפאַרגאַנג (ליד) — — — — 257

### ס.

**סאַלטען פּ.**

באַמבים קינדער יאָרן — — 34

**סטאַווסקי מ.**

קיין אַמעריקע — — — — 191

**סמילאַנסקי מ.**

די ערשטע טעג פון פּתח-תקוה 183
די כנרת — — — — — — 243

**ספעקטאָר מ.**

דאָס שרעטעלע — — — — 56
דאָס וועלדל — — — — — 71

### פּ.

**פּרוג ש. ש.**

דעם שמשס טאָכטער (באַלאַדע) 116
צום ברודער (ליד) — — — 154
ליד פון אַרבעט — — — — 166

**פרישמאַן ד.**

די שליסלען (פּאָעמע) — — 102

**פּרץ י. ל.**

אויב נישט נאָך העכער — — 89
זיבן גוטע יאָר — — — — 98
ביים גוסס צוקאָפּנס — — — 176

### ר.

**ראַבאָי א.**

די קליינע קינדער אין וואַלד 14
דיקס זעלבסטמאָרד — — — — 155
ווייסע הענט — — — — — 202
אויף ערד — — — — — — 210

**ראָזנפעלד מ.**

זכרונות (ליד) — — — — — 238

**רויזנבלאַט ה.**

דער נייער זמן (ליד) — — 12
גאָט פון אברהם (ליד) — — 255

**רייזען א.**

די פּאַבריק — — — — — — 18
די צוויי ברידערלעך — — 41
נאָך גרינס (ליד) — — — 71
דער קראַנקער פינגער — — 137
צום מלוה (ליד) — — — 153
אָ, גיבער משיח! (ליד) — — 176
אין מינוטן וויסטע (ליד) — 179

### ש.

**שוואַרץ י. י.**

דער סוף פון פּאַק (פּאָעמע) — 197
אַ שטילער פרייד ליגט (ליד) 237

**שלום-עליכם.**

שמואליקל דער יתום — — 5
צו דער סעודה — — — — 48
מיר סטרייקן — — — — 214

### ת.

**תנ"ך.**

אליהו און אַחאָב — — — — 124
אליהו אויפן באַרג — — — 127

# פֿאָרשלאַגן פֿאַר שריפֿטלעכע אַרבעטן

## פֿאַרבונדן מיט די אויסצוגן פֿון דעם בוך און מיט אַנדערע ליטעראַטור־טעקסטן, וואָס קענען באַנוצט ווערן אי פֿאַר געשפּרעכן און אי פֿאַר שריפֿטלעכע אַרבעטן.

(די אויסצוגן פֿון דעם בוך ווערן דאָ געשטעלט צווישן אַזעלכע צייכנס ( ), די אַנדערע רעקאָמענדירטע טעקסטן — צווישן די צייכנס [ ].)

(די פֿאָרשלאָגן קומען לויטן סדר פֿון דעם אינהאַלט. נאָר אַזוי ווי דאָס בוך דאַרף דאָך ניט געלערנט ווערן אין קלאַס אין דערזעלבער אָרדנונג, וועט דער לערער שוין ממילא מאַכן זיין אייגענעם סדר).

### העלער מאָרגן

1. וואָסערע מעשיות איך האָב ליב צו הערן און צו לייענען.
2. דער ערשטער טאָג פֿון נייעם שול־יאָר.
(ת. רויזנבלאַט: דער נייער זמן.)
[פֿייערבערג: ביינאַכט.]
3. די פֿריינטשאַפֿט פֿון נח און מאַרינקע — מאַרינקעס און נחס געפֿיל פֿון עלנדקייט; דער הונט שקורעפּין.
4. פֿאַרגלייך דעם סטיל פֿון „באַמבי" און דעם סטיל פֿון אַנדערע ביכער וועגן חיות.
[באַקאַנען די תּלמידים מיטן אינהאַלט פֿון די פּאָר קאַפּיטלען, וואָס קומען פּונקט פֿאַר דעם אויסצוג אין דעם בוך, און פֿאַרלייענען זז. 18—26, וועגן באַמביס ערשטן ארויסטריט אויף דער לאָנקע. דער לערער זאָל דערמוטיקן די תּלמידים צו לייענען דאָס גאַנצע בוך.]
5. דאָס לעבן אין דער ישיבה.
(רייזען: צוויי ברידערלעך.) [רייזען: מאַי קאָ משמע לן; קאַצאָוויטש: דאָס ליטווישע אינגל.

זז. 49-62; טיילן פֿון דינעזאָנס: הערשעלע; ביאַליק: דער מתמיד, אויסצוג אין 3טן טייל פֿון דעם בוך.]
6. „דער פֿעטער הערץ".
7. דער פֿעטער הערץ אויף אַ שטאָטישער אסיפֿה — אין דערציילערישער אָדער אין דראַמאַטישער פֿאָרם.
8. דער פֿעטער הערץ צוגאַסט ביי אַן אָרעמען קרוב אָדער דער פֿעטער הערץ אויף אַ חתונה ביי אַן אָרעמען קרוב.
9. פֿאַרגלייך די סעודה מיטן עסן אין דער סוכה אין ש"עס דערציילונג „די ערשטע קאָמונע".
(6, 7, 8, 9, לויט ש"עס „צו דער סעודה")
10. דער יום־טוב פּורים — פֿאַרשיידענע אופֿנים פֿון פֿייערן אים.
(זשיטניצקי: פּורים נאָך דער סעודה; ש"ע: צו דער סעודה)
[ש"ע: ביים קעניג אחשורוש; אויך לויט דעם לערערס דערציילן וועגן דעם אופֿן ווי פּורים ווערט געפֿייערט אין תּל־אביב.]
11. דער שענסטער יום־טוב אָ ד ע ר אונזער שענסטער שול יום־טוב.

12. דער ניט - פאַרגעקומענער פּיקניק אָדער דער ניט־געלונגענער פּיקניק.
(ספּעקטאָר: אין וועלדל) [פאַרגלייך מיט ז. ליבינס „דער פּיקניק" אין י. לעווינס אָנפאַנגער, 6.]

13. דאָס חדר־אינגל און די נאַטור.
(מענדעלע: אין וואַלד; רייזען: נאָך גרינס; ספּעקטאָר: אין וועלדל; רייזענס: די פאַבריק; ביאַליק: נח און מאַרינקע.) [ש"ע: גרינס אויף שבועות; פּרץ: קינדער.]

# אַמאָל איז געווען

14. אליהו הנביא אין דער לעגענדע.
(פּרץ: זיבן גוטע יאָר; מאַני לייב: אליהו הנביא; יהואָש: ליל שמורים.)
[מיקאַעלא: מעשה באיש חסיד — קינדער זשורנאַל, יאַנ. 1925.]

15. די ליבע צו תורה.
(אגדה: ר' אליעזר בן הורקנוס; זאַקס: דער סיום; רויזנבלאַט: דער נייער זמן).
[די אגדות וועגן ר' עקיבא; זאַקס: דער סיום — אין 2טן טייל; ביאַליק: דער מתמיד, אַ טייל פון בערקאָוויטשס: דער לעצטער — אין דריטן טייל פון דעם בוך.]

16. די נוצן פון בילדונג.

17. פּראָזע איבערדערציילונג פון יהואָש: דער צענטער צום מנין.
[ב. גלאַזמאַנס: די ניין אידן אין באַנד „פאַרטונקלט גאָלד" (אָן דעם פּראָלאָג און עפּילאָג).]

18. אליהו הנביא אין דער געשיכטע.
(פון תנ"ך: אליהו און אחאָב, אליהו אויפן באַרג) [מלכים א', קאַפּ. י"ח; דובנאָוו: אידישע געשיכטע, באַנד 1; דר. ש. אייזנשטאַט: די נביאים.]

19. אַ שיינער אויפטו — דערציייל וועגן אַ גוטער טאַט, דיינע אָדער עמיצנס, וואָס לאָזט זיך פאַרגלייכן מיט דער טאַט פון „אויב ניט נאָך העכער" אָדער פון „דעם פּיאָנערס טויט".

20. פאַרגלייך „אויב ניט נאָך העכער" מיט „ביים גוסס צוקאָפּנס".

21. משה רבנו — אַ ביאָגראַפיע און אַ כאַראַקטעריסטיק.
(די אגדה: מתן־תורה.) [די אגדה: משהס טויט — אין 2טן טייל; אַנדערע אגדות וועגן משהן אין ביאַליק און ראַווניצקיס „אידישע אגדות"; טיילן פון אחד העמס עסיי וועגן משהן.]

22. דאָס אידישע קינד אַמאָל און הייַנט.
(די דערציילונגען פון קינדער־לעבן אין דעם בוך און אַנדערע באַקאַנטע דערציילונגען.) [בעל־מחשבות: ש"עס מעשיות פאַר אידישע קינדער — אין 2טן טייל; דינעזאָן: יאָסעלע.]

23. ירמיהוס טראַגיש לעבן.
(אַש: חורבן ירושלים). [די ירמיהו אויסצוגן אין 3טן טייל פון דעם בוך; אויסצוגן פון איכה; דובנאָוו: אידישע געשיכטע, באַנד 1; פּראָפ. לאַצאַרוס: ירמיהו הנביא.]

24. שרייב אַ מעשהלע וועגן דעם לעבן פון אַ העלדיש אידיש אינגל אין דער צייט פון חורבן־בית־המקדש.

25. שילדער אַ פאַרזאַמלונג פון אידן מיט ירמיהון איייניקע יאָר פאַרן חורבן בית־המקדש.

26. דערצייל אַ מעשה פון זעלבסט־אויפאָפּפערונג ענלעך צו ש. אַשס „קידוש השם", צו פרוגס: דעם שמשס טאָכטער, אָדער צו באָיערס: דעם פּיאָנערס טויט.

27. די אידעע פון הייפערנס: משיח דער דערלייזער.
[פאַרגלייך מיט א. ק. שפּיראָס: קבר דוד.]

## לעבן און קאמף

28. דאָס לעבן פון די „לערן־אינגלעך“.
(רייזען: דער קראנקער פינגער.)
[יונה ראָזנפעלד: דער גנב — „לעווין, אַנפאַנגער 6“; ממו"ס: שלמה ר' תּוימס, קאַפּ. 12.]

29. די האַנדלונג אויף דער צוקונפט.
(פרוג: צום ברודער.) [רייזען: די וואַנט; ישעיהו: שלום און גערעכטיקייט, — אין 2טן טייל פון דעם בוך; די ביאָגראַפיע פון דעבס.]

30. אונזער באַציאונג צו די שטומע באַשעפענישן.
(ראבאָי: דיקס זעלבסטמאָרד. סאַלטען: באמבים קינדער־יאָרן.) [שלום אַש: דער הונט; ש"ע: ראבטשיק, מתושלח; סטאַוווסקי: לבן הארמי; קרעפּליאַק: טויבן; ממו"ס: דאָס קעלבל; מ. ז. פויערבערג: דאָס קעלבל. כדאי צו פאַרגלייכן „דיקס זעלבסטמאָרד“ מיט די קאַפּיטלעך: „ער וועט שוין קיינן די ערד“ און „פּאַריז גרין“, פון „דער פאַס פון ים“, פון דעם זעלבן מחבר.]

31. די פריינטשאַפט צווישן קינדער און שטומע באַשעפענישן.

32. דאָס פּיאָנערן לעבן.
(כּיסין: דער ברונעם; סמילאַנסקי: די ערשטע טעג; י. באָיער: דעם פּיאָנערס טויט.) [אַלפּערסאָן: די ערשטע קאַטאַסטראָפע אין מאַאוריציאַ; סמילאַנסקי: דער פרייַלעכער; אבטליון: צווישן זאַנגען, — אין 2טן טייל; ש. דיין: בראשית, אין 3טן טייל; פאַרלייענען פון מ. אַלפּערסאָנס: דרייסיק יאָר אַרגענטינע, די קאַפּ. 4, 5, 19, 22 און 23 (ערשטער טייל).]

33. דערציילט אַ מעשהלע פון פּיאָנערן לעבן אין אַמעריקע.

34. אַרבעט אַ פּליכט און אַ פאַרגעניגן.
(פרוגס: ליד פון אַרבעט; באָריזמאַן: דאָס ערשטע אַקערן.) [גאָרקי: סימפּלאַן, — אין 2טן טייל.]

35. די נוצן פון לייענען צייטונגען.

36. געזעצן געגן קינדער־אַרבעט.

37. אַ באַזוך אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק.

38. די גוטנבערג דערפינדונג און איר באַדייטונג פאַר דער געזעלשאַפט.

39. דאָס פּיאָנערן־לעבן אין ארץ ישראל.
(כּיסין: דער ברונעם; סמילאַנסקי: די ערשטע טעג פון פּ"ת; באָריזמאַן: דאָס ערשטע אַקערן; יהואָש: משיח.) [סמילאַנסקי: דער פריילעכער; אבטליון: צווישן זאַנגען; ראובני: ביי דער וואַנט, — אין 2טן טייל; ש. דיין: בראשית; אין 3טן טייל; אויסצוגן פון פּינמאַנס: ספר הארץ, פון „מסילה“, פון „דאָס יזכּור בוך“ און פון ש. אַש: דער מזבח.]

40. דער אָרעמער אַרבעטער.
(אַנסקי: דער שניידער.) [פּרץ: די מעשה פון צוויי ברידער; רייזען: דער בוים; פּינסקי: אויסגעפּירט; ראָזענפעלד: אין קעלער, — אין 2טן טייל; רייזען: צום העמערל; ווייסנבערג: דור הולך ודור באָ; ליבין: די ערשטע לעקציע, ווען דער פאָפאָ סטרייקט; מאָריס ראָזענפעלד: דער סוועט שאָפּ, דער בלייבער אַפּריוואָר, דער טרערן מיליאָנער, מיין אינגעלע; ד. פּינסקי: מען וואַרט, דער טרעגער, חיים משרת.]

41. דער פֿאַרברעכן פֿון מלחמה.
(י. אַדלער : מיר וועלן קיין קאָרן; אַש : מלחמה.) [רייזען: איז אַוועק צום קריג דער מלך; מאָפּאַסאַן : צוויי פֿריינט; גאַרשין : אויפֿן שלאַכטפֿעלד; טשעריקאָווסקי: ברוך ממגנצח; שלום און גערעכטיקייט, אין 2טן טייל.]

42. די שטרעבונג צו פֿרייהייט.
(פּרוג : צום ברודער, ליד פֿון אַר־בעט; דאָסטאָיעווסקי : דער אָדלער; רייזען : אָ, גיכער משיח.) [פּרץ : ביים פּאַקיר; רייזען : די וואַנט; קאָראָלענקאָ : דער ים, — אין 2טן טייל.]

43. געגנזייטיקע הילף.
(גאָרקי : די קינדער פֿון פּאַרמאַ; רייזען : צום מלוה, אין מינוטן ווי סטע.) [לייוויק : אין יעדנס האַרץ; פּרץ : ביים גוסס צוקאָפּנס.]

## ביים נייעם ברעג

44. דער דאָרפֿסהענדלער.
(שוואַרץ : דער סוף פֿונ׳ם פּאַק.) [גלאַזמאַן : אויף די פֿעלדער פֿון דזשאָרדזשיא, — אין 2טן טייל.]

45. די אורזאַכן פֿון עמיגראַציע קיין אַמעריקע.

46. דערציי̆ל וועגן דיינע עלטערנס נסיעה קיין אַמעריקע.

47. די פֿאַרשיידענע קוואַרטאַלן אין דיין שטאָט.

48. אויף דער שיף.
(ש. אַש: קיין אַמעריקע) [אַש: די קאַפּיטלעך „שיף־ברידער און שיף־שוועסטער“ און „צום אַמעריקאַנער ברעג“; ש״ע: די וואַסער שטוב, פֿון מאָטל פּייסי דעם חזנס“; קאָ־ראָלענקאָס: אָן אַ לשון, קאַפּ. 3, 4, 5.]

49. אונזערע קרובים — געסט פֿון יענער זייט ים.

50. די גייסטיקע ליידן פֿונ׳ם עלטערן אימיגראַנט.
(אַש : דער גרוס; ראַבאָי : ווייסע הענט.) [אַש : קיין אַמעריקע, קאַפּ. „אַליין אין דער פֿרעמד“, זז. 18־23, פּונקט פֿאַר דעם אויסצוג „דער גרוס“; רייזען : גריגע; ראַבאָי : אַ פֿאַרשעמטער — אין 2טן טייל; קאַפּיטלעך פֿון אַשס: די מוטער.]

51. דער שטאָט־אַרבעטער און דער דאָרפֿס־אַרבעטער.
(ראַבאָי : אויף ערד) [אויסצוגן פֿון ראַבאָי : דער פּאַס פֿון ים, און פֿון : הער גאָלדנבאַרג.]

52. די יוניאָן אין קאַמף פֿאַרן אַר־בעטער.
[אַש : דער סטרייק פֿון די קוז־מינער לאַנדסלייט — אין 2טן טייל; ליבין : ווען דער פּאַפּאַ סטרייקט; גלאַזמאַן : דער סטרייק.]

53. דערציי̆ל וועגן אַ וויכטיקער אָרגאַ־ניזאַציע אין אייער שטאָט.

---

54. דערקלער מאַני לייבס ליד „דער פּאָעט“.
55. אַ ווינטער אָוונט אויפֿן גליטש.
56. די לעצטע טעג אין סקול.
57. אַ טאָג אויפֿן וואַסער.
58. אַ באַזוך אין אַ קונסט־מוזעאום.
59. אַ רעגן אין די בערג.
60. אַ שניי־שטורם.
61. דער שניי צעגייט.
62. די לעצטע זומער־טעג אין דאָרף.
63. אַן אויטאָמאָביל רייזע אין די בערג.
64. ווען איך בין גאָר קליין געווען.

# אַפּטײַטשונגען

## אַפּטײַטשונגען פון שווערערע ווערטער, וואָס גייען אַרײַן אין דעם בוך

### א

**אָבות** — אברהם, יצחק און יעקב, די אורפאָטערס פון אידישן פאָלק.
**אָבל** (אָוול) — אײנער וואָס טרויערט נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם.
**אַגב** — אויך, דערוויל, סײַ ווי.
**אָדם-נאַקעט** — נאַקעט ווי אָדם־הראשון.
**אַדרבא** — פאַרקערט! אין געגנטייל!
**„אָווערטײַם"** — איבער דער צײַט.
**אויטאָביאָגראַפיע** — געשיכטע פונ'ם אײגענעם לעבן.
**אויסחזרן** — אויסלערנען.
**אומוועגן** — זײַטיקע, ניט־גלײַכע וועגן.
**אָזערע** — טײַך, „לייק".
**אַחדות** — אײניקייט, פאַראײניקונג.
**אחרון של פסח** — דער לעצטער טאָג פסח.
**אי״ה״ש** (אם ירצה השם) — אַז גאָט וועט ווען.
**אײנזידלער** — קאָלאָניסט, צוגעקומענער אײנוואוינער.
**„איכה"** (ווי אַזוי?) — אַ קלאָג־ליד אויפן חורבן בית־המקדש.
**אימת מות** (אײמאַס מאָוועס) — טויט־שרעק.
**אין יוצא ואין בא** — מ'קומט ניט אַרײַן און מ'גייט ניט אַרויס.
**אינפאַנטעריע** — טייל פון דער אַרמיי, וואָס גייט צופוס.
**אַכסניא** — גאַסטהויז, אײנפאָרהויז.
**אמהות** — שרה, רבקה, רחל און לאה, די אורמוטערס פון אידישן פאָלק.
**אָנגעדרודלט** — שטאַרק אָנגעצויגן, ברוגז.
**אַנטשיידן** — פעסט באַשטימט, אַנטשלאָסן.
**אָנכי ה' אלהיך** — איך בין גאָט דײַן גאָט — די ערשטע ווערטער פון די עשרת הדברות.
**„אַסאָסיאײשאָן"** — די אָרגאַניזאַציע פון די באַלעבאַטים.
**אָפּשײ** — דרך־ארץ.
**אַרומבלאַנקען** — אַרומדרײען זיך.
**אָרון-קודש** — דער הייליקער אַלמער, אין וועלכן מ'האַלט די ספרי־תורה.
**אַרטילעריע** — די שיסער.

### ב

**„באַדערן"** — שטערן, פלאַפלען, דרײען אַ קאָפּ.
**באַהעלפער** — דעם מלמדס געהילף, ברענגט און פירט אָפּ די קינדער.
**„באַוואַביר"** — דאַמף שיף.
**באַטעמט** (באַטאַמט) — געשמאַק.
**„באַיאַרע"** — אָראַנזשן־גאָרטן.
**באַיאָנעטן** — שפּיזן.
**באין ברירה** — ווען ס'איז ניטאָ קײן אויסוואַל, אין ערגסטן פאַל.
**באַשטאַן** — אוגערקע־גאָרטן.
**„באָסעס"** — באַלעבאַטים.
**באַשר בכן** — ווײַל, אַי־וואָס...
**בבחינת** — אַלס, אין דער ראָלע פון.
**בוכינצע** — אַ קלאַפּ מיטן קולאַק.
**בולט** (בוילעט) — קלאָר, אָנזעבאַר.
**בורא** — באַשעפער, גאָט.
**בחצי חינם** — האַלב אומזיסט, ביליק.
**בטבע** — לויט נאַטור.
**בטוח** — באַגלייבט, פאַרזיכערט.
**ביטחון** — גלויבן.
**בילוער** — מיטגליד פון דער רוסישער ביל״ו (בית יעקב לכו ונלכה) גרופּע, וועלכע האָט זיך באַזעצט אין א״י אין די אַכציקער יאָרן.
**בימה** — פלאַטפאָרמע.
**בית-דין של מעלה** — דער הימלישער געריכט.
**בית-הקברות** — בית־עולם, וואו מ'באַהאַלט די מתים.
**בית-עולם** — בית הקברות.
**בית-עלמין** — בית הקברות.
**בכור** — דער עלטסטער זון.
**בכיוון** — אומיסטן.

בעבעכעס — ניט חשובע זאַכן, שמאַטעס.

בעל-גוף — שטאַרקער, דיקער מענטש, גוט־באַזיצער.

בעל-חי — לעבעדיקע (שטומע) באַשעפעניש.

בעל-פיקדון — וועמען, מען אָנפאַרטרויט עפּעס צו באַהאַלטן.

בעש״ט — בעל-שם-טוב (דער מענטש פון גוטן נאָמען) — דער פאָטער פון דער חסידישער באַוועגונג.

בעל-תפילה — חזן.

בעקעשע — לאַנגער, טייערער מלבוש.

בעת מעשה — אין דער זעלבער צייט, ווערנד.

בפירוש — קלאָר, באַשטימט.

בפרהסיה (ביפרעסיע) — עפנטלעך, ניט באַהאַלטענערהייט.

בפרט — ספּעציעל.

בקיצור — קורץ.

„בר-כוכבא״ — שפּיל וועגן דעם אידישן העלד, וועלכער האָט אָנגעפירט דעם לעצטן אומאָפּהענגיקייטס־קאַמף פון די אידן קעגן די רוימער.

בראַנד — פייער.

ברוך הבא — געבענטשט איז דער אַריינגעקומענער! ווילקאָמען!

ברוך ה׳ יום יום! — געלויבט איז גאָט (פאַר די טובות וואָס ער טוט אונז) יעדן טאָג.

בריהן (בעריען) זיך — זיך אויספיינען, באַמיען.

בר מינן — אַ טויטער קערפּער.

בשורה (בעסורע) — גוטע נייעס.

בשמים (בסאָמים) — שמעקעדיגע געווירצן.

בשעת-מעשה — אין דער זעלבער צייט; דערביי.

בשתיקה (בישטיקע) — שטילערהייט, אין געהיים.

בתמימות — אומשולדיקערהייט.

ג

גבאים — הויפּט באַאַמטע.

גביר — רייכער מענטש.

גדולה — פרייד.

גוסס — איינער, וואָס האַלט ביים אויסגיין.

גורם זיין — פאַראורזאַכן.

גזשיוועֹ — לאַנגע האָר אויפן האַלז פון פערד, לייב און אַנדערע.

גן-עדן העליון — דער הימלישער (אויבערשטער) גן־עדן.

גן-עדן התחתון — דער אונטערשטער גן־עדן — געפינט זיך, לויט דער לעגענדע, ערגעץ־וואו אויף דער ערד.

געאַכפּערט — געשעצט, פאַרהייליקט.

געדעכעניש — אָנדענק.

געהיימנישפול — סודותפול.

געזינדל — משפחה, חברה, קאָמאַנדע.

געליימט — פאַראַליזירט.

געמאַך לאָזן — צורו לאָזן.

געסטייעט — גענוג געווען.

געפלעפט — שטאַרק איבעראַשט.

געפענטעט — געבונדן.

„גרינהאָרן״ — אַן אימיגראַנט.

ד

„דאָברי דיען״ — גוטן טאָג!

דברי-תורה — תורה־ווערטער, אַ געשפּרעך וועגן תורה־ענינים, וועגן אידעלע זאַכן.

דהיינו (דעהיינע) — צום ביישפּיל.

„דזשו״ — איד.

„דיאַדיאַ״ — פעטער.

דיליזשאַנס — אַ גרויסער עפנטלאכער וואָגן.

דירה — וואוינונג.

דמיון (דימיען) — פאַנטאַזיע.

דנאָ — גרונט.

דעה (דייע) — באַשלוס, מיינונג, מאַכט.

דעליריום — צעטומלעניש, וואָס קומט פון הויכער טעמפּעראַטור.

דערווידערן — ענטפערן.

דרך-ארץ — רעספּעקט.

דרשה — אַ רעדע.
דרשנען — האַלטן אַ רעדע.

### ה

האַלעדראַנצעס — אָפּגעריסענע, אָפּ־געשליסענע.
„האַמסטעד" — שטיק לאַנד פאַר ווירט־שאַפט.
האַנטשירקע — שמאַטע.
האָרכן — הערן.
הבדלה — די תפילה, וואָס מען מאַכט שבת צו נאַכט, צו אונטערשיידן צווישן שבת און וואָך; דאָס ליכט, וואָס מען נוצט דערביי.
הזכרת-נשמות — אַ תפילה פאַר די פאַרשטאָרבענע, וואָס מ'זאָגט אין גע־ווייסע ימים־טובים.
הידד (הײדאַד) — הוראַ.
הײדן — געצנדינער.
הכנסת-אורחים — גאַסטפרײַנטלעכ־קייט; הויז וואו מ'נעמט אויף אָרע־מע פרעמדע.
הכנעה — אונטערטעניקייט.
הלוואה (האַלוואָע) — עפּעס, געווײנ־לעך געלט, וואָס מ'לייט עמיצן.
הלכות — געזעצן.
„המוציא" — אַ ברכה וואָס מען מאַכט איבערן ברויט, ווען מען וואַשט זיך צום עסן.
הנאה — פאַרגעניגן.
הנחה (האַנאָכע) — פאַרלייכטערונג, דאָס נאָכגעבן, קאָמפּראָמיס.
העוויות — פאַרקרימונג פון פּנים, גרימאַסע.
העזה — חוצפה; דאָס וואַגן.
הפקר (העפקער) — אומבאַשיצט, פריי, אָן קאָנטראָל.
הצלחה — גליק, דערפאָלג.
הר-הבית — דער באַרג מוריה, אויף וועלכן דער בית־המקדש איז געשטאַנען.
הרובע — אַ וואַנט־אויוון.
הרעבליע — אַ דאַמבע.
השגחה — אויפפאַסונג, דאָס אַכטונג געבן.
השערה — מיינונג, מעגלעכע דער־קלערונג.
התחלה — אָנהויב.
התלהבות — באַגייסטערונג.
התפעלות — התלהבות.
התראה (האַסראָע) — וואָרנונג.

### ו.

והאָ ראיה (וועהאָ ראָיע) — און אָט איז אַ באַווייז.
וואָווקעלאַך — לעגענדאַרישע חיה־רעה.
וואוט — שטאַרקער כעס.
וואָר — אמת.
וויכוח — דיסקוסיע, דיספּוט.
וויספּעס — אינזלען.
וועל — כוואַליע.
וועטשערע — אָוונט־עסן.

### ז.

זהב טהור — ריין גאָלד.
זכות — פאַרדינסט, פּריווילעגיע.
זכרונות — דעראינערונגען; וואָס מ'דערמאָנט זיך פון אַמאָליקע יאָרן.
זמרל (זעמערל) — געזאַנג.
זשופּיצע — לאַנגע קאַפּאָטע.
זשידעס — אידן (פאַראַכטונגס נאָמען).
זשמעניעס — הויפנס.
זשעברעווען — צונויפשאַרן געלט גייציק.

### ח.

חברה — אַן אָרגאַניזאַציע.
חגאות — ניט־אידישע ימים־טובים.
„חוק לישראל" — אַ ספר פון תפילות און תורה צוזאַמען.
חוץ לאָרץ — אין דער פרעמד, אין אויסלאַנד, ניט אין ארץ ישראל.
חורבה — וויסט אָרט.
חורשן, חרשן — געבן כאַבאַר.
חזרן — איבערלערנען.
חילוק — אַן אונטערשייד.
חלוקה — צדקה.
חלוקי דעות — מיינונגס אונטערשיידן.
חלשן — פאַלן אין אָנמאַכט.
חס-ושלום — זאָל גאָט אויסהיטן.

**חסד** — גוטסקייט.

**חצות** — מיטנאַכט, מיטנאַכט תפילות וועגן חורבן בית המקדש.

**חרוב** — וויסט.

**חתימה** — אונטערשריפט.

## ט.

**טאָמאַהאָק** — געווער פון צפון-אַמעריקאַנער אינדיאַנער.

**טאַראַנטאַס** — אַ שיין, באקוועם וועגל.

**טבע** — נאַטור, געוואוינהייט.

**טלית-קטן** — אַ וואָלן מלבוש מיט ציצית (וואָלענע פעדים) אין די פיר ברעגן (אַרבע כנפות).

**„טעג"** — פרייע מאָלצייטן פאַר ישיבה־בחורים אין פריוואַטע הייזער.

**טעמים** — אורזאַכן, מאָטיוון.

**טענדלער** — אויפקויפער פון אַלטע זאַכן.

**טפח** (טעפאַך) — אַ מאָס, די ברייט פון אַ האַנט.

**טרחה** (טערכע) — מי.

**טריפה** — ניט־כשר, אומגעזצלך.

**טשאַטעסווייז** — קאָמפּאַניעווייז.

**טשיקאַווע** — אומגעוויינלעך, מאָדנע.

## י.

**„יאַ"** — איך.

**יאַרום** — הויפן פון צונויפגעלייגטע קלעצער.

**יאָרצייט** — טאָג פון דערמאָנען זיך אָן אַ פאַרשטאָרבענעם.

**יודע ספר** — אַ געלערנטער, אַ קענער.

**יולדת** — אַ קימפעטאָרן, אַ פרוי, וואָס איז געלעגן געוואָרן.

**יום-כיפור טראָפן** — שטאַרקע טראָפן, וועלכע מען שמעקט אום זיך צו דערקוויקן פון תענית.

**יוצא** (יאָיצע) **זיין** — אָפּטאָן דאָס זוי־ניקע; טאָן אַ פליכט; זיך באַגני־גענען.

**יורד** — אַן אַראָפּגעקומענער גביר; איינער וואָס איז פאַראָרעמט געוואָרן.

**יחוס** — אָפּשטאַמונג; פאַמיליע שטאָלץ.

**יחסן** (יאַכסען) — איינער פון גרויסער אָפּשטאַמונג.

**יחסנען** — זיך דערנענטערן צו עמיצן, זיך פאָרשטעלן אַלס יענעמס אַ קרוב.

**יישר כוח! יישר כוחך!** — שטאַרקן זאָל זיך דיין קראַפט! אַ דאַנק.

**ילוד אשה** — אַן ערדישער, אַ שטערבלעכער מענטש.

**יניקה** — זאַפט; נוץ; איינקונפט.

**יצר-הרע** — דער בייזער גייסט, דער פאַרפירער.

**יראת-הכבוד** — גרויס דרך־ארץ.

**ירשען** — איבערנעמען, וואָס אַ געשטאָרבענער האָט געלאָזן.

**ישוב** — אַ באוואוינטער געגנט.

**ישיבה** — אַ לערן-אַנשטאַלט פאַר דערוואַקסענע אידישע בחורים.

## כ.

**כאַוואַדזשאַ** — הער (אַראַביש).

**כאור** (קאַיאָר) — גאַנץ פרי.

**כביכול** (קעוואַיאָכל) — „גליך ווי מען וואָלט געקענט אַזוי זאָגן" — רעדנדיק וועגן גאָט ווי וועגן אַ פערזאָן.

**כחול הים** — ווי דער זאַמד פון ים, זייער פיל.

**כיוון** (מיט אַ) — אוממיסטן, ספעציעל, מיט אַן אָנשטעל.

**כל זמן** — אַזוי לאַנג ווי.

**כלי-בית** — הויז־מעבל.

**כליפען** — וויינען.

**כסא-הכבוד** — גאָטס טראָן.

**כסדר** (כעסיידער) — אין אָרדנונג, איינס נאָך איינס, אַלעמאָל, באַשטענדיק.

**כרוב** — אַ מין מלאך.

**כתב** — שריפט, צעטל.

**כתב-יד** — אַ האַנטשריפט, אַ מאַנוסקריפט.

**כת-ליצנים** — אַ קאָמפּאַניע טייוואָלים.

## ל.

**לא די** — ניט גענוג וואָס . . . , ניט נאָר, איז נאָך ווייניק.

לא תרצח — זאָלסט ניט הרגענען.

לא תגנוב — זאָלסט ניט גנבענען.

לאַבוז — אַ שטיפעריש, צעלאָזן אינגל.

לאהובי אָבי — צו מיין געליבטן פאָטער.

לאַקאָטקע — געשמאַקער מאכל.

להבדיל — צו אונטערשיידן (אַן אויסדרוק געניצט ביים רעדן גלייכצייטיק פון אַ הייליקער און אַ ניט-הייליקער זאַך).

להבדיל אלף אלפי הבדלות — שטאַרק צו אונטערשיידן.

להכעים — טראָץ, טראָציק.

לועג לרש — איינער וואָס שפּאָט אָפּ פון אַן אָרעמאַן.

ליידאַק — שלעכטער, מיאוסער מענטש.

„לכה דודי" — „קום מיין פריינט", אַ פּריוטיק צו נאַכטסדיקע תפילה.

„לכו נרננה" — „קומט, לאָמיר זינגען", אַ פריוטיק צו נאַכטסדיקע תפילה.

לכתחילה (לעכאַטכילע) — צוערשט, גאָר פון אָנהויב.

לעולם ועד (לעאוילעם וואָעד) — אויף אייביק.

לעכצן — בענקען.

לעקיש — נאַר.

לץ — אַן אָפּשפּאָטער.

## מ.

מאַגאַזין — קראָם.

מאוימדיק — שרעקלעך.

מאַלאָרוסיש — קליינרוסיש.

„מאַנופעקטשורערס" — פאַבריקאַנטן, באַלעבאַטים.

מבינות — מיינונג.

מגושמדיק — ניט-איידל, גראָב, וואולגאַר.

מהיכא תיתי — זאָל זיין אַזוי, ס'איז רעכט.

מודה זיין — צוגעבן, אָנערקענען.

מוזינקע — אינגסטע טאָכטער.

מוניציפּאַליטעט — שטאָט-ראַט.

מוסרן — אויסרעדן פאַר אַ פּעלער, פאַרוואַרפן, שטראָפן.

מוסר-ספרים — ספרים פון מאָראַל.

מוצאי שבת — דאָס אַוועקגיין פונ'ם שבת, שבת צו נאַכטס.

מורה-צדק — אַ רב.

מחותנשאַפט — פאַמיליע-אָנגעהעריקייט.

מחזקות — געשעפטן, עסקים.

מחיה (מעכאַיע) זיין — דערקוויקן.

מחילה — אנטשולדיקט! זייט מוחל!

מחלל שבת זיין — טאָן אום שבת אַן אַרבעט וואָס מ'טאָר ניט.

מחמת (מאַכמעס) — ווייל.

מטמון — אַן אוצר, אַ גרויסע צאָל.

מי יודע — ווער ווייסט.

מי-שברך (מי שעבייראַך") — אַ ברכה וואָס מען מאַכט דעם, וואָס מ'האָט אים אויפגערופן צו דער תורה; סאַרקאַסטיש: אויסגעזידלט.

מילא (מיילע) — אויך רעכט.

מיישב זיין — זיך באַטראַכטן, זיך איבערדענקען.

מכח (מיקויעד) — וועגן.

מכין זיין זיך — צוגרייטן זיך.

„מכירת-יוסף" — שפּיל וועגן יוספס פאַרקויפט ווערן קיין מצרים דורך זיינע ברידער.

מכנים אורח (מאַכנים אוירעך) — אַ גאַסטפריינטלעכער.

מלאך חבלה — אַ מלאך וואָס טוט שאַדן.

מלווה — איינער וואָס לייט געלט אויף פּראָצענט.

מליצה — שיינער אויסדרוק, איבערטרייבונג.

מליץ-יושר — פאַרטיידיקער, גוטזאָגער.

ממלא זיין — דערפילן, פאַרווירקלעכן.

ממני אָביכם — פון מיר אייער פאָטער.

ממני בנך — פון מיר דיין זון.

מנין (מיניען) — צען אידן, וואָס דאַווענען צוזאַמען, אַ צענדליק.

מנורה — אַ גרויסער לייכטער.

מסכתא (מסעכטע) — באַשטימטער טייל פון גמרא.

מסרן — באשולדיקן, אָנקלאָגן, פאַרראַטן.

מעדני מלך — גוטע, געשמאַקע מאכלים פאַסיק פאַר אַ מלך.

מער — ים.

מעשה-שטן — די אַרבעט פונ׳ם ניט־גוטן, צום אומגליק, להכעיס.

מעת לעת — פיר און צוואַנציק שעה.

מפרנס זיין — שפייזן, געבן פרנסה.

מקבל פנים זיין — באגעגענען, באַגריסן.

מקבל שבת זיין — אויפנעמען דעם שבת.

מקוים ווערן — פאַרווירקלעכט ווערן.

מקדש את השם זיין — הייליקן גאָטס נאָמען דורך אָפּפערן זיך.

מקום קדוש — אַ הייליק אָרט, אַ שול.

מקח — פרייז.

משופע — קרום, אין אַ קרומער ליניע.

משכון — אַ זאַך וואָס מען גיט אַלס גאַראַנטיע פאַר אַן הלואה.

משניות — דאָס אידישע געזעץ בוך.

מתן תורה — דאָס געבן די תורה, די צייט ווען די אידן האָבן באקומען די תורה אויפן באַרג סיני.

מתנת בשר ודם — אַ מתנה פון אַ מענטשן אין דער פאָרם פון צדקה.

## נ.

נאַטשאַלסטוואָ — רעגירונגס-באַאַמטע.

נאַשפּיץ — פערד געשפּאַנט אין דער לענג.

נבהל ונשתומם — שטאַרק איבערראַשט.

נדחה — אַ יו״ט, וואָס מ׳ליגט אָפּ אויף שפּעטער.

נוהג זיין — זיך פירן, האָבן אַ געוואוינהייט.

נחלה — אייגנטום, אַ גוט, ירושה.

נחת — פאַרגעניגן.

נידערטרעכטיק — געמיין.

נייערט — נאָר.

נסיון — פּרואוואונג.

נסיעה — רייזע.

נע ונד זיין — ניט רוען, אומוואַנדערן.

נעלם ווערן — פאַרשווינדן.

## ס.

סאָד — גאָרטן.

סביבה — געגנט, קרייז.

סברות (סוואָרעס) — מיינונגען, טעאָריעס.

סדר — אָרדנונג.

סוכאַרעס — טרוקענע פלעצלעך.

סוסולקעס — אייז־צעפּלעך.

סוסים — פערד.

סורדוט — אויבער־ראָק.

סטאַרען זיך — זיך באמיען, זיך אָנשטרענגען.

סטוסאַק — אַ קלאַפּ.

סטעזשקע — שמאָלער וועג.

סטראַזשניק — פּאָליציי־מענטש.

סיכסוכים — קריגערייען, קאָנפליקטן.

סיערמענגע — אַ מלבוש פון פּראָסטן געוואַנט.

סליחות — תפילות, וואָס מ׳זאָגט די נעכט פאַר ראש-השנה און צווישן ראש־השנה און יום־כיפור.

„סלעק“ — צייט פון ווייניק אַרבעט אין פאַבריק; אַרבעטסלאָזיקייט.

„ספּיקער“ — רעדנער.

ספירה — די טעג צווישן פסח און שבועות, טרויער טעג.

סקים — גרויסע הילצערנע שניי־שיך.

## ע.

עבודה זרה — געצנדינעריי.

עברי-טייטש — אַלטער נאָמען פאַר דער אידישער שפּראַך.

עד היום — ביזן הייננטיקן טאָג.

עד לחשבון — ביז צום חשבון, דערווייל.

עובדא — פאַקט.

„עוויוואַ“ — לאַנג לעבן זאָל.

עוולה — אומרעכט.

עול — אַ יאָך, אַ פליכט.

עולה לתורה זיין — אויפגערופן ווערן צו דער תורה; קריגן אַן עליה.

**עושר** — גביר, רייכער מענטש.
**עטאַזש** — שטאָק, גאָרן.
**עטאַזשערקע** — אָפּענע פּאָליצע, אָפּע־נע שאַפּע.
**עין-הרע** — אַ גוט־אויג.
**עליה** (אַליע) — דאָס אויפרופן איינעם צו דער תורה — אַ כבוד; קיין ארץ ישראל: — דאָס פאָרן פון אַ גרופּע פּיאָנערן אין לאַנד אַריין.
**עלעהיי** — גלייך ווי.
**עלעווייטעד** — אויבערבאַן.
**על-פּי-דין** — לויטן געזעץ.
**עמוד** — בלאַט גמרא; דאָס פּלאַץ, וואו דער חזן שטייט אין שול.
**עמק** — טאָל (עמק יזרעאל אין ארץ ישראל).
**ענויים קשים** — שווערעליידן, שטאַר־קע מאַטערניש.
**עני ואביון** — גרויסער אָרעמאַן.
**עניוות** — דאָס קליין־האַלטן זיך, דער היפּוך פון שטאָלץ.
„**עקדת יצחק**“ — שפּיל וועגן אברהם אָבינוס גרויטקייט מקריב צו זיין זיין זון יצחק אויס געטרייקייט צו גאָט.
**עקדיש** — אַ מין שלאַנג.
**עשירות** — רייכטום.

## פּ.

**פּאַגאָנעס** — עפּאָלעטן.
**פּאַזע** — לעבן.
**פּאָטילניצע** — הינטערשטער טייל פון קאָפּ.
**פּאָטראַוועס** — געשמאַקע עסנס.
**פּאַטריאַרכן** — אָבות.
**פּאָליש** — פּאָדער־הויז פון שול.
**פּאָסטאַליאָן** — פּאָסט־טרעגער.
**פּאָסילקע** — איבערגעשיקט פּעקל.
**פּוסקים** — געזעץ־ביכער.
**פּועל** — אַן אַרבעטער, אַ לערן־אינגל ביי אַן אַרבעטער.
**פּזמון** — אַ רעליגיעז געזאַנג אָדער לויב־געבונג.
**פּטירה** — טויט.
**פּיסק** — צוויטשערן.
**פּיעשטשען** — פּאַרציען, זייער צאַרט באַהאַנדלען.
**פּיפּערנאָער** — מין שלאַנג, חיה־רעה.
**פּיקדון** (פּיקאָדן) — אַ זאַך, וואָס מ׳גיט איבער עמיצן צו היטן.
„**פּיקעטן**“ — וואַכן ביי אַ פאַבריק אין צייט פון אַ סטרייק, מען זאָל דאָרט ניט אַרבעטן.
**פּלודערן** — הויזן.
**פּמליה** (פּאַמעליע) — דאָס הימלישע געריכט.
**פּסאַלמען** — תהילים.
**פּסקנען** — ארויסגעבן אַן אורטייל.
**פּרדה** (פּרוידע) — מוילאייזל.
**פּרוטקעלע** — דין, בויגיק שטעקעלע.
**פּרחי-כהונה** — די יונגע כוהנים.
**פּריזבע** — זיץ־פּלאַץ פון ערד אָדער פון ליים ארום אַ הויז.
**פּריקאַזטשיק** — קאָמי, אָנגעשטעלטער אין אַ קראָם.
**פּרשה** — טייל פון אַ קאַפּיטל פון חומש.
(אַ) **פּשיטא** — געווים, אַ צווייפל.

## פֿ.

**פֿאַלאַך** — אַן אַראַבישער פּויער.
**פֿאַסאָן** — מאָדע, סטיל.
**פֿאַעטאָנדל** — שיין וועגעלע.
**פֿאַרהאַוועט** — שטאַרק פֿאַרנומען, צע־טומלט.
**פֿאַרזשמורעווען** — האַלב צומאַכן די אויגן.
**פֿאַרפּוטעט** — פֿאַרדרייט, פֿארפּלאָנ־טערט.
**פֿאָרטקע** — טירל.
„**פֿאָרלייט**“ — הויפּט־אָנגעשטעלטע אין אַ פֿאַבריק.
„**פֿיסנאָהע**“ — קאַלב־פֿוס פֿון וועלכן מען מאַכט אַ מין מאכל.
**פֿירערל** — פֿיר גראָשן.
**פֿליסטער** — געמורמל.
**פֿריזירער** — שערער, „באַרבער“.

## צ.

**צונטעֶרדיק** — שטאַרק רויט.
**צעבוימן** — צעטרייסלען.
**צעפּלאָשע** — שטאַרק שנעל געלאָפֿן.

## ק.

**קאַטאָרגע** — שווערע אַרבעט אַלס שטראָף פֿאַר פֿאַרברעכער.
**קאַטערזשאַן** — איינער פֿאַרמשפּט צו קאַטאָרגע; רוצח.
**קאַטערינאַזש** — איינער, וועלכער קלייבט נדבות דורך שפּילן אויף אַ קאַטערינקע (שפּילקעסטל).
**קאַיוטע** — צימער אויף אַ שיף.
**קאַלאַמוטנע** — אומאַנגענעם, נישט־ריין.
**קאַליזשע** — זומפּ.
**קאָלערן זיך** — זיך קייקלען.
**קאָמאַנדע** — חברה (אין אַשם: קיין אַמעריקע: מאירס עלטערע איגגלעד.)
**קאַמעראַד** — חבר.
**קאַנטאָר** — ביוראָ, אָפּיס.
**קאָנישינע** — דער דריי־בלאַט.
**קאַסריליקעס** — אָרעמעלייט.
**קאָרזשעל** — דאָס זיץ־אָרט פֿונ׳ם בעל־עגלה.
**קבוצה** — אַ גרופּע אַרבעטער, אין ארץ ישראל, וואָס לעבט צווישן זיך גע־מיינשאַפֿטלעך.
**קבלה** — מיסטישע לערע.
**קבלת פּנים** — באַגעגעניש, אויפֿנאַם.
**קברות איד** — אַ איד, וואָס איז אָנ־געשטעלט צו גראָבן קברים, אָדער אַב־טונג צו געבן אויפֿן בית־עולם.
**„קדוש“** — „הייליק“ — תפילה וועגן דער הייליקייט פֿון גאָט.
**קדשי קדשים** — דער הייליקסטער צימער פֿון בית־המקדש.
**קונדס** — שטיפער.
**קורח** — רייכער, אָנגעזעענער מענטש אין דער צייט פֿון משה רבנו, איז איינגעזונקען געוואָרן אין דער ערד.
**„קטאָ יאַ?“** — ווער איך?
**קטורת** — ווייגרויך.
**קיטל** — ווייסער לייוונטענער בגד.
**קימפּעטאָרן** — פֿרוי, וועלכע גייט צו קינד, יולדת.
**קלאַדאָווע** — אַ געבוישער אַלמער.
**קלעקן** — גענוגענען.
**קעלניע** — זיץ־אָרט פֿון בעל־עגלה.
**קעסט** — דאָס אויסהאַלטן אַ יונג פּאָר־פֿאָלק נאָך דער חתונה.
**קרופּניק** — זופּ פֿון רעטשענע גרויפּן.
**קריאת שמע** — דאָס לייענען „שמע ישראל“, אַ תפילה.
**קריזש** — רזקן.
**קריעה** — ריס אין די קליידער אַלס צייכן פֿון טרויער.
**קרעטשמע** — דאָרפֿיש איינפֿאָר־הויז, שענק.

## ר.

**ראש וראשון** — דער סאַמע עלטסטער, דער אָנגעזעענסטער.
**„ראשית באָתי להודיעך שאני בריא וקים“** — ערשטנס קום איך דיר מעלדן, אַז איך בין געזונט און שטאַרק.
**רבותי** — מיינע הערן, הערט נאָר.
**ריבונו של עולם** — האַר פֿון דער וועלט, גאָט.
**רשות**—אויפֿזיכט, רעכט, דערלויבעניש.
**רשות הרבים** — אַן עפֿנטלעכער פּלאַץ.
**רש״י** — ר׳ שלמה יצחקי — דער מחבר פֿון אַ פּירוש אויף תנ״ך און גמרא. דער פּירוש.
**רשימה** — צעטל, ליסט.

## ש.

**שאו ידיכם** (סעאו יעדייכעם) — הייבט אויף די הענט (ערשטע ווערטער פֿון אַ ברכה ביים וואַשן זיך צום עסן).
**שאלה** — אַ פֿראַגע — וועגן דין.
**שאַפּאַרעס** — אָנגעשטעלטע אין אַ וואַלד.
**„שאַראַפּ“** — שווייג, האַלט ס׳מויל.
**שבעה זיצן** — זיצן זיבן טעג אין טרויער נאָך אַ פֿאַרשטאָרבענעם.

**שבת-נחמו** — דער שבת נאָך תשעה־באָב, ווען מען לייענט אַלס הפטורה אַ טרייסט קאַפּיטל פון ישעיה: נחמו, נחמו עמי.
**שהיות** (שיעס) — מאַכן שהיות — זיין זייער לאַנגזאַם.
**שופט** — ריכטער.
**שור-הבר** — לעגענדאַרישער אָקס, — שפּייז פאַר די צדיקים, ווען משיח וועט קומען.
**שורש** — וואָרצל, אורשפּרונג, קוואַל.
**שושן-פורים** — דער ערשטער טאָג נאָך פורים, אַ האַלבער יו"ט.
**שושנת-יעקב** — די בלום פון יעקב, אַ פּורים געזאַנג.
**שטח** (שעטאַך) — שטרעקע.
**„שטעט"** — זיץ־פּלעצער אין שול.
**שייך** (שאַייעך) — וואָס איז שייך? — וואָס איז דאָ צו רעדן, וואָס הייסט?
**שייכות** — פאַרבינדונג, באַציאונג.
**שימער** — גלאַנץ.
**שירה** — געזאַנג; ליבּ־געזאַנג פון די מלאָכים.
**שכירות** (סכירעס) — געהאַלט, לוין.
**שלאַף** — שוואַך.
**שלוחים** — געשיקטע.
**שלומער** — דרימל, לייכטער שלאָף.
**שלח-מנות** (שאַלעך מאָנעס) — מתנות, וואָס מען שיקט זיך אום פּורים.
**שליחות** — אויפגאַבע, גאַנג.
**שליח-ציבור** — דער פאַרטרעטער פון דער געמיינדע, אַ חזן.
**שליטה** — הערשאַפט.
**שלשלת** (שאַלשעלעס) — אַ געוויסער געדרייטער טאָן ביים לייענען דעם חומש; אַ דריי.
**שם-דבר** — אַ בארימטע זאַך, אַ באַ־רימטקייט.
**שמדן זיך** — בייטן דעם גלויבן.
**שמען** — האָבן אַ גוטן נאָמען.
**שנאַפּן** — שפּאַצירן, אָנשמעקן.

**ש"ס** — ששה סדרים — די זעקס אָפּ־טיילונגען פון תלמוד.
**שערענגע** — שורה.
**שפּאַקולן** — ברילן.
**שפּענצער** — קורץ רעקל.
**שקר** — ליגן.
**שרף** (סאָראָף) — ברענענדיקער מלאך.
**שררה** (סראָרע) — האַר, פּרינץ.
**ששת ימי בראשית** — די זעקס ער־שטע טעג פון דער באַשאַפונג פון דער וועלט.

## ת.

**תהום** — אָפּגרונט.
**תוך כדי דיבור** — ווי נאָר אויסגע־רעדט, גלייך, אויגנבליקלעך.
**תוספות** — „צולאָגן" — איינער פון די הויפּט קאָמענטאַרן אויפן תלמוד.
**תחילת** — אָנהויב, צוערשט.
**תחינה** — ווייבערשע תפילות.
**תחית המתים** — דאָס לעבעדיק ווערן פון די טויטע, ווען משיח וועט קומען.
**תחנונים** — צודרינגלעכער בעטן.
**תיכף** (טייקעף) — באַלד.
**תכלית** — פּראַקטיש, ציל, צוועק, פּראַק־טישער רעזולטאַט.
**תכריכים** — טויטנקליידער.
**תל** — וויסט (אַ תל מאַכן).
**תליה** — אַ הילצערנער געשטעל, אויף וועלכן מ'הענגט פאַרברעכער.
**תמעוואַטע** — נאַריש.
**תנא** — גרויסער געלערנטער, פון די וואָס האָבן געשאַפן די משנה.
**תנועות** — באַוועגונגען, גרימאַסן.
**תענוג** — פאַרגעניגן.
**תענית** — אַ פאַסט־טאָג.
**תפיסה** — געפענגעניש.
**ת"ק** — 500.
**תרעומות** — טענות, פאַראיבל.
**תשובה** — ענטפער.
**תתקע"ד** — 974.